# I

— וואָס איז דאָס, הער לאָנמאַר — איר לייגט די זשאַ־
בעס אין די טאַשן אַריין? פּע, סאַר אַן עקל!

— צוריקקערנדיק זיך אַהיים, פרײַלין עלען, שלאָג איך
צו די זשאַבע אויף אַ ברעטל, אַנטבלייז איר דאָס גראַשל און
מיט אַ זייער דינעם צווענגל צערײַס איך דעם דאָזיקן אָרגאַן.

— סאַר אַ גרויל! ס'טוט דאָך איר אָבער ווי, אייער
זשאַבע!

— ווינטערצייט טוט איר, נישט אַזוי שטאַרק ווי, נאָר
זומער ליידט זי דערפון שטאַרק. אויב דאָס גראַשל איז, צוליב
אַ אינערלעכער דערשיטערונג, אָנגעצונדן, ווערן די יסורים
אָנגעשטרענגט און דאָס האַרץ הערט אויף צו קלאַפּן.

— צו וואָס זשע פּײַניקט איר אַזױ די אָרעמע באַשעפע־
נישן.

— כדי אויפצובויען מיין עקספּערימענטאַלע טעאָריע פון
יסורים. כ'וועל באַווײַזן, אַז די סטאָיקער האָבן גערעדט נאַריש־
קייטן, און אַז זענאָן איז געווען אַ טיפּש איר ווייסט נישט
פרײַלין עלען, ווער דערדאָזיקער זענאָן איז געווען? גאַנץ גוט,
וואָס איר ווייסט נישט. ער האָט אָפּגעלייקנט די עמפּינדונג.
איר וועט באַקומען וועגן די סטאָיקער אַ גענויע און גענוגנדיקע
פאָרשטעלונג, ווען כ'וועל אייך זאָגן, אַז דאָס זענען געווען
משוגעים, וואָס די לעבנסלוסטיגקייט איז זיי געווען לחלוטין
פרעמד; דאָס זענען געווען מענטשן, וועלכע פלעגן אומגעלום־

פערט מאַכן אַן אָנשטעל, אַז זיי באַציען זיך צו ליידן מיט אַ פאַראַכטונג. ווען איינער פון דידאָזיקע געלערטע טעמפּע ברוּ-אים וואָלט אַרונטערגעפאַלן אונטער מיינע צווענגעלעך, אין אַ מעמד פון מיין זשאַביע, וואָלט ער שוין געזען באַשיינפּעלעך, צו מ׳קאָן יסורים באַזײַטיקן דורך אַ ווילן-אַקט, אָבער נישט איבעריקנס, איז די פעיקייט צו פילן וויטאָק זייער נוצלעך פאַר די חיות.

— איר מאַכט שפּאַס! וואסער נוצן קאן זיין פון סורים?

— דאס איז נייטיק, פריילין עלען. דאס איז אַ רעטונגס פּרינציפּ אין ארגאַניזם. ווען דאס פייער, למשל, וואלט פון זיין ערשטער באַרירונג פונם ארגאַניזם, אונדז נישט פאַרשאַפט קיין אומדעטערגלעכע צערייצונג, וואלטן מיר אַלע געווען אויס געבראַטן אַזש ביז די ביינער אַליין דאס נישט באַמערקנדיק.

ער האט אויף איר אַ קוק געטאן.

— אין יסורים איז אויך פאַראַן אַ שיינקייט, — האט ער צוגעגעבן. — רישע האט געזאגט: „צווישן דעם פאַרנונפט און יסורים איז פאַראַן אַזאַ ענגער צוזאַמענהאַנג, אַז די קלוגסטע באַשעפענישן זענען, יענע וועלכע זענען צומערסטן פעיק צו ליידן".

— און איר, נאַטירלעך, האַלט זיך, אַז איר קאנט ליידן מער פון אַלע. כ׳וואלט אייך געגרן געבעטן מיר צו דערציילן וועגן אייערע ליידן, נאר כ׳האב מורא צו זיין אומבאַשיידן.

— כ׳האב אייך שוין געזאגט, פריילין עלען, זענאן איז געווען אַ נאַר. ביי שטאַרקע יסורים וואלט איך געשריען. וואס אַנבאַלאַנגט אייך, איז אייער ארגאַניזם אַ צארטער, די נערוון אייערע. זענען אמתע עמפינדלעכע סטרונעס און איר שטעלט מיט זיך פאר פאר יסורים אַ קלינגענדיקן אינסטרומענט, אַ פּיאַנע אויף אַכט אקטאַוועס, אויף וועלכן די ליידן, די יסורים וועלן קאנען שפּילן, ווען זיי וועט זיך וועלן, די קינציקסטע און די רייכסטע וואַריאַציעס.

— מיט אַנדערע ווערטער הייסט עס, אַז איך וועל זיין

זייער אומגליקלעך. איר זענט אַן אומדערטראַגלעכער מענטש. קיין מאָל ווייסט מען נישט, צי איר רעדט ערנסט, אָדער איר מאַכט חוזק. און געדאַנקען האָט איר אַזעלכע אומגעווייִנטלעכע וואָס פון דעם קנאַפּן, וואָס איך פאַרשטיי פון זיי, גייט ביי מיר דער קאָפּ האַדאַראַם, ענטפערט מיר אָבער, ווי עס געהער צו זיין און זייט איין מאָל אין לעבן פּאַרגונפטיק, אויב איר קאָנט נאָר: צי איז טאַקע אמת, אַז איר פאַרלאָזט אונדז און פאָרט אַוועק אַזוי ווייט?

— יאָ, פריילין עלען; איך האָב געזאָגט וואָל-דע-גראַסן דעם לעצטן זיי געזונט. כ׳וועל דאָרט מער שוין נישט טרינקען קיין לימאָנאַד. לויט מיין בקשה, וואָס איך האָב איינגעגעבן, האָט מען מיך פאַרעכנט פאַר נישט קיין עטאַטאָוון באַאַמטן און אויף דורכצומאַכן מיין סטאַזש פאָר איך אַוועק קיין קאָבּינכינע. דעמדאָזיקן באַשלוס, ווי יעדן אַנדערן באַשלוס, האָב איך אָנגענומען נאָך אַ גוטן ישוב הדעת... איר שמייכלט, פריילין עלען? איר האַלט מיך פאַר אַ לייכטזיניקן מענטשן. נאָר הערט אויס מיינע אַרגומענטן: קודם-כּל ראַטעווע איך זיך אַ דאַנק דעם, פון סטרוזשקעס, דינסטן און בעל-הביתטעס, טראַק טיר-דינער, שניידערס און פון די איבעריקע פאַרביסענע שונאים פון מיין היימיש גליק. כ׳וויל מער נישט זען, ווי עס עס שמייכלען צו מיר די דינער אין די קאַפע-הייזער. צי האָט איר, פריילין עלען, באַמערקט, אַז די דינער אין די קאַפע-הייזער זענען אַלע אויפן זעלבן אופן געקריינט מיט פרעכטיקע שאַרבנס? דאָס איז אַ פרוכטבאַרע באַאָבאַכטונג.

נאָר ס׳איז איבעריק צו אַנטוויקלען פאַר אייך טעאָריעס, וועלכע דידאַזיקע באַאָבאַכטונג גיט מיר אָן. כ׳וועל ווייטער נישט זען מער דעם בולוואַר סען-מישעל. אין שאַנכאַי, וועל איך געפינען פסטעאַלאַגישע דענקמאַלער, וואָס אויפן סמך פון זיי וועל איך פאַרענדיקן מיין אַרבעט וועגן דעם בוי פון די ציין ביי די געלע ראַסן. שליסלעך, וועל איך פאַרלירן יענע צערע, וועלכע זאָגט, לויט אייערע ווערטער, עדות וועגן אַ געזונט, וואָס שלאָגט ממש מיט חוצפה, און וועל אננעמען אַ

מער אינטערעסאַנטן אויסזען פון אַ ציטרין, וואס דערלעבט זיינע לעצטע טעג, אין מיין לעבער וועלן פארקומען קאמ־פליצירטע אומארדנונגען, וועלכע וועלן ביי מיר אַרויסרופן אַ לעבהאַפטע נייגעריקייט! כ'מיין, אַז איר וועט מיט מיר מסכים זיין, אַז צוליב דעם אַלעם איז כדאי צו מאַכן אַזאַ רייזע.

רענע לאַנמאַר, דער פּולקאַווע־דאקטאר פון דער ערשטער קלאַס, האט געהאַלטן דידאַזיקע רעדע אין גארטן, וואס האט אַרומגערינגלט אַ הייזל פון יענער זייט שטאט. פאַר זיך האט ער געזען נישט קיין גרויסע לאַנקע, אַ קליינע סאַדזשעווקע מיט אַ קינסטלעכער גראט, אַ יהודה־בוים, קוסטעס פון אַ שאַרפ־בלאַט אין דער לענג פון די גראטן, און ווייטער פון יענער זייט גראַטן האט ער געזען אין דער ווייטן אַ שיינעם טאל, די סענע, וועלכע האט זיך געשלענגלט פון דער לינקער זייט, צווישן בלאַס־גרינע ברעגעס, איבערגעשניטן פון רעכטס דורך דער ווייסער ליניע פון וויאַדוקט, וועלכע איז פאַרשווונדן געווארן אינמיטן דער מענגע דעכער, גלאָקן־טורעמס און קופּאָלן, וועלכע רופט זיך פּאַריז. דער שיין, וואָס פאַלט אין דער ווייטקייט, וועלכע איז דורכ־גענומען מיט שטויב, אויפן באַגילדטן קופּאָל פונם אינוואַלידן־הויז, האָט זיך אָפּגעשפיגלט אין פאָרם פון שטראַלן. ס'איז געווען אַ בלאָער און היציקער יולי־טאָג; עטלעכע ווייסע וואלקנס זענען אומבאַוועגלעך געשטאַנען אין הימל.

דאס מיידל, מיט וועלכער רענע לאַנמאַר האט געפירט דעם געשפּרעך און וועלכע איז געזעסן אויף אַן אייזערנער קושעסלע, האט אויפגעהויבן אויפן פּאלקאווע דאקטאר אירע גרויסע, קלארע אויגן און איז שטיל געבליבן מיט אַן אויסדרוק פון עפּעס אַ אומזיכערקייט און אומעט אויף די ליפּן. עפּעס פּראַסטיקס האט זיך דורכגעלייכט אין אירע אויגן פון אַ אומבאַשטימטן ניואַנץ און זיי זענען געווען אַזוי באלאדן מיט אויסגעמאַטערטקייט, אַז זיי האבן צוגעגעבן דעם גאַנצן פּנים, וואס זיי האבן באַשיינט, אַ מאדנעם אויסדרוק פון תאוה, נישט קוקנדיק אויף דער גלייכער פארעם פון דער נאז און אַביסל

איינגעפאַלענע באַקן. דער איינפארמיק בלאַסער טאָן פון איר פנים האט געגעבן די פרויען אַ באַוועגגרונד זי צו האַלטן פאַר אַ „קאלירלאז מיידל" און אַזוי זי אָנצורופן. אַ צופיל גרויס, אַביסל הייך מויל אירס האט עדות געזאגט וועגן אַ גוטן און לייכטזיניקן כאַראַקטער.

רענע לאנמאַר האט, מיט אנשטרענגונגען פארגעזעצט זיינע עקלהאַפטע וויצן אין שפּאַסן.

— ניין! — האט ער געזאגט — כ'מוז זיך פאַר אייך מודה זיין, פריילין עלען: פאַרלאזנדיק פריינקרייך, ראַטעווע איך זיך דורך אַנטלויפן פון מיין שוסטער. כ'קאָן שוין מער נישט אַריבערטראגן זיין דייטשן אַקצענט.

זי האט אים נאך אַמאל געפרעגט, צי ס'איז אמת, אַז ער פארט אוועק. דאַן האט ער פלוצלינג אויפגעהערט צו שמייכלען.

— כ'פאר מארגן, — האט ער געזאגט, — זיבן פינף און פופציק, אין דעם 26־טן זעץ איך זיך איין אין טולאָן אויפן שיף „מאַדזשענט".

פון הויז האט זיך דערטראגן אַ קלאַפּעריי פון די ביליאַרד־קוגלען, און אַ ברודיקע שטים האט אויסגעשריגן:

מיטן זיבעטן אין פערצנטן!

ער האט אַ שנעלן בליק אַ ווארף געטאן דורך דער גלעזערנער טיר אויף די שפּילער, אנגעכמורעט די ברעמען, זיך פלוצלינג אַ בייג געטאָן פאַרן מיידל און איז שנעל אַוועק מיט אַ פאַרקריפּ פנים אין אויגן, פול מיט טרערן.

פאַרן מיידל האט אויף אַ רגע אַ שימער געטאַן זיין פּראָפיל, אויבן ביי די קוסטעס, פון יענער זייט אייזענע שטאַנגען פונם פאַרקן. זי האט זיך אויפגעהויבן, איז צוגעלאפן צו די גראַטעס, האט צוגעקוועטשט צום מויל דאס טיכל, פונקט ווי זי וואלט דערשטיקט אין זיך אַ געשריי, דערנאך, דעצידירנדיק זיך, ענדלעך, האט זי אויסגעשטרעקט די הענט און אַ רוף געטאן מיט אַ צוגעדעמפּטער שטים:

— רענע!

די הענט האבן זיך ביי איר אַראפּגעלאזט: ס'איז שוין געווען צו שפּעט, ער האט נישט געהערט, ווי זי רופט אים.

זי האט זיך צוגעשפּאַרט מיטן שטערן צום אייזערנעם שטאַנג, די אַראָפּגעפאַלענע געזיכטס-שטריכן, אַן אויסדרוק פון פאַר צווייפלונג אין איר גאַנצער פּאזע האבן עדות געזאָגט וועגן זייער אַ שווערן פאַרלוסט.

די ברומדיקע שטים, וועלכע האט זיך געטראגן פון הויז, האט אַ געשריי געטאָן:

— עלען מאַדערע!

דאס האט גערופן זיין טאַכטער הער פעלער דע סיסאַק. ער האט זיך אויסגעצויגן אין זיין גאַנצן, נישט גרויסן, וווקס, פאַר דעם ברעט ווו ס'פלעגן פאַרצייכנט ווערן מיט הילצערנע רינגען אויף דראטן, וויפיל יעדער שפילער האט געמאַכט „אויגן" מיט אַ פּרעכטיקן זשעסט האט ער אנגעריבן מיט קרייט דעם עק פונם קי. זיינע אויגן האבן זיך געפינקלט אונטער די ברעמען, וואס זענען געוואקסן ווי זייער געדיכטע קוסטעס, ער האט געהאַט אַ מונטערן אויסזען, הגם אין שפּיל איז אים נישט געגאַנגען: ער האט פיל פאַרשפּילט.

— הער העווילענד — האט ער זיך געווענדט צו זיין גאַסט — כ'וויל דורכויס, אַז מיין טאַכטער זאל אייך מיט אירע אייגענע הענט דערלאַנגען מאַדיירע-וויין. וואס קאן מען טאָן! איך האַלט פון די אַלטע און ביבלישע מנהגים. אייך אַלס מענטשן, וואס איז געבוירן געווארן אין אויסגעוואַקסן אויף אַ אינזל, האַלט איך פאַר אַ גוטן מבין אויף וויין בכלל און אויף מאַדיירע בפרט. פאַרזוכט דידאָזיקע מאַדיירע כ'בעט אייך.

הער העווילענד האט טריב אנגעשטעלט זיינע אויגן אויף עלענען און שווייגנדיק אַ נעם געטאן דאס קעלישקל, וועלכן זי האט אים דערלאַנגט אויף אַ לאַקיר-טאַץ.

דאס איז געווען אַ לאַנגער מענטש מיט לאַנגע ציין און

פּיס, אַ רויטער, אַ פליכצוואַטער, מיט אַן אַנצוג אין קראַטן, מיט אַ בינאקל אויף אַ רימן, אנגעטאן אויף די פּלייצעס.

עלען איז פאַרשוואונדן געווארן זי האט אַן אומרויקן קוק געטאן אויף איר פאטער. איר איז געווען דערווידער זיין שווער וואָגיקע ליבנסווירדיקייט. מיט אַן אויסרייד, אַז זי פילט זיך עפּעס נישט מיט אַלעמען, האט זי געבעטן אַנטשולדיקונג, וואס זי וועט נישט קומען צום מיטאק.

אין עסצימער, וואָס איז געווען געמאָלט ווי אַ קאַפּעהויז אויפן בולוואַר, האָט הער פּעלער דע סיסאַק אָנגעגאָסן די קעלישקלעך, צעשניטן דעם בראָטן, אָנגעפילט די טעלער מיט אַ גרויסן גערויש. „ער האָט געשריען:

„איי, אַ לאַפּעטקע פאַר פּיש; בעת די לאַפּעטקע איז געלעגן אויפן טיש, פאַר זיינע אויגן. ער האָט פּרובירט דעם שאַרף פונם מעסער, צי עס איז גענוג שאַרף מיט אַ ערנסטקייט פון אַ קונצן-מאַכער אויף אַ יריד און האָט זייער הויך פאַרשטעקט די סאלפעטקע אין וועסט אַריין ער האָט געלויבט זיין ווין און אָנגעהויבן ריידן וועגן זיסן סיראַקוזן ווין נאָך לאַנג איידער ער האָט דאָס פלעשל אויפגעפּראָפּט.

דער גערטנער, וועלכן ער האָט געדונגען אויף אַ יאָר, האָט דערלאַנגט צום טיש מיט אַ לעכערלעכן און כמורנעם אויסזען. דאָס איז געווען אַ טיפּ פון אַ פויער וואָס איז געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן נעבן אַ שטאָדט. ער פלעגט אויף די באַמערקונגען, וואָס דער בעל-הבית פלעגט אים מאַכן, אָפּענטפערן מיט פעסטע ווערטלעך, וועלכע יענער האָט זיך געמאַכט, ווי ער הערט זיי נישט.

הער העווילענד, ביי וועלכן דאָס בלוט האָט אַ זעץ געטאָן אין פּנים, האָט פיל געגעסן, איז שטאַרק רויט געוואָרן, געווען מעלאַנכאָליטש און האָט גאָר נישט גערעדט. הער פּעלער דער סיסאַק, דערקלערנדיק, אַז ער וועט נישט ריידן וועגן געשעפטן, האָט זיך כמעט באַלד גענומען דערציילן וועגן זיינע הויפּט-אָפּעראַציעס

ער איז געווען אַ געשעפטס-מעקלער אין זיין קליענטור

איז באשטאַנען פון הויזבאַזיצער און סוחרים, וועלכע האָבן געליטן פון עקספּראָפּראַציע. דאָס דורכפירן ברייטע גאַסן און בולוואַרן, וועלכע הער האוסמאַן האָט אַזוי לייכט דורכגעפירט, האָט אים געשאַפן פיל עסקים.

ס'איז אויסגעקומען צו טראַכטן, אַז ער האָט אין משך פון אַ קורצער צייט פאַרדינט פיל געלט, ווייל (דאָס האָט ער נישט דערציילט) מ'האָט אים פריער אַ לאַנגע צייט געזען, מיט אַ טעקע אונטער די אָרעמס, זיך אַרומדרייענדיק מיט שיק און לאַטעס אין דער סביבה פון דער גאַס ראַמבּיוטאַ. דאָרט טאַקע אין דער טיפקייט פון אַ הויף, פלעגט ער געבן אוידיענצן געוויסע קרעמער, וואָס האָבן געמאַכט פּליטה. ער האָט אין דעם דאָזיקן נישט געזונטן לאָקאַל באַקומען אויפגעבלאָזענע וועלכנ-דיקע באַקן, וועלכע האָבן פון דעמאָלט אָן נישט אויפגעהערט אַראָפּצוהענגען פון ביידע זייטן פּנים.

אויף אַ מעשן ברעטל, וואָס איז געווען צוגעשרויפט צו דער טיר איז געווען אָנגעוויזן זיין פאַמיליע „פּעלער" און אין קלאַמערן האָבן די ווערטער „דע סיסאַק" אָנגעוויזן זיין, אָפּ-שטאַמונג.

## פּעלער, (דע סיסאַק).

אויפן נייעם ברעטל, אויף דער טיר פון דער נייער וווינונג, וואָס איז געווען צוגעשלאָגן נאָך דעם, ווי ער האָט גענומען דאָס דריטע מאָל אַ דירה, זענען שוין די קלאַמערן נישט געווען נאָכן וואָרט פּעלער און קיין זאַך איז נישט געשטאַנען אָוועקגעשטעלט אויף זייער אָרט:

## פּעלער, דע סיסאַק.

אַציגד איז שוין קיין שום ברעטל נישט פאַראַן אויף דער טיר פונם געשעפטס-מעקלער, וועלכער האָט שוין איצט גענומען אין שטאָט אַ דירה מיט שפּיגלען אויפן ערשטן

שטאק. אין איינעם פון די הייזער אויף דער גאַס ניו-דע-פּטי-
שאַן. ער האָט זיך אויך אויסגעבויט אַ הויז הינטער דער שטאט אין
מעדאַן. הער פּעלער שטאַמט פון סיסאַק, נישט ווייט פון סען
מאַמע-לאַ-סאַלוועטאַ, אין דערפּאַרטאַסענט קאנטאל, ווו זיין ברו-
דער אַדבעט נאָך עד-היום אַלס מילנער.

באַלד נאָכדעם ווי ער האָט זיך דערוווסט, אַז אַ טייל
פון דער געביידע ביט-דע-מולען איז באַשטימט געוואָרן אַראָפּ-
צונעמען, כדי אָפּצוברייטערן דעם פּלאַץ פאַרן פראַנצויזישן טעאַ-
טער, האָט הער פּעלער דע סיסאַק פאַ נאַנדערגעשיקט קאַרטלעך,
אַנאָנסן, צירקולאַרן און איז אַליין אַוועק מאַכן וויזיטן די
אייגנטימער אין די הויפּט אַרענדאַטאָרס פון די געביידעס,
וועלכע ס'איז באַשלאָסן געוואָרן אַראָפּצונעמען.

מאַכנדיק אַזאַ „טורנע”, ווי ער פלעגט זיך אויסדריקן,
האָט ער אויך באַזוכט, אין האָטעל מעריס, דעם הער העווי-
לענד, וועלכער האָט געהאַט אַ גרויס הויז ביי ביט-דע-
מולען, נישט ווייט פון טעאַטער. דאָסדאָזיקע הויז האָט געהערט
צו העווילענדס פאָטער, זיידעס און עלטער-זיידעס שוין זייט אַ צווי-
הונדערט יאָר.

דעם באַנקיר דזשאָן העווילענד האָט אינם דאָזיקן הויז
אין יאָר 1789 געעפנט זיין ביוראָ. ער האָט צוגעשטעלט צום
רשות פונם אָרלעאַנער הערצאָג באַדייטנדיקע געלט-מיטלען, זעענ-
דיק אין אים ביים צוקונפטיקן יורש פון לודוויק דעם זעכ-
צעטן, מחמת ער, העווילענד, האָט געמיינט, אַז די פראַנצויזן
וועלן ביי זיך נישט איינפירן קיין רעפּובליק, נאָר אַ קאָנסטיטו-
ציאָנעלע מאָנאַרכיע. אָבער נישט די געשעענישן אין זייער שטור-
מישן גאַנג, נישט דער הערצאָג גופא, אַזא נישט דעצידירנ-
דיקער לויט זיין נאַטור האָבן נישט געבראכט דערצו, אַז די
דערוואַרטונגען פונם דרייסטן באַנקיר זאָלן מקוים ווערן. דער
באַנקיר איז אַריבער אויפן צד פונם הויף און האָט אָנגעהויבן
צו שטיצן די קאָנטר-רעוואָלוציע.

ער איז אַריין אין באַציונגען מיט דער קעניגין דורך דער
פאַרמיטלונג פון דער באַקאַנטער זעלטן-שיינער פרוי עליאָ. נאָכן

ענדגילטיקן פאַלן פון דער קעניגלעכער מאַכט, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 10-טן אויגוסט, איז ער אַנטלאָפן קיין ענגלאַנד. און איז ווייטער געשטאַנען אין באַציונגען מיטן הערצאָג פון בראַונשווייג און מיט די אייראָפּעישע מלכים. זיי קאַריער דעוויד דזשוואַרט, אַ זקן פון איין און אַכציק יאָר, האָט געוואָלט פאַרבלייבן אין פאַריז, כדי צו באַשיצן די אינטערעסן פונם באַנק-הויז, וועלכע זענען געווען אין סכנה.

אים איז נישט געלונגען צו באַקומען אַ באַשטעטיקונג אַז ער איז איבערגעגעבן דער נייער מלוכה-אָרדנונג און אַזוי ווי אויף אים איז צוליב דער זעלבער סיבה, געפאַלן אַ חשד, האָט מען אים אַרעסטירט און איינגעזעצט אין קאָנסיערזשערי, ווו מ'האָט וועגן אים געהאַט אַפּנים פאַרגעסן גאַנצע פיר חדשים נאָכאַנאַנד. שטעלנדיק זיך, ענדלעך, דעם ערשטן טערמידאָר 1794 פאַרן רעוואָלוציאָנערן טריבונאַל און זייענדיק פאַרמשפּט אַלס מורד צו טויט-שטראָף, איז ער דעם זעלבן טאָג גיליאָטינירט געוואָרן ביי דער טראַן-ראָגאַטקע, וועלכע האָט זיך דאַן גערופן די ראָגאַטקע פון דער אומגעקערטער.

העווילענס באַנק איז ניצול געוואָרן פון רוין אַדאַנק דער ענערגיע און טריישאַפט פונם דאָזיקן זקן. נאָר דאָס הויז אויף ביט-דע-מולען האָט אויפגעהערט צו זיין פאַר דער באַנק איינע פון אירע ביוראָס און מ'האָט דאָס הויז פאַרדונגען-לאָקאַטאָרן.

דאָסדאָזיקע הויז איז געווען שטאַרק פאַרקאָפּטשעט און שמוציק, ווען מ'האָט באַשלאָסן עס צו צעברעכן און אַראָפּצונעמען. די פענצטער פון פאַסאַד זענען געווען באַקריינט מיט הערבן פון לודוויק דעם פופצנטן. אַ מענטשלעכע מאַסקע אין אַ העלם וואָס איז געהאָנגען אין דער פאָרם פון אַן אָרנאַמענט איבער די געוועלבן פון טויער, האָט נאָך אַלץ געמאַכט איר. העלדישע גרימאַסע, נאָר אַריינגעשטעקט צווישן די שילדן פון אַ פאַרבעריי און שלאָסעריי, איז די מאַסקע געווען אויסגעפאַרבט פון איין זייט אין אַ בלאָען און פון דער אַנדערער זייט אין אַ געלן פאַרב. רעכטס און לינקס. פון טויער אונטערן געוועלב

האָבן געהאָנגען נישט קיין גרויסע ברעטלעך מיט די פאַמיליעס פון די איבערשרייבער און קאסטיומיערן. אינעווייניק זענען די שטיינערנע שטיגן מיט פרעכטיקע פּארענטשעס פון געשמידטן אייזן, געווען פאַרשוועכט דורך מיסט, שפורן פון שפייעכץ און בלעטער פון סאַלאַט.

אויף די שטיגן איז געשטאַנען אַ זייער גיפטיקער ריח. געשרייען פון קינדער האבן זיך געהערט פאַר די טירן און צווישן די האַלב-געעפנטע טירן האבן שימערירט פרויען-כאַלאַטן און מאַנספערשוינען אין וועסטן — ביי דער אומציכטיקייט פון אַרבעט אדער פון גארנישט טאָן.

אַזוי האט אויסגעזען העווילענס הויז אין די לעצטע טעג.

איבערנעמענדיק אויף זיך די פאַרטיידיקונגס פון העווילענס אינטערעסן, האט פעלער דע סיסאַק באַקוקט דאסדאָזיקע הויז. ער האט פעסטגעשטעלט, אַז דאס הויז האט אַ פּאַסאַד אין דער לענג פון דרייסיק מעטער, צוויי קראמען און צוויי און דרייסיק פאַרשידענע אַנשטאַלטן מיט אינוועטאַר, אַריינרעכנדיק אין דעם דאס שטאַל, ווו די אויבס-הענדלער פלעגן איבערלאזן איבער נאַכט זייערע וועגעלעך, און אַ בוידעםשטוב, ווו אַ שניידערין האָט געניייט אויף אַ מאַשין. דאָס אַלץ איז אויסגערעכנט געווארן אין אַ באַזונדערן ראַפּארט, וועלכער האט געהאַט דעם צוועק אויפצוקלערן דעם ראַט, וועלכן די שטאט-פּאַרוואַלטונג האט באַשטימט אויף צו באַשטימען אַנטשעדיקונג פאַר די, ביי וועלכע מ׳האט אַנטאייגנט די אומבאַוועגלעכע גיטער — און וויפיל העווילענס הויז און פלאַץ זענען ווערט.

אינם עווענטועלן פאַל, ווען דער ענין וואלט איבערגעגעבן געווארן אויף צו באַטראַכטן אַ קאָמפּעטענטן געריכט, וואָלט הער פעלער דע סיסאַק געדאַרפט קריגן אַ באַפּאלמעכטיקטן און אַן אַדוואקאַט.

פעלער דע סיסאַק האט איינגעלאַדן דעם הער העווילענד אויף אַ מיטאָק תחילת קיין פּאַריז, דערנאָך קיין מעדאָן, ער

פלעגט זיך נוהג זיין אַוועקצוזעצן אַלע זיינע קליענטן פאַר זיין מיטאָק-טיש, ווירקנדיק, אויף אַזאַ אופן, סיי צוליב פּאָליטישע טעמים און סיי לויט זיין אינערלעכער נייגונג. אים פלעגט באַזונדערס געלונגען צו ווירקן אויף די קליענטן דאַן, ווען די קעלישקלעך זענען געשטאַנען גרייט, מ'זאָל זיי אָנגיסן מיט וויין און טרינקען. בעתן דעסערט איז פעלער דע סיסאַק געווען איבערצייגנדיק. דערצו האָט ער ליעב געהאַט אַליין אָפּצופּראָפן די פלעשער. דאָס האָט ער גערופן: לעבן.

אין די ערגסטע פּעריאָדן פון זיין לעבן פלעגט פעלער דע סיסאַק טרינקען אַ פּשוטן ווייסן וויין, צובייסנדיק מיט געבראַטענע קאַשטאַנעס. ער פלעגט ס'רוב טרינקען אין שענק ביי אַ טישל, וואס איז געווען באַדעקט מיט סיראַטע.

דארט טאַקע פלעגט ער געבן עצות די קרעמער, וועלכע פלעגן זיך געפונען אין אַ שווערער לאַגע. איצט פלעגט ער אויפנעמען מענטשן ביי זיך אין דער היים. ער האט שוין לעצטנס איינגעפירט ביי זיך זילבערנע געשיר טייערע טישטעכער, סערוועטן א. אַ. וו. מיט זיינע איניציאַלן.

אַזוי, אַרום זענען הער פעלער דע סיסאַק און הער העווילענד געזעסן און געטרונקען שוואַרצע קאַווע.

רויטע און קרומע שטראַלן פון דער זון, וואָס האט געהאַלטן ביים אונטערגיין, האבן געגליט אינם עס-צימער פונם הויז הינטער דער שטאט. דער געשעפטס-פּאַרמיטלער, וואס די טויט-בלאַסע באקן זענען ווייטער אַראפּגעהאנגען פונם פּנים איז דורכגעלאפן מיט זיין געשיקטן בליק איבער זיין גאַסט.

— פאַרזוכט נאר, איך בעט אייך, דעם דאָזיקן קאָניאַק, מיין טייערער אינזל-מענטש — האט ער געבעטן דעם גאַסט.

דעמדאזיקן צונעמעניש „אינזל-מענטש” האט זיך אים אויסגעוויזן פאַר זייער אַ סובטעלן. ווייטער פלעגט ער אָנשטאָט ענגלאַנד ליב האבן צו זאגן „אַלדיאָן”: נאר ער האט געבעטן אַנטשולדיקונג פאַר אַזאַ ראמאַנטיזם.

הער העווילענד, אויסטרונקנדיק דעם קאניאַק, האָט געבעטן אַ גלאז וויין און געזאגט:

— איך האָף אַז פריילין פעלער איז נישט ערנסט קראַנק און איר שווערע קרענק וועט נישט האבן קיין פאָלגן.

הער פעלער האט אויך אויסגעדרוקט די זעלבע האפע־נונג, און הער העווילענד איז ווייטער געזעסן און פאַרשוויגן געוואָרן.

ער האט זיך אויפגעהויבן פון זיין אָרט מיט אַ ענגלי־שער גרויזאַמקייט, קאָמפּליצירט דורך זיין חלאַת אַרטירט, ווייל די קני האבן זיך ביי אים נישט פאַנאַנדערגעבויגן צוליב רעוו־מאַטישע ווייטאקן.

אַריבערוואַפנדיק איבער דער האַנט זיין פאַלטא איז ער שוין געהאַט אַרויסגעגאַנגען פון יענער זייט גארטן, ווי ער האט ווידער אנגעהויבן צו רעדן.

— כ׳האב דעם כבוד, — האט ער דעם בעל־הבית גע־זאגט, — אייך צו בעטן, איר זאלט דערלעבן אייער טאכטער, פריילין פעלער, פאַר מיר התונה צו האבן.

דאס קליין מענטשעלע האט זיך, געוויס, געגרייט צו ענטפערן קונציק און שטעכעדיק.

דער ענגלענדער האָט אים אַריינגערוקט אין האַנט אַריין אַ בויגן פּאַפּיר.

— איר וועט דא געפינען, — האָט ער געזאָגט, — אַ גע־נויע באַשרייבונג פון מיין פאַרמעגן. שיקט מיר, איך בעט אייך, אַן ענטפער דורך אַ רעקאָמענדירטן, בריוו. באַגלייט מיך נישט. ניין!

און ער האָט זיך גענומען אָפּקלאַפּן גרויזאַמע טריט אין דער ריכטונג צום וואָקזאַל.

פעלער, וועלכער פלעגט געוויינטלעך פון קיין זאַך נישט ווערן איבערראַשט, איז דאס־מאל שטאַרק איבערראַשט גע־ווען.

ער איז צוועלף מאל געשיקט פֿאַרביי געלאָפֿן אַרום דעם גראָט.

די לבנה האָט באַשיינט זיינע פוקסע לעבנסלאזע באַקן, וועלכע האָבן אויסגעוויזן, ווי זיי וואָלטן געווען צעקנוידערטע, באַזונדערס ווען פעלער איז געווען אויפגערעגט. ער האָט זיך געטראַכט:

— ווי אַזוי? דערדאָזיקער מענטש קומט צו מיר אַריין ווי פיל אַנדערע, ווי אַלע אַנדערע, דורך מיינע הענט גייען דורך יעדעס יאָר צוווייהונדערט נישט באַקאַנטע מענטשן. ער רעדט גאָר נישט:

ער זעט זיין טאָכטער אינגאַנצן זעקס מאָל און עפנט דאָס מויל נאָר צוליב דעם, כדי צו בעטן ביי מיר, איך זאל מסכים זיין, אַז זי זאל חתונה האבן פאַר אים. אבער! צי האט דען עלען אפשר אַזוי קונציק און געשיקט געשפילט דעמראַזיקן וואדעוויל מיט צוויי ראליסטן?...

אָבער ניין, דאס איז דאך אוממעגלעך! איך בין נישט קיין פאָטער פון אַ וואדעוויל, כ'בין נישט קאָסאַנדער. איך ווייס וואס ביי מיר אין הויז קומט פאָר און איך בין זיכער, אַז דאָס ארעמע קינד האט אַפילו קיין פיר מאל נישט אנגעקניפט קיין געשפרעך מיט אים. כ'האב אַפילו מורא, אַז זי וועט נאך נישט אננעמען אויף אַ געהעריקן אופן דעמדאזיקן...

ער האט זיך אַ ביס געטאָן דעם גרויסן פינגער און זיך אפגעשטעלט מיט אַן אומבאַוועגלעכן בליק, ווי אַ מענטש, וואָס מעסט אויס אַ מניעה.

דערנאך האט ער זיך אַנטשידן צוריקגעקערט אַהיים. דורכגייענדיק דאס עס-צימער, האט ער איבערגעלייענט דאָס פאַפיר, וואס העווילעד האט אים איבערגעלאזט, דערנאָך האט ער זיך אויפגעהויבן צו דער טאכטער אין איר צימער אַריין. אָוועק לייגנדיק די ציגאַר אויף אַ ראזיק קערבל, וואָס האט באַצירט דעם קאַמין, האט ער זיך צוגעזעצט, ווי אַ דאקטאר, צוקאפנס פון געלעגער, אין וועלכן עלען איז געלעגן. ער האָט זי געפרעגט:

— נו, ווי פילסטו זיך, קעצעלע מיינס?

נישט באַקומענדיק קיין ענטפער, האָט ער פאָרגעזעצט:

— הער העווילענד האט היינט אין אוונט געפרעגט, וואס דו מאַכסט קעצעלע מיט א זייער פריינדלעכן טאָן, כ'לעבן.

נאך א פויזע האט ער מיט אַ פעטער שטים פון אַ מענטשן וואס האט אפגעגעסן אַ גוטן מיטאָג, געפרעגט:

— ווי געפעלט עס דיר?

און האָט ווייטער נישט באַקומען קיין ענטפער. נאָר ביים שיין פונם ליכט, וואָס האָט געברענט אויפן קאַמין, האָט ער דערזען, אַז די אויגן זענען ביי איר ברייט געעפנט און אומבאַוועגלעך און אַז דער שטערן איז צוזאַמענגעצויגן דורך אַן אויסדרוק פון שווערע דאגות און האַרטן ישוב-הדעת. פעלער האָט גאַנץ קלוג באַנומען און איז געווען כמעט זיכער אַז זי ווייסט וואָסערע כוונות און באַגערן העווילענד האָט בנוגע איר און האָט שוין נישט קיין מורא געהאַט זי צו איבעררעדן ער האָט צו איר געזאָגט:

— הער העווילענד בעט דיין האַנט.

זי האָט געענטפערט:

— כ'וויל נישט חתונה האָבן. מיר איז גוט מיט דיר.

דאַן האָט ער זיצנדיק אויף דער דראָשקע, אָנגענומען אַ פויזע פיל מיט זעלבסטווערט, אָנגעשפּאַרט די פויסטן, אָן די קני, האָט אַרויסגעלאָזט אַ פייפעדיקן זיפץ פון האַלדז, ווי פון אַ געשעפטס-פאַרמיטלער

— קינד מיינס, פאַרוואָס פרעגסטו נישט, וואָס איך האָב אים געענטפערט?

— נו, וואָס זשע האָסטו אים געענטפערט?

— מיין קינד, כ'האָב אים גאָר נישט געזאָגט אַזעלכעס, וואָס זאָל דיך קאנען אויף ועלכן נישט איז אופן בינדן: כ'האָב געוואָלט איבערלאָזן דיר די גאַנצע פרייהייט אין אַזאַ ענין. איך האַלט, אַז איך האָב נישט קיין רעכט דיר אָנצובינדן מיין ווילן דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך בין נישט קיין טיראַן.

זי האָט זיך אָנגעלענט מיט די עלנבויגנס, אויף די קישנס.
— ניין, דו ביסט אַן אויסגעצייכנטער פּאָטער, און אַזוי ווי איך וויל נישט חתונה האָבן, וועסטו מיך צו דעם נישט צווינגען.

ער האָט גוטמוטיק פאָרגעזעצט:

— כ׳זאָג דיר נאָך אַמאָל, מיין טאָכטער, דו וועסט זיין פריי ווי לופט; נאָר מיר קאָנען זיך נאָך דורכשמועסן וועגן אונדזערע געשעפטן. דו ביסט שוין אַ גענוג דערוואַקסן מיידל, כּדי אויסצוהערן זאַכן, וועלכע איך דאַרף דיר דערציילן. לאָמיר זשע אַביסל זיך דורכשמיעסן ווי גוטע פריינט. מיר לעבן גוט, מיר ביידע לעבן, קאָן מען אַפילו זאָגן גאַנץ גוט. נאָר מיר האָבן נישט דאָס, וואָס מען רופט אַ באַפעסטיקטן מעמד. איך בין אָפּהענגיק פון מיין פּראַצע, שפּעט האָב איך זיך דערשלאָגן צו אַ באַוואָרנטער לאַגע, זייער שפּעט; פיל וואַסער וועט אַוועקפליסן אין ים, ביז וואַנען כ׳וועל צוזאַמענשלאָגן פאַר דיר אַ נדן. און ביז דעמאָלט, ווער ווייסט, וואָס עס וועט געשען? דו ביזט אַלט 22 יאָר, און אויף אַזאַ שידוך, וועלכער האָט זיך דיר פאָרגעשטעלט, קאָן מען נישט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט. כ׳וואָלט אַפילו באַשלאָסן דאָס צו האַלטן פאַר אַ מציאה. העוויילענד, דעם אמת זאָגן, איז נישט קיין יונגערמענטש. דו זעסט, טאָכטערשי, אַז איך בין יושרדיק. נאָר ער איז אַ דזשענטלמאַן, ער איז אַ חוצדעם. זייער רייך

אויסריידנדיק דאָס וואָרט, האָט ער זיך אַ קלאַטש געטאָן איבערן טאַש, ווו ס׳איז געלעגן דאָס פּאַפיר, וואָס ער האָט באַקומען פונם ענגלענדער.

ער האָט ווייטער גערעדט, אָנהייבנדיק באַגייסטערט צו ווערן:

— דערדאָזיקער טייוול העווילענד באַזיצט אַ גרויס פאַרמעגן. אומבאַוועגלעכע גיטער, וועלדער, פערמעס, ווערט פּאַפּירן אַלץ! אַ קליינינקייט צו זאָגן אַזאַ עשירות!

— זי האָט געמאַכט אַ העויה פון עקל און אַ קוועטש געטאָן מיט די פּלייצעס.

ער האָט דערפילט, אַז ער איז געווען גראָב און האָט פארגעזעצט:

— מיין נישט, מיין מיידעלע. אַז איך וואָלט געוואָלט, אַז דו זאָלסט חתונה האָבן, ווי מען זאגט, לויט אַן אויסרעכע-נונג! כ׳האָב דיך ליב און ווינש דיר, דו זאָלסט זיין גליקלעך!

ער האָטווירקלעך ליב געהאַט זיין טאָכטער, און די פאָטערלעכע ליבע האָט צוגעגעבן זיין שטים אַ צערטלעכקייט. ער האָט ווייטער גערעדט:

— גאָט איז אַן עדות, אַז איך וויל בלויז דיין גליק. איך ווייס, וואָס געפיל איז אַזוינס, און ווען כ׳האָב חתונה גע-האַט מיט דיין מוטער, האָב איך, נישט געפרעגט, וויפיל זי האָט אָנגעגרייט נדן. ווייסט. וואָס כ׳וועל דיר זאָגן? איך בין דאָך אַ טרוימער, אַ סענטימענטאַלער מענטש! אָ, אין דער טיף פון מיין נשמה בין איך דאָך אַ ראָמאַנטיקער. דו ווייסט, וואָס וואָס איך וואָלט געטאָן, ווען מיר וואָלטן עס דערלויבט די אומ-שטענדן? איך וואָלט פאַרפאַסט לידער אויפן שויס פון דער נאַטור נאָר וואָס קאָן מען טאָן? די געשעפטן האָבן מיך פאַרשלונגען אינגאַנצן, די נשמה און דעם גוף. כ׳ווער ממש איצט אין זיי דערטרונקען! יאָ דער רוח זאָל עס נעמען, נישט מיט קיין רויזן איז אויסגעבויט דער וועג און מען דאַרף קאָנען ברענגען קרבנות. איז אָט מיין מיידעלע, מיין טרוים איז — דיך אָפּצוהיטן פון דידאָזיקע קרבנות כ׳וויל דיך באַ-וואָרענען פון פאַרשידענע אָנשיקענישן, פון עקזיסטענץ-דאגות. געניג שוין, וואָס דיין מוטער האָט זיי איבערגעלעבט אין גע-פילט זייער ביטערן טעם אַזוי, אַז זי האָט נעבעך אונטער זייער לאַסט, געמוזט גיין פון דער וועלט... זי איז געשטאָרבן אונטער זייער לאַסט, דו הערסט?

ער האָט פאַרמאַכט די אויגן מיט דער הינטערסטער טייל האַנט. ער איז געווען אויפריכטיק אויפגערעגט. זיין פרוי איז, באמת, געשטאָרבן פון שווינדזוכט, אין איר עלטערנס הויז, אין גיאָר, וווהין ער האָט זי אָפּגעשיקט, כדי לייכטער פּטור צו

ווערן פון אומאָנגענעמלעכקייט. נאָר אים האָבן פאַרשיפּורט און געריירט אַלע ווערטער, וועלכע זענען אים אַרויף אויף דעם צונג. ער האָט געגומען אין די הענט דער טאָכטערס קאָפּ, אים באַדעקט מיט קושן און האָט אָנגעהויבן צו ריידן נאָך מיט אַ גרעסערער התלהבות:

— הער מיך אויס; איך קען דיך, מיין זיס מיידעלע, דו דאַרפסט האָבן ווילשטאַנד, לוקסוס. דאָס איז מיין שולד איך בין געווען אַ צופיל ערגייציקער. אַלץ איז מיר אויסגעקו-מען נישט גענוג גרויס פאַר דיר, נישט גענוג שיין. איך האָב דיך דערצויגן אויף צו פירן אַ רייך לעבן. דו האָסט זיך נישט אויסגעלערנט צו פירן אַ זעלבסשטענדיק לעבן, האָסט זיך נישט אויסגעלערנט צו זיין אויסגערעכנט. אויב דו וועסט נישט ווערן רייך, וועסטו זיין די אומגליקלעכסטע פרוי אין דער וועלט, און איך וועל זיין שולדיק אין דיין אומגליק. וואָס פאַר אַ פאַראַנט-וואָרטלעכקייט עס ליגט אויף דיין אָרעמען פאָטער! זי וועט מיך דער-הרגענען דידאָזיקע פאַראַנטוואָרטלעכקייט נאָר אָט האָט עס זיך באַוויזן, דאָס רייכטום] עס קלאַפּט אין טיר. וואָס, קינד מיינס, אפשר אַריינלאָזן עס אין שטוב אַריין? צי זעסטו, און ווייסטו טאָכטערשי, ווי איך האָב דיך ליב. איך פאַרגעטער דיך דאָך ממש. כ'ווייס וואָס דו דאַרפסט צו האָבן: די ליבע נאַרט אונדז נישט אָפּ. לאָז מיך טון און ווירקן! פאַרלאָז זיך שוין אויף מיר.

עלען האָט געפרעגט מיט אַ פאַרנאַכלעסיקטן טאָן, צי האָט העווילענד בדעה צו בלייבן אין פּאַריז?

— געוויס! — האָט פעלער אויסגעשריען, הגם ער לגמרי גאָר נישט געוווסט וועגן דעם.

ער האָט צוגעגעבן, אַז זיין קינפטיקער איידעם צייכנט זיך אויס מיט איידעלע מאַנערן און איז נאָך פעיק צו פאַר דרייען דעם קאָפּ נישט נאָר איין יינגע פרוי. און וואָס אַמבע-לאַנגט זיין געפיל, — טא, נאטעניו — ס'אָרע דעליקאַטע געפילן ער האט...

הער פעלער האט נישט געקאָנט פאַרשטיין, ווי אַזוי מ'קאָן עס האבן אַזעלכע דעליקאַטע געפילן. ער האט אנגע-

וועגדעט די לעצטע מיטלען, געלאזט אין גאַנג די לעצטע טרומפן; האט אנגעהויבן ריידן וועגן דעם פּאַלאַץ וואס דער ענ־גלענדער האט, וועגן זיינע קאַרעטעס, זיינע קאסטבאַרע זאַכן.

עלען האט געטראַכט וועגן דעם וואס רענע לאנמאר איז אַוועקגעפארן ווייט און אויף לאַנג, נישט אַרויסריידנדיק קיין איין ליב-ווארט און נישט קיין ווארט פון באַדויערונג, וואס זיי מוזן זיך שיידן אויף אַזוי לאַנג. ווען ער וואָלט כאָטש, לפּחות, געזאָגט, אַז ער וועט זיך צוריקקערן, אַז ער טראָגט מיט זיך אַוועק אַ געדאַנק אַ דעראינערונג... ער האָט דאָך אָבער גאָרנישט געזאָגט! הייסט אַז רענע ליבט זי נישט. ניין, ער האט נאר ליב זיינע ביכער, כּלים לאַנצעטן און צווענגלעך. ער האט זיך צו איר באַצויגן אויפמערקזאַם, ווייל זי פלעגט מיט פאַרגעניגען אויסהערן וואָס ער פלעגט דערציילן. דאָס איז אַלץ און מער גאָר נישט! ער פלעגט איר דערציילן פיל נאַרישקייטן ווי ער וואָלט דאָס זעלבע געקאָנט דערציילן אַנדערע מיידלעך אויך נאָר פון דעסטוועגן — וואָס וואָלט געווען, ווען ער האָט זי אין געהיים ליב, ווי זי האָט עס, דאַכט זיך געפילט שוין נישט איין מאָל? וואָס-זשע, זי וועט זיך אָן אים נוקם זיין דערפאַר, וואָס ער איז אַנטלאָפן. און דערנאָך האָט דער פאָטער געזאָגט דעם אמת: זי איז דערצויגן געוואָרן צופירן אַ רייך לעבן, זי האָט אַ באַרוף צו לוקסוס, ווי אַזוי זשע קאָן מען באַשטיין אַזאַ נסיון? דער קאַמף איז דאָך אַזאַ שווערער! דער ערשטער שטורעם האָט זי שוין אַזוי אויסגעמאַטערט און מיד געמאַכט! דער פאָטער וועט שוין אָנפירן מיט דער „באַלאַגערונג".

עלען איז געווען איינע פון יענע נאַטורן, וועלכע פאַלן ביי זיך נישט אַראָפּ, ווען זיי האָבן אַ מפּלה און מאַכן מיט דעם שלום. שליסלעך, האָט די ליבע פונם אויסלענדער איר געשמייכלט זי האָט לויט ריכטיקע סמנים, געוווּסט, אַז דאָס איז אַן אויפריכטיקע ליבע! דערדאָזיקער מענטש, וועלכער איז 25 יאָר אַרומגערייזט איבער דער גרויסער וועלט און האָט זיך איבערזעטיקט מיט די דאָזיקע רייזעס, ער, וואָס האַלט זיך אַזוי אייז-קאַלט בנוגע אַלע און האָט זיך אין איר פאַרליבט

יוי אַ ייִנגערמאַן וועלכער האָט נאָך דריי חדשים וויזיט אָן ווער־
טער, האָט ער איר פאָרגעלייגט זיין נאָמען און פאַרמעגן, —
צי איז דען דאָס נישט אָן אויסטערלישער נישט קיין ריטער־
לעכער, נישט קיין נאָבילער מענטש, און צי קאָן מען דען
נישט אים ליב קריגן ?

זי האָט אַביסל אויפגעהויבן איר שיין פנים, וואָס האָט
אויסגעדרוקט נישט קיין באַשטימטע געפילן און אַ שעפּטשע
געטאָן,

— מיר וועלן זען

## II

זאָס איז ריכטיק: עלען פעלער איז באמת געווען דערצייגן אויף צו פירן אַ ריין לעבן. פון די קינדערשע יאָרן אָן איז ביי איר פאַרבליבן אַ דעראינערונג וועגן לעכערדיקע זאָקן וועגן אַ עמפינדונג פון קעלט אין די פיס, וועגן דעם, ווי זי פלעגט עסן אין וואורט-געוועלבלעך, ווו זי פלעגט שיער נישט ברעכן פון עקל, איר פלעגט אויסקומען צו שטיין אונטערן טויער פון די הייזער ביים איבערציען זיך פון איין דירה אין דער אַנדערער, וועגן דער מוטערס אויסגעדאַרטן געזיכט אין די ווינטער-נעכט. וועגן דער מוטער פלעגט זי זיך דערמאָנען דאָ אַ זינגענדיקע, דאָ — ווי זי פלעגט זיך זידלען, אַן אויפגערעגטע אַ געמאַטערטע און ווי זי מאַטערט אַנדערע. אַמאָל האָבן זיי ביידע עפעס געמאַכט אַ רייזע. ווּהין? ווען איז דאָס געווען? — האָט עלען שוין נישט געקאָנט זיך דערמאָנען. זי ווייסט נאָר, אַז זי איז דעמאָלט געווען נאָך אַ קליין מיידעלע. אין הויף איז געווען די נאַכט; די מוטער האָט זי אַוועקגעלייגט מיטן פּנים צום ווענטל און באַפעלעריש אַ זאָג געטאָן: שלאָף, דערנאָך האָט די אָרעמע פרוי אַראָפּגענומען פון זיך דאָס העמד און זיך גענומען עס וואַשן אין אַ טאַז. עלען האָט זיך זייער געוויילט, קוקנדיק אויף דער מוטער וואָס האָט דאַן אָנגעטאָן אַ פאַטשיילע אויפן נאַקעטן גוף און איינגעזייפט די וועש. נאָר שפּעטער, ווען זי האָט זיך דער-

וווסט, אַז די מוטער האָט עס געטאָן צוליב דעם וואָס זי איז געווען אָרעם, — האָט זי אַרומגעכאַפּט אַ גרויל!

זי איז פון די קינדערשע יאָרן אָן געווען אַ צאַרט און עמפינדלעך באַשעפעניש. זי פלעגט ווערן גערירט פון אַלע ליידן, וועלכע זי האָט נאָר געקאָנט פאַרשטיין. אָרעמע קינדער פלעגט זי שענקען קאַרמעלקעס און קליידלעך פאַר די פּופּעס אין אַ שטייגל האָט זי געהאַלטן אַ שפּערלינג, וועלכן זי פלעגט קאָרמען מיט צוקער; ער איז שפּעטער אומגעקומען, צוגע-קוועטשט מיטן טירל פונם שטייגל. דער דאָזיקער שפּערלינג איז פאַר איר געווען אַ קוואַל פון פרייד און צער. „פּראַקסא האָט געשטעלט אַ דענקמאָל אַ היישעריק, וואָס איר ביישפּיל האָט דעם מיידל אויסגעלערנט, אַז אַלע באַשעפענישן „שטאַרבן". אַזעלכע ווערטער לייגט אַריין דער דיכטער פון דער „אַנטאָ-לאָגיע" אין מויל פון אַ יאָניש קינד.

עלען האָט ביים אָנזען פון טויט פון איר שפּערלינג געפילט עפּעס אַ גרויל, פון וועלכן זי האָט זיך נישט געקאָנט באַפרייען אין משך פון אַ גאַנצן זומער.

איר מוטער, וואָס איז פאַרוועלקט געוואָרן פון אָרעמקייט און זיך שטענדיק געקוועלט פון אייפערזוכט צו איר מאַן, אַ מענטש, וואָס האָט פיל און שיין גערעדט, ליב געהאַט אַרומ-צובלאָנדזשען ביינאַכט און איז געווען גיריק נאָך טאַשן-געלט, — האָט נישט געהאַט יענע גראָדליניקייט פון כאַראַקטער. יענע אי-נערלעכע רויקייט, די מונטערקייט און וואַכזאַמקייט פון פאַר-שטאַנד, וועלכע מוטערס באַדאַרפן צו האָבן, כדי ווי עס גע-הער צו זיין און מיט דערפאָלג צו דערציען קליינינקע טונקע-לע נשמהלעך, וועלכע זיי ברענגען אויף דער וועלט. עלען, באַקומענדיק קושן מיט פּעטש, אַליין נישט וויסנדיק פאַרוואָס האָט זיך מיאוש געווען אין דער מעגלעכקייט צו דערגיין, ווען ס'איז אַ חילוק צווישן שלעכטע מעשים און גוטע, פאַר וועל-כע מען באקומט קושן און פאר וועלכע — געפּאטשט, און איז צוליב דעם, געוואָרן טעמפּיק.

— דאס קינד וועט דאך מיך דערהרגענען! — פלעגט

פלוצלינג פרוי פעלער אנהייבן שרייען, — כ'ווייס נישט, מיט וואס איך האב פארזינדיקט פארן רבונו-של-עולם, וואס ער האט מיך מזכה געווען מיט אזא קריפל!

דערנאך האבן זיך אנגעהויבן א געוויין און געיאמער, גע-ביילטע פויסטן, א קלאפן מיט די טירן. דאס ארעמע מיידעלע פלעגט דאן, שווער אטעמדיק, מיט א פארקלעמט הערצל, זיך ארויסרוקן בגנבה צו איר בעטל און איינשלאפן מיט טרערן אויף די אויגן און באקן.

אינ-דער-פרי פלעגט זי זיך אויפכאפן פון א קושעריי-מוזיק, באַגלייט מיט צארטע ווערטער, פון דער מוטערס ליב-לעכע לידלעך, וועלכע האט פון נעכטן אין אוונט אן שוין באוויזן אויפצושיינען פון פרייד, א דאנק דעם, וואס פעלער האט ארויסגעוויזן עטלעכע פארשפעטיקטע סמנים פון אויפ-מערקזאמקייט צו איר.

וואס אָנבאַלאנג עלענס פאטער, האט ער איר זיך אויס-וויזן צו זיין זייער אַ שיינער, זייער אַ גוטער און זייער אַ גרויסער מענטש. זיינע געדיכטע באקן-בערד און ווייסע וועסטן זענען איר פארגעקומען ממש ווי ניסים. פעלער איז אין זיין טאָכטערס אויגן, געווען א גאט; נאר פונקט ווי יעדער גאָט, פלעגט ער זיך פאַר איר זעלטן באַווייזן. נישט זייענדיק אַ גאַנצן טאג אין דער היים, פלעגט ער זיך צוריקקערן שפעט אין דער נאַכט. איבעריקנס, נאך געוויסע דורכפאלן, וועלכע ער פלעגט האבן אין דער אויסערלעכער וועלט, פלעגט ער צייטנווייז ווערן גאר אן אנדער מענטש און בלייבן עטלעכע טעג כסדר אין דערהיים. ער פלעגט גיין שפאצירן מיט זיין לילי אין באָטאנישן גארטן, פלעגט זי פירן אויף א שפאציר, זיך דורכפארן, איר מכבד זיין אין צוקערניע מיט פארצוקערטן וואסער און אפילו מיט סיראָפן. דערצו נאך פלעגט זי קוים זיך אנרירן מיטן שפיץ צינגל צום פאָטערס קעלישקל און פלעגט דערביי מאַכן אַ קאָמישע גרימאַסע פונם גרינעם געטראנק. דאס פלעגט זיין אזוי גוט, ממש א מחיה, נאָר דאס פלעגט פאָרקו-מען זעלטן. און דער גאט איז ווידער פארשוווּנדן געוואָרן.

פרוי פעלער איז, נאַטירלעך פון דעם נישט געוואָרן ווייניקער כמורנע און נישט ווייניקער צערייצט. עלען פלעגט, זיצנדיק נעבן איר אויף אַ קליינער שטול, טרוימען וועגן איר פאָטער, פילנדיק גרויסע אויפשווונגען פון ליבע און דאָס געשפּענסט פון א ווונדערלעכער ווייסער וועסט פלעגט דאַן אויפשטיין פאר אירע אנציקטע אויגן; נאָר זי איז געווען אַ פוילע און האָט ליב געהאַט גאָרנישט צו טאָן. און ארומצוגיין פוסט און פּאַס, דאָס איבעריקנס, פלעגט זיך איר איינגעבן בעסער פון אַלץ. פרוי פעלער האָט נישט מורא געהאַט פאַר די שווייגנ-דיקע פּוסט-און-פּאסטקייט פון איר טאָכטער און, אדרבה, ס׳איז געווען זי זאָל דערהערן א הילכיק קינדעריש גע-לעכטער, — אַז זי זאָל דאָס קינד באַפאַלן מיט פאָרוווּרפן.

עלען האט געליטן אויף א פריצייטיקער עמפינדלעכקייט, זי האט אינסטינקטיוו ליב געהאַט לוקסוס און, ווי ווייט מעג-לעך, ארויסגעוויזן א ראפינירטקייט אין פאמיליען-לעבן, איר נייגונג צו פיינע מאכלים און קליידער האבן פארשאפט פרייד דעם הער פעלער, וועלכער איז אין דער הינזיכט געווען א מבין.

עלען איז אלט געווען זיבן יאר, ווען מ׳האט זי אריינ-געגעבן אין א פאנסיאן צו די נאנעס אין אטייל. די ווייסע קליידער, די רויקע פנימער פון די נאנעס, די שטילקייט אין דער היים דאס אפגעוויגענע און אפגעמאסטענע לעבן — האבן אויף איר געהאט א גוטן איינפלוס.

אמאל האט מען איר געזאגט, אז איר מוטער, וואס איז אוועקגעפארן פון שטאט, וועט זיך שוין מער נישט צו-ריקקערן. דאסדאזיקע „קיין מאל נישט” האט זי שטארק דערשראקן; דער אטעם האט זיך ביי איר אפגעהאקט פון טרערן. מ׳האט איר אנגעטאָן א שווארץ פארטוך און זי ארויסגעלאזט אין גארטן אריין. דער גארטן איז פאר איר געווען עפעס א געהיימע מדינה, א גרויסע פול מיט לע-בעדיקע זאַכן, מיט אַ צויבערנדיקער רויקייט, — אַ לאַנד פון ווונדער. דער פאָטער פלעגט זי באַזוכן יעדע וואָך און ברענ-

גען טשאַסטעס. ער איז געווען ווונדערלעך שיין אין זיין ליבע און פאטערלעכן שטאָלץ.

מיד ווערנדיק פון אַ בחינמדיקן אַרומגיין איבער אלע טראטוארן, פון אלע טרעפּ, אויף וועלכע ער האט זיך אויפ־געהויבן מיט פּחד, פון אלע טירן, וואס פלעגן זיך פאר אים פארמאַכן פאר דער סאמער נאז, פון אלע בריוו, וועלכע ער פלעגט אנשרייבן ביים עק טישל אין צוקערניע, פארשמירט און אויסגעפּאטשקעט מיט פלעדליי בלאטעס און שמוץ, ווייל צייטנ־ווייז פלעגט אים אויסקומען זיך נאכצויאגן נאך א קליענט אי־בער דער גאנצער שטאט, און אים פּאקן ערשט ערגעץ אין פארשטאט, אויף א עפנטלעכן באל, פארן בופעט־טיש, — פלעגט פעלער, דערדאזיקער ארומבלאנדזשענדיקער הונט פון ווינקל־אדוואקאטור, יעדן דאנערשטיק, אן אויסגעפּוצטער, א פריש אפראזירטער, אין הענטשקעס, און פרישע וועש, קומען אין אויפנאמס־זאל פון די מנישקעס אין אָטייל. אן אויסזען האט ער דאן געהאט א גליקלעכעס, דאס פּנים איז ביי אים געווען פאריונגערט, זיינע פורכקע ווייסע באקן האבן אויס־געזען גאנץ אנשטענדיק. די מוטער זשענעוויעפע, די די־רעקטריסן פון פּאנסיאן, האט זיך באצויגן צו אים מיט גרויס אכטונג. צוויי פּאנסיאנערקעס, די עלצטע פון אלע האבן וועגן אים געטרוימט אין שלאפצימער.

עלען איז געווען שטארק אנציקט פון איר פאָטער.

און, דעם אמת געזאגט, פעלער איז, לויט זיין ערנסט און שטייגער, געווען העראיש.

אמאל, נישט האבנדיק אין טאש קיין פּרוטה, האט ער גענומען ביי איינעם פון זיינע קאלעגן א זאמלונג לידער פון אלפרעד מיוסע.

— כ'וויל זיי איבערלייענען דאס הונדערטע מאל, — האט ער דערביי געזאגט. און ער האט פארקויפט דאס ביכל ביים ברעג סענע, כדי זיך צו קויפן האנטשן, וועלכע ער האט צומארגנס נאכלעסיק פארשפּילעוועט פאר דער שוועסטער, דער פארטערין. די טשאסטעס, וועלכע ער פלעגט יעדעס מאל

ברענגען עלענען און אירע חברטעס, זענען שטענדיק געווען פון א באקאנטער קאנדיטאריי, און די קארמעלקעס — אין שאטלעך פון א הויכן געשמאק מיט עמבלעמען און סורפריזן.
די מוטער זשענעוויעפע, דורכגעדרונגען מיט א גרויסער אכ־טונג צו אים, האט אים אמאל געפרעגט אן עצה, וועגן עפעס א שטרייטבארן ענין. ער האט אפגעגעבן צו איר דיספאזיציע זיין צייט, זיין ענערגיע, זיינע קענטעענישן. זי האט באוויליקט דאס אלץ אנצונעמען. ער האט ממש געשיינט פון פרייד און שטאלצקייט. באמיענדיק זיך מיט אלע מעגלעכקייט מוצא חן צו זיין ביי איר, האט ער ארומגעבונדן די אקטן און גע־שעפטס־פאפירן מיט בלאַצ בענדלעך און מיט א שמן־זיתדיקער שטים מיטגעטיילט דער דירעקטריסע, ווי עס האלט מיט איר ענין.
איבערבלעטערנדיק פאר איר די אקטן, האט ער באנוצט דעם גרויסן פינגער, מיטן שפיצל צונג מיט אן אויסערגעוויינט לעכער באשיידנקייט און מיט א מין שעמעוודיקייט. יעדע קאנסולאציע איז פאר אים, אין דער אמתן, געווען אן אפקו־מעניש, נאר דאס איז געווען א הערלעך אפקומעניש. גאנצע שעהן האט ער דאן געמוזט אויסהערן די דערקלערונגען פון דערדאזיקער באשרענקטער, עקשנותדיקער און מילדער דאמע, וועלכע האט קיינעם נישט געגלייבט, און האט מיט געוויינטלע־כער לייכטקייט אויסגעמיטן צוזשטעלן וועלכע נישט איז בא־וויזן. דידאזיקע שיינע, ווייספנימדיקע. פוכקע פרוי מיט אראפ־געלאזענע בליקן, מיט הענט, וואס זענען געווען ארייגערוקט אין די ארבל, האט גערעדט נאר מיט א שטילער שטים און אויף אים אנגעוואָרפן ממש א פחד.
דערפאר האט ער זיך געפילט פרייער מיט זיינע גע־וויינטלעכע קליענטן, מיט די שעניקערס פון פאַרשטאט, און מיט די פאבריקאנטן פון פאטענטירטע היגיענישע גארטלען, וואס פלעגן שליידערן אין זיין ביורקע, שרעקלעך זיך זידלענדיק, פעקלעך געריכטלעכע רעזאלוציעס און אסיגנאציעס.
די מוטער זשענעוויעפע האט זיך אויסגעצייכנט מיט

מאיעסטעטישע מאנערן פון א משגיחטע אין א קלויסטער בעתן אלטן רעזשים. אייגע פון אירע סובטעלע געוויינהייטן איז געווען דאס, וואס זי האט קיין מאל נישט חושד געווען פעלערן, אז ער האט נישט קיין געלט. ער פלעגט פארן אויס־האלטן און דערציען זיין טאכטער שטענדיק באצאלן פארויס אזעלכע סומען, וואס פאר דער קלענסטער פון זיי איז אים אויסגעקומען צו מאכן קאמבינאציעס, פון וועלכן א גע־וויינטלעכער מענטשלעכער מח וואלט געוויס געפלאצט.

דערפאר איז פאר אים געווען א גרויסער נחת־רוח צו הערן זונטיק אווגט ביי גאטעס־דינסט די כארן פון קירך, וועלכע האבן פיין געשמעקט מיט ווייררייך און אירים און זען אונטער. זיי זיין טאכטער איינגעבויגן איבער א תפלה־ביכל צווישן א פלעמעניצע פון א שטאטס־ראט אין דער קוזינע פונם מאנטא־נעגרישן פירשט! ווען ער האט געקוקט אויף די שיינע האר פון זיין טאכטער, און אויף אירע, א ביסל שארפע נאר פיינע פלייצעלעך אין רויטלעכן וואלן־שטאף, פלעגן זיך די גלעזלעך פון זיינע ברילן פארנעפלען און ער פלעגט זיך שנייצן ווי אין טעאטער נאך אן אויפרעגנדיקער סצענע.

די געשעפטן פון דער פאראפיע, ווו די מוטער זשע־נעוויעפע איז געווען די עלצטע און הויפט־פארוואלטערין, האבן פעלערן געקאסט פיל געלט. נאר ער האט וועגן דעם נישט באדויערט און זיך גערן געלאזט אויף דעם קאסטן געלט, ווייל דאס האט אים געגעבן די מעגלעכקייט צו שליסן בייע זייער באקוועמע באקאנטשאפט מיט א רייע אנגעזעענע פערזענ־לעכקייטן.

— אָ, כ׳וועל צו דעם עסק געוויס נישט דערלעבן — האָט ער זיך געטראַכט, און זיין וועסט, דאָס ווייס־פיקייענע אויבערהעמד האָט זיך אָנגעבלאָזן אויף זיין ברוסט מיט גאָר אַ נייער פולקייט.

עלען איז געוואקסן, געוואָרן שיין. אירע האָר, וועלכע זענען לאַנג געווען העל בלאָנד און נישט קיין שטייפע, ווי איר מוטערס האָר, האָבן באַקומען אַ פרעכטיקן גאָלדענעם קאָ־

ליר. אַ כאַראַקטער האָט זי געהאַט אַ ווייכן, אַ פוילן, וואָס איז געווען געניגט צו שטאַרקע אויפשווונגען פון צערטלעכקייט, און פון יעדן שיינעם טאָט פלעגט זי שטאַרק גערירט ווערן. אין עס-צימער פון קלויסטער איז שווער געווען ביי איר צו פועלן זי זאָל עסן עפעס אַנדערש, אַ חוץ סאַלאַט, און ברויט מיט זאַלץ. זי האָט זיך בבפריינדעט מיט אַ מיידל, מיטן נאָמען סעסיל וועלכע איז געוואָרן איר חברטע און ביי איר פלעגט זי פאַרברענגען אַלע ימים-טובים. דידאָזיקע חברטע אירע, אַ טאָכטער פון אַן אינהאָבער פון אַ וועקסל-געשעפט, איז געווען אַ זעכצניאָריק מיידל, וועלכע איז געווען גלייכצייטיק קינדעריש און זייער ערנסט, אַ קאָקעטירנדיקע, נישט זייער קיין שלעכטע און נישט קיין שעדלעכע. אַ דאַנק דעם, וואָס די פאַנטאַזיע איז געווען ביי איר שוואַך אַנטוויקלט, איז זי לגמרי נישט געווען קיין פאַרדאָרבענע, און זייער אַ רייכע.

שכל האָט זי געהאַט, ווי אַ דרייסיק יאָריקע פרוי, וואָס שטעלט מיט זיך גאָר נישט פאָר, און דאָס האָט איר צווישן די חברטעס געשאַפן אַ רעפּוטאַציע פון אַן אויסערגע-וויינטלעכער נאַטור. סעסיל האָט געבראַכט צופירן עלענען צו איר פאָטער, דעם באַנקיר, אין פאַסי אין אַ צימער, וואָס די ווענט זיינע זענען געווען דעקאָרירט מיט שטאָף און ווו סעסיל פלעגט אָפט זיין און זייגן קאַרמעלקעס עלען איז אַריינגעפאַלן אין אַ זיסע מידקייט, געפינענדיק זיך אינם דאָזיקן גרויסן באַ-קוועמען נעסט. עפעס אַ חלק פון איר נשמה האָט דאָרט פאַר-לוירן זיין פרישקייט און געוועלקט. ווען זי פלעגט פון דאָרט אוועקגיין פלעגט זיך איר אַלץ אויסווייזן טריב שווער און דערווידער. זי פלעגט דאַן פאַרלירן מוט. זי, האָט אנגעהויבן טרוימען, אַז זי זאל מיט דער צייט האבן אַן אייגן בלאָ צימער און דאָרט לייענען ראמאנען, ליגנדיק אויף אַ ווייכן פאָטעל. ס'האבן זיך ביי איר אָנגעהויבן ווייטאקן אין מאָגן, וועלכע האָבן זי זייער שטאַרק געמאַטערט. אַ מאָל בייגאַכט האט מען אין קלויסטער געמאַכט אַ פאַלשן אַלאַרם.

עמעצער האט אַ געשריי געטאָן:

— ס'ברענט ז

אַלע שילערינס זענען אַראָפּגעשפּרונגען פון די געלעגערס און זיך אַראָפּגעקייקלט איבער די טרעפּ, אייניקע אין אונטער קליידלעך, אַנדערע — איינגעוויקלט אין קאָלדרעס. די קליינע שילערינס זענען מיט אַ יאָמער און געוויין נאָכגעלאָפן די עלטערע, אויסציענדיק די הענטלעך און פּלאָנטערנדיק זיך מיט די פיס אין די לאַנגע נאַכט-העמדער אין גיכן האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז קיין שרפה האָט נישט אויסגעבראָכן. די מוטער זשענעוויעפע האָט אויסגעזידלט דידאָזיקע אַלע משוגענע מיידלעך און געלויבט עלענען דערפאַר, וואָס זי איז נישט אויפגעשטאַנען בעת-מעשה פון געלעגער. זי האָט זיך דאַן, ווירקלעך, נישט קיין ריר געטאָן פון פוילקייט ווענן צוליב יענער באַזונדערער קליינמוטיקייט, וועלכע זי האָט געפילט פאַרן לעבן.

זי פלעגט אין קיין זאַך זיך נישט אַריינמישן, גלייכגילטיק צו אַלץ, וואָס רינגלט זי אַרום, טרוימענדיק וועגן קאָטבאַרע חפצים, קליידער, פערד, פאָרן שפּאַצירן אויף אַ שיפל און ווערנדיק צערייצט ביז טרערן טלויז ביי איין געדאַנק וועגן איר פאָטער.

פון קלויסטער איז זי אַרויס קענענדיק נאָר זיך באַגריסן אין די גאַסט-צימערן און שפּילן וואַלצן אויף דער פּיאַנע. זי האָט געפונען איר פאָטערס הויז אויפסניי מעבלירט. זי איז געוואָרן זיין בעל-הביתטע — געפירט די ווירטשאַפט ביי אים.

זי האָט באַקומען איר בלאָ צימער. דער פאָטער האָט זיך באַצויגן צו איר מיט גוטסקייט און מילדקייט פון אַן אַלטן באַשיצער. ער פלעגט זי פירן אין די קליינע טעאַטערן און נאָכן ספּעקטאַקל זי טראַקטירן מיט אַ אָוונט-ברויט. ער האָט געהאַלטן, אַז ער האַנדלט בנוגע זיין טאָכטער ריכטיק, ווי עס געהער צו זיין. אַ ביטערע אַנטוישונג איז פאַר איר געווען צו פאַרשטיין, אַז איר פאָטער דערדאָזיקער גוטער נאָכגעביקער מענטש, איז נישט געווען יענער אַדעלעגער, וועלכן זי פלעגט

זען אין אויפנעם-זאַל פונם קלויסטער! זיינע מאנערן פון אַ מאַרק-פּאָקוסניק, זיין רעסטאָראַציע-ליבגסווערטיקייט זענען איר שרעקלעך געווען דערווידער. זי האָט זיך ביי די נאָנעס אויסגעלערנט זיך שיין און איידל אויפפירן! ביי איר האָט זיך אַנטוויקלט אַן איידעלער געשמאַק און חוש צו אָנשטענדי-קייט.

איר שיינקייט האָט צוגעצויגן אָנהענגער און אַדאָראַטאָרן נאָר זייער גראָבע היציקייט פלעגט ביי איר אַרויסרופן אַ כעס אין עמפּערונג. קיינער פון זיי האָט נישט געהאַט בדעה צו בעטן איר האַנט און מיט איר חתונה האָבן. ווידער האָט זי אָנגעהויבן ליידן אויף מאָגן-ווייטאָקן. אַלע מאַנספּערשוינען, וועלכע זי פלעגט באַגעגענען ביי איר פאָטער, זענען איר אויסגעקומען לאַנגווייליק. אַלע זענען זיי געווען ענלעך איינער צום אַנדערן. איילעדיקע, אומרויקע, פאַרכאַפּט פון אַ פיבער פלעגן זיי בייסן די נעגל. בכלל זענען דאָס געווען אומרויקע צעהיצטע מענטשן, וועלכע פלעגן זיצן ווי אויף שפּילקעס, פלעגן בעטן פאָרן פאַרמאַטערן זייערע פערד און לעבן אויף וואָס די וועלט שטייט אַזוי אז דאָס לעבן פלעגט ביי זיי אַוועקגיין מיטן רויך.

ענדלעך האָט זיך באַוויזן אַ מענטש, וואָס האָט זי פאַר-אינטערעסירט.

דאס איז געווען דער מיליטערישער כירורג רענע לאַנ-מאר. אמאל האט אים זיין פאטער, דער אלטער קאמוניקאציע אינעפּסקטאר, געשיקט צוליב געשעפטלעכע אנגעלעגנהייטן, צו פעלערן און זייט דעמאלט איז רענע שטארק צוגעבונדן גע-ווארן צו פעלערס הויז אויף דער גאס ניי-דע-פּטיע-שאן און איז דארט געווארן אן אפטער איינגייער.

הגם רענע איז, ביי זיין פעטן קערפּער-בוי און בול-טער צערע נישט געווען קיין שיינער, און ריידן פלעגט ער גראָב-לעך און נעפּלהאפט, האט עלען דאך ליב געהאט מיט אים צו פארברענגען און הערן, וואס ער דערציילט, ער פלעגט ריידן מיט איר וועגן מאראלישקייט און רעליגיע אזעלכע זאכן,

אז די האר אויפֿן קאָפּ האָבן זיך ממש געשטעלט קאַפּויער. נאָר דידאַזיקע שמועסן זײַנע פּלעגן זי וויילן, הגם זי האָט ווייניק פֿאַרשטאַנען אין דעם.

— דער מענטש שטאַמט פֿון אַ מאַלפּע — פּלעגט ער איר זאָגן.

און ווען זי פּלעגט פֿון דעם ווערן אויפֿגעבראַכט, פּלעגט ער שטיצן זײַן טעזע מיט ראיות, דאָ דרייסטע און דאָ לעכערלעכע.

לאַנמאַר האָט אַרײַנגעפֿירט צו איר אין הויז, זײַנע עטלעכע גוטע פֿרײַנט און אַזוי אַרום האָט זיך בײַ דעמדאָזיקן גוטן פּעלערן געבילדעט אַ קרײַזל פֿון ייִנגע געלערנטע און פּעלער האָט אויף דעם נישט געלייגט קיין שום אַכט.

דער אַנסטער אַרצט פּלעגט פּראָקלאַמירן אַזעלכע מינים הנאות.

— טויגט — דאָס איז אַ כעמישער פּראָדוקט, דאָסזעלבע וואָס פֿאָספֿאָר אָדער שוועבלזויער. העלדישקייט און קדושה נעמען זיך פֿון מאַרך־אָנצינדונג.

געטער זענען אַדיעקטיוון.

געגנשטאַנדן האָבן שטענדיק עקזיסטירט און וועלן שטענדיק עקזעסטירן.

— הערט שוין אויף! — פּלעגט זי אים זאָגן. נאָר אין דער אמתן פּלעגט זי ממש אויסגיין פֿונם קלאַנג, וואָס זײַן פֿעסטע שטים פּלעגט אַרויסגעבן, זי פּלעגט נתפּעל און אַנציקט ווערן. ווי פֿון אַ סודותפֿולער קראַפֿט, פֿון זײַן עקספּאַנסיוון און פֿרײַען פֿאַרשטאַנד, וועלכער פּלעגט איר, דעם ייִנגן מיידל, אין די אָוונט־שעהן צווישן אַ גלעזל טיי און קעלישקל, ווישניאָווקע — וואָרפֿן געדאַנקען וועגן זאַכן, וואָס זענען איר כּדאַי צו זען און צו קענען, וועגן דעם גרויל און פּראַכט פֿון דער נאַטור, א. א. וו. אַזעלכע זאַכן פּלעגט איר דער ייִנגערמאַן וואָרפֿן פּונקט ווי אַ באַרבאַר וואָרפֿט ער צו די פֿיס פֿון זײַן

קעניגין, וועלכע איז דאך געווען פון דעם איבעררַאשט און געשמייכלט.

און אין דער זעלבער צייט פלעגן זיך פון גאסט־צימער דערטראגן טריבע קולות, וועלכע האבן גערעדט וועגן פּראַטעסטירטע וועקסלען, וועגן די רעזאלוציעס פון האנדלס־געריכט און בוי־ארבעט, וואס מ׳האט אנגעגעבן לויט א ליציטאציע. דאס האבן גערעדט איר פאטערס קליענטן און דער פאטער גופא.

דערנאך האט זיך באוויזן א שאטן, וואס האט שווייגנדיק געבלאנדזשעט צווישן פארשידענע גרופן, א גרויסער, גרויזאמער און רויטער שאטן פון אַ וואונדערלעכער און גלייכצייטיק נאַבעלער פארם. דאָס איז געווען דער ליידנדיקער שאטן פון העווילענדן.

עלען האט דעם דאזיקן מענטשן נישט צוזאמענגעמישט מיט אנדערע און אים אויסגעטיילט פון זיי; זי האט אנערקענט, אז ער איז א מענטש פון אן איידעלער ראסע, האט אנערקענט זיינע זעלטענע אינערלעכע מעלות און האט געוווסט אז ער ליבט זי, הגם ער האט מיט איר קיין מאל נישט גערעדט וועגן דעם.

וואס אנבאלאנגט לאנמארן, איז ער, טראץ זיין גאנצער וויסנשאפטלעכער דרייסקייט, געווען נאיוו. ער האט זי טיף געאכט און בסוד — פלעגט ער זיך פאר איר בוקן. דעמאגאַסטרירנדיק אפּט א גרויסע מאס גראבקייט, פלעגט ער פונדעסטוועגן פאר עלענען געפונען די פארזיכטיקסטע ווערטער — א סימן אז ער האט פאר איר געהאט דעם גרעסטן דרך־ארץ. אין איר אנוועזנהייט איז ער שטענדיק געווען לוסטיק; אפּטמאל פלעגט מען זיך עס דערקלערן דורך די אייגנשאפטן פון זיין כאראקטער; אפטמאל אויך דורך זיין ווילנס־קראפט, מחמת ער האט עלענען ליב געהאט און וואלט זיך זיכער איבערגעביסן מיט די ציין די צונג, איידער איר וועגן זיין ליבע צו זאגן עפּעס. ער האט גארנישט געהאט, א חוץ זיין פענסיע און געווארט אויף בעסערע צייטן. וואס שייך פריילין פעלער

איז ביי אים נישט געווען קיין ספק, אז זי איז שטארק רייך.

זי פלעגט מאכן שפאס פון אים, זיך ווערטלען אויף זיין קאנטא. זי פלעגט זיך מאכן, אז זי האלט אים פאר א גרויסן משוגענעם און אפילו נאך ערגער פאר דעם, נאר פיר צוגע-בונדנקייט צו אים איז געוואקסן פאמעלעך און טיף ביזן סא-מען טאג, ווען ער איז געקומען קיין מעבאן, כדי פון איר צו נעמען אפשייד.

III

דאס הויז אויף ביש-דע-מולען האט מען חרוב געמאכט. בעת דער ארבעט פונם צעברעכן און אראפטראגן דאס הויז האט מען צעבראכן אויף ברעקלעך די מענטשלעכע מאסקע, וואס איין באק אירע איז געווען א בלאע און די אנדערע א געלע. פארשוווּנדן איז געוואָרן מיט אלע איבעריקע זאכן דאס קליין צימערל, ווו מ'האט ארעסטירט דעם אלטן קאסירער דעוויד דזשוואַרט כּדי אים צו שטעלן פארן רעוואלוציאנערן טריבונאל און אים פאַרמשפּטן צו טויט שטראף דורך גיליאטינירן א געווויסע צייט האבן וואלקנס גראער שטויב, וואס האבן זיך געטראגן איבער די ארומיקע גאסן, אריינגעווארפן אין די העלזער פון די מענטשן און פערד בייסנדיקע חלקימלעך פונם אלטן בנין. די וואס האבן אין דעמדאזיקן הויז געוווינט, צווישן זיי דער פאַרבער און שלאָסער וואָלטן שוין איצט נישט געקאָנט אָנווייזן פינקטלעך, ווו דער בנין איז געשטאַנען.

פעלערס פּאָלוואַרק אין מעדאַן איז באַדייטנדיק קיילעכיקער געוואָרן. די קראַטן, וועלכע האָבן אַמאָל געצויג ענג אַרומגעגאַרטלט דאָס הייזל הינטער דער שטאָט, זענען ברייטער געוואָרן, כּדי אַרומצוּרינגלען אויך דעם שכינותדיקן פּלאַץ, ווו ס'איז באַלד טאַקע אויסגעוואַקסן אַ קליין גאָטישער שלאָס מיט טורעמלעך און שלאַכט-טורעמלעך פון ציגל. דאָס אַלץ האָט באַקומען אַ נייעם נאָמען: איצט האָט מען עס גערופן „ווילע דע סיסאַק”.

די שטוקאטור אויף די ווענט פונם נייעם שלאָס האָט דאָך נישט באַוויזן אָפּגעטרוקנט צו ווערן, ווי אויף די גראַטן האָט זיך באַוויזן אַ שילד, וואָס האָט מיטגעטיילט, אַז דאָס שלאָס, דאָס הויז מיט די שטאַלן א. א. וו. ווערן פאַרקויפט, אָדער ווערן פאַרדונגען.

די צייטן פון יאָר האָבן זיך געוועקסלט און די שילד האָט זיך אַלץ געשאָקלט אויפן ווינט פונם רעגן און פון דער זון האָט די שילד פאַרלוירן זיין גלאַטקייט און איז געל געוואָרן.

ענדלעך, מיטן אייַנטריט פונם האַרבסט האָט זיך אויפן בערגל מעדאַן אַראָפּגעלאָזט אַ שטילקייט פון פאַרצווייפלונג. דערנאָך זענען, מיט שווערע טריט, מיט ביקסן אויף די פּלייצעס, און לעדערנע העלמען אַריינגעקומען דייטשע זעלנער אין הייזל הינטער דער שטאָט און האָבן זיך דאָרט אָפּגעשטעלט זיי האָבן געמאַכט אַ פייער אין קאַמין, אויסגעבראָכן די אָנגעוואַקסטע ברעטלעך פון דער פּאַסאַדסקע. דער דאַך האָט דורכגעלעכערט אַ גראַנאַט. ס'איז געקומען דער בייזער ווינטער דער שונא האָט פאַרנומען פראַנקרייך. פּאַריז איז געווען באַלאַגערט. בעתן דאָזיקן פאָלקס אומגליק האָט פּצלערס פערלוירן כמעט אינגאַנצן זיין פאַרמעגן.

דאָס אָפּשטעלן די שטאָטישע אַרבעט, וואָס איז פאָרגעקומען נאָכדעם ווי דער פּרעפעקט פון דער סענע האָט זיך אָנגעגעבן אין דימיסיע, ביים מיניסטאָר שעוואַנדיע דע וואַלדראָם, האָט שוין געגעבן, קען מען זאָגן, אַ טויט קלאַפּ דער האַנדלס־ביוראָ אויף דער גאַס ניי־דע־פּטי־שאַן. פּעריע, וועלכן דאָס גליק האָט אָנגעהויבן פאַרנאַכלעסיקן, האָט אָנגעהויבן זיך אַליין צו פאַרנאַכלעסיקן. ער האָט אויפגעהערט צו פאַרבן זיינע באַקנבערד, איז געגאַנגען און נישט קיין אויסגערייניקטן סורדוט און האָט נעטראָגן ברילן און אַ האָרן - איינפאַסונג. דאָס געלט, וועלכעס ער פלעגט צופעליק באַקומען, פלעגט ער פאַרשפילן אין פאַרשידענע מלינות. זייט די טאָכטער האָט אויפגעהערט צו פירן די ווירטשאַפט אין זיין הויז, האָט ער אָנגע-

הויבן אָננעמען ביי זיך רויטע געפּאַרבטע מיידן, וועלכע פלעגן זינגען אויף די טרעפּ.

אַמאָל האָט מען אים באַגעגנט אין פּאַלי-בערזשעי געאָרעמט מיט צוויי פּרויען. בעת דער באַלאַגערונג פון פּאַריז איז ער ווידער געוואָרן סאָליד און האָט געגרינדעט אַ געזעלשאַפט צו אַסעקורירן דאָס לעבן אונטערן נאָמען „דער פעניקס פון דער נאַציאָנאַלער גווארדיי". קיינער האָט זיך אָבער נישט פּאַראינטע־רעסירט מיטן דאָזיקן פעניקס.

עלען האָט פיין חתונה געהאַט; פיר יאָר האָט זי פאַר־בראַכט אין נסיעות; אַזאַ פריי און זארגלאז לעבן איז איר גע־פעלן. פון אַ גרויסן וווּקס, אַ שיינע, אָנגעטאָן מיט אַ שטרענגן לוקסוס, האָט זי ביי אַלעמען שטאַרק אויסגענומען און אין די האָטעלן אין קאַזינעס איז מען פון איר ממש געווען אַנטציקט. אירע נאַכלעסיקע מאַנערן האָבן איר אומעטום צוגעגעבן אַן אַרעסטאָקראַטישן אויסזען, איר מאַן האָט זי זיך באַמיט ליב צו קריגן נאָר ביי אַן ערלעכקייט, צו וועלכע מ'קאָן גאָר נישט האָבן, און ביי אַ הויכן ער-געפיל איז ער דאָך געווען שרעק־לעך לאַנגווייליק עפּעס, אַלץ וואָס ער האָט געזען, געהערט, גערעדט און געטאָן, איז געווען אין דער זעלבער מאָס ערנסט. פאַר אים האָבן נישט עקזיסטירט קיין וויכטיקע זאַכן און נישטיקע; ס'האָבן עקזיסטירט נאָר זאַכן, וואָס זענען ראוי אָנגענומען צו ווערן אין אַכט. מאַכנדיק זיין פרוי אָן אַ שיער מתנות פון בריליאַנטן און קאָסטבאַרע חפצים, פלעגט ער זי תמימותדיק קוועלן שעהנווייז צוליב אַ רעכענונג פון דריי פיר פראַנק. ער איז, אַזוי צו זאָגן, געווען ברייט אויף אַ שמאָלן אופן. זיין פזרונות איז געווען אַ מין קאַרגשאַפט. ער פלעגט זיך אַריינ־מישן אין אַלע הוצאות פון זיין יינגער פרוי, נישט צוליב דעם כדי זיי צו פאַרקלענערן נאָר כדי זיי צו רעגיסטרירן. ער פלעגט איר דערלויבן אויסצוגעבן זייער פיל געלט, נאָר מיט אַ תנאי, אַז ס'זאָלן אָפגעהיט ווערן אַלע פאָרמאַליטעטן. אַ דריטל פון זיין לעבן איז אַוועקגעגאַנגען אויף אויסרעכענען סאַנטימען מיט דער דינערשאַפט פון די האָטעלן. מיט אַ אומבאַזיגלעכער

עקשנות פלעגט ער אַרבעטן און זיך ברעכן זיין קאָפּ איבער דער אויפגאַבע, ווי אַזוי זיך נישט צו לאָזן מ׳זאָל אים חלילה, באַגנבנען אויף איין סו. צוליב דעם, כּדי דאָס צו דערגרייכן ריז ער געווען גרייט צו פאַרלירן זיין פאַרמעגן.

ער האָט, איבעריקנס, אויסגערעכנט אַלץ! די מרחקים מיט אַ גענויקייט פון איין מעטער, די לענג, די ברייט, די הויכקייט, די דריקונג פון באַראָמעטער, די טעמפּעראַטור, די ריכטונג פונם ווינט, די לאַגע פון די וואָלקנס. אין נעאַפּאַל האָט ער אויסגעמאָסטן דעם אויפגאַנג פונם ווירגיליס בערגל.

ער איז ממש צעמישט געווען און משוגע דאָרט, ווו ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן אָרדנונג. און האָט נישט געקאָנט איבערטראָגן דאָס אנזען פון אַן אויפגעוויקלטער צייטונג, וואָס ליגט אויף דער קאנאפּע. ער פלעגט עלענען אַרויסברענגען פון געדולד, אָפּגעבנדיק איר צוריק, צו צוואנציק מאָל אַ טאָג אפשר, אין די הענט אַריין אַ בוך אָדער אַ האַנטאַרבעט, וועלכע זי האָט איבערגעלאָזט ליגן ערגעץ אויף דער קושעטקע. זי פלעגט זיך דאַן דערמאָנען אַן איר פאָטער, וועלכער האָט געהאַט אַ טבע איבערצולאָזן אַ נישט דערייכערטן פּאפּיראָס אויף די אנלענונגען פון די ווייכע קשעסלעס. נאָר דאָס איז נישט געווען שרעקלעך. עלענס גרויס לעבן איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס איר איז אויסגעקומען צו לעבן מיט אַ מענטשן, וועלכער האָט לגמרי נישט געהאַט די מינדסטע פאַנטאַזיע. די־דאָזיקע מתּנה פון גאָט איז אויף אַזוי ווייט געווען פרעמד דער הער העווילענדן, אַז ער איז נישט געווען פעיק צו באַשרייבן וועלכע ס׳איז געפיל אָדער צוצוגעבן אַן אינטערעס אַ וועלכן נישט איז געדאַנק. זינט זיי האָבן חתונה געהאַט, האָט ער נאָך קיין איין מאָל נישט געעפנט דאָס מויל אַנדערש, ווי מיטצוטיילן זיין פרוי אַ פּינקטלעכן, קלאָרן דירעקטן פאַקט. ער איז, נאַטירלעך, געווען פאַרליבט אין זיין פרוי און האָט זיך געפילט גליקלעך, וואָס ער באַזיצט זי; נאָר זיין ליבע איז געווען פונקט ווי אַ שפּריי־רעגן, איינער פון יענע רעגנס, וועלכע מ׳הערט נישט, מ׳זעט נישט, וועלכע געדויערן אָן אַ סוף,

וועלכע נעמען אָדער שטאַרק דורך די ביינער און פון וועלכע ס'איז אַזוי אומאָנגענעם קאַלט.

הער העווילענד האָט געהאַט אַ דינער, וועלכער האָט מיט אים צוויי מאָל געמאַכט אַ רייזע איבער דער וועלט.

זיי פלעגן זיך קיינמאָל נישט שיידן. דעמדאָזיקן דינער אַ פראַנצויז מיטן נאָמען גרולט, האָט העווילענד צו זיך גענומען ווען ער איז נאָך געווען אַ יינגערמאַן, אין אַווראַש. גרולט איז נישט געווען קיין שיינער; האָר האָט ער געהאַט רויטע, האַרטע, פייערדיקע, און אויגן — גרינע, זייער אומרויקע, ער איז געווען אַ לאָמער. ער איז אָבער געווען זייער אַ זויבערער און זיינע פליכטן פלעגט ער אויספילן מיט אַ טאַדעללאָזער פּינקטלעכקייט ער איז געווען אַ פאַרה־יראַטער; זיין פרוי, וועלכע האָט ווי־ער, געדינט ביי העווילענדן, פלעגט בלייבן אין פאַריז און אָפּ־היטן העווילענדס פרעכטיק באַזונדער הויז, וועלכעס ער האָט נישט לאַנג אויסגעבויט אויפן בולוואַר לאַטור־מאָבור

העווילענד האָט זיך פאַרנומען מיט כעמיע און גרולט איז פאַר אים געווען אַ געהילף. העווילענד פלעגט יעדן טאָג איינגעמען לפּואות, און גרולט איז געווען דער שומר פון זיין רייזע־אַפּטייק. דערדאָזיקער גרולט איז געווען אַ זעלטן פאַר־שטענדלעכער און קלוגער מענטש. ער פלעגט קונציק זיך באַ־גיין מיט די רפאות, האָט נעקאָנט פיל מלאכות און ביי אַ גע־לעגנהייט האָט ער זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ גוטן שלאָסער. ער האָט געהאַט שרעקלעכע בייניקע הענט מיט זייער גרויסע פינ־גער און דידאָזיקע מגושמדיקע הענט זענען מסוגל געווען אויסצופירן די פיינסטע אַרבעט; נאָר ביי אַלע זיינע טעכנישע פעיקייטן האָט ער זיך, פונדעסטוועגן, נישט אויסגעלערנט צו שרייבן דייטלעך, מ'זאָל קאָנען לייענען זיין כתב. ער האָט זיך צוזאַמענגעשטעלט אַן אייגענעם אַלף בית, און קיינער, חוץ אים, האָט נישט נעקאָנט דערגיין, וואָס פאַר אַן אותיות דאָס זענען, אָדער וואָס פאַר אַ צימער דאָס איז, אויף די שטיקלעך פּאַפּיר, ווו ער האָט פאַרשריבן זיינע רעכענונגען. מיט זיין שמירעכץ, מיט זיינע שרעקלעכע לאַפּעס, מיט זיין בערישן גאַנג. מיט

אַפּטייק-ריח, וועלכער ס'האָט פון אים געטראָגן. מיט זיינע פלעקן פון זויערקייטן אויף דער הויט—פלעגט ער אַריינבּרענגען אין אַ שרעק די פּאַקאַיאָווקעס און קעכינס, וועלכע האָבן פאַר אים מורא געהאַט, ווי פאַרן רוח און געהאַלטן, אַז ער איז פעיק אויף אַלדינג, נישט ווייסנדיק, פונדעסטוועגן, און וואָס, אייגנטלעך, מ'האָט אים פאַרצוואָרפן.

גרולט איז געווען דיין פון יעדער זינד

עלען, וועלכן דערדאָזיקער גרולט האָט אַריינגעגעבן אַ אינסטינקטיוון עקל, האָט געפּרווווט פון אונז פּטור צו ווערן אים באַזייטיקן פון זיין שטעל; נאָר אינגיכן האָט זי זיך איבערצייגט, אַז אָן אים קאָן מען זיך נישט באַגיין און זי האָט שלום געמאַכט מיט דער אומאנגענעמלעכקייט צו צוזען, ווי ער שפּאַצירט כסדר מיט זיין בערישן גאַנג צו איר מאַן און צוריק. ער האָט, דאַכט זיך. אויף עלענען זיך נישט באַליידיקט, וואָס זי האָט אים פיינט און אין זיין אַרט באַהאַנדלען זי איז ער, ווי שטענדיק, געווען העפלעך ווי עס געהער צו זיין.

די נישט פריינטלעכע באַציונג צו אים מצד דעד בעל-הביתטע האָט אים שטאַרק נישט געשראָקן. דער בעל-הבית האָט געהאַט צו אים אַ פולן צוטרוי, פון אים שטאַרק געהאַלטן, און גרולט האָט געוווסט, אַז ער העווילענדן וועט זיין נישט לייכט מיט אים זיך צו שיידן. ס'האָט עקזיסטירט איין בונד צווישן העווילענדן און זיין דינער אָט ווערט שוין צוואנציק יאָר, ווי זיי האָבן ביידע געזוכט סעמועל דזשוואַרטן.

העווילענד איז נאָך געווען אַ פּיצל קינד, ווען ער האָט דאָס ערשטע מאָל דערהערט די דערציילונג וועגן דעם טויט פונם אַלטן קאַסירער דעוויד דזשוואַרט, וועלכן מ'האָט גיליאָ-טינירט אין יאָר 1794. דידאָזיקע דערהאַבנדיקע שטאַנדהאַפטיקייט פונם מוטיקן מענטשן, וועלכער האָט געוואַרט אויפן אויספירן דעם טויט-שטראָף איבער אים, אָפהיטנדיק און באַהאַטלנדיק די האַנדלס-ביכער וועלכער דער בעל-הבית האָט אים אָנגע-טרויט, — האָט זיך אויסגעוויזן פאַר זייער פיין און איידל דעם יורש פון העווילענד שטאַם, וועלכער איז געווען פעיק,

ביי זיין ערלעכן און פּאָזיטיוון שטייגער פונם וועלט-אויפפּאַסונג, צו שעצן יעדע פּראַקטישע איבערגעבנקייט. ער האָט מיט גאָרנישט אַרויס-געוויזן דאָס, וואָס ער האָט דערפילט, נאָר שפּעטער, ווערנדיק בעל-הבית איבער זיינע אייגענע מעשים, האַנדלונגען און אייגנ-טום, האָט ער זיך גענומען זוכן כדי צו דערגיין. צי לעבט נאָך עמיצער פון דעם אַלטן קאַסירערס אַן אוראייניקל. ער האָט זיך דערוווּסט, עדנדריו דזשואַרט, דעווידס אַן אוראייניקל וווינט, אַלס גרויסער סוחר, אין קאַלקוטע. ענדריו דזשואַרט האָט ווירקלעך חתונה געהאַט מיט אַ הינדוסן און צוזאַמען היט אַ בראַמין געגרינדעט אַ האַנדלס-הויז אונטער דער פירמע „ענדריו דזשואַרט, ליסאַלי סאַלי עט קאָמפּ.

העווילענד האָט זיך, אין באַגלייטונג פון זיין דינער גרולט, געזעצט אויף אַ שיף, און געמאַכט אַ ווייטע נסיעה, כדי אָפּצוזוכן ענדריו אין קאַלקוטע און אים זאָגן: אייער על-טער זיידע איז געשטאָרבן אויף אַ פּאָסטן ביי מיין עלטער זיידן ווי אַן ערלעכער דזשענטעלמען. דערלויבט מיר אַ דריק טאָן אייער האַנט צו קאָן איך האָבן דאָס פאַרגעניגן אייך מיט עפּעס צו דינען?

נאָר ווען ער איז געקומען צו פאָרן קיין קאַלקוטע, אין יאָר 1849, האָט ער זיך דערוווּסט אַז די געזעלשאַפט „ענדריו דזשואַרט, ליסאַליסאַלי עט קאָמפּ.” איז ליקווידירט געוואָרן צו-ליב דעם, וואָס ענדריו איז מיט אַ יאָר צוריק געשטאָרבן פון כאָלערע, איבערלאָזנדיק נאָך זיך אַן אלמנה און אַ פּיריאָריקן זון סעמועל. מיסטריס ענדריו האָט, פאַרלירנדיק איר פאַרמעגן, פאַרלאָזן מיט איר קינד די שטאָט. העליוועגדן איז נישט גע-לונגען זיך אָנצושטויסן אויף עפּעס אַ שפּור. דערוויסנדיק זיך אַז אַנדריו דזשואַרטס שותף ליסאַליסאַלי האָט זיך באַזעצט אויף אַ בורבאָנען-אינזל איז ער אַוועקגעפאָרן אַהין און דאָרט אָפּ-געזוכט דעם בראַמין, וועלכער האָט געלערנט ענגליש די קינדער פונם דאָרטיקן גובערנאַטאָר. הער ליסאַליסאַלי, האָט מיטגעטיילט דעם הער העווילענד. אַז ענדריו דזשואַרטס אלמנה מיט איר קינד איז אַוועקגעפאָרן, אויף צו באַזעצן זיך ביי איר ברודער,

הער דזשאָנסאָן אַ דעמיסיאָנירטער אָפיציר פון דער אַרמיי פון זיין מאַיעסטעט.

מער האָט העווילענד זיך נישט געקאָנט דערוויסן און דערגיין וועגן דעם גורל פון דזשוואַרטס אלמנה און איר זון. איצט האָט סעמועל דזשוואַרט שוין געדאַרפט אַלט זיין זיבן און צוואַנציק יאָר: יעדע וואָך פלעגט אין „טיימס" ווערן אָפּגעדרוקט אַן אַנאָנס, אין וועלכער מען פלעגט דעם יינגן דזשוואַרטן בעטן מיטצוטיילן דעם מיסטער מערטין העווילענד עסקוואַיר, ווו ער וווינט, אָדער געפינט זיך צייטווייליק — קיין פּאַריז. נאָר סאַמועל דזשוואַרט האָט זיך אויף דערדאָזיקער אַנאָנס נישט אָפּגערופן און נישט אַרויסגעוויזן קיין שפּור פון לעבן.

העווילענד איז געווען פאַרנומען מיט דידאָזיקע זוכענישן גאַנצע זיבן און צוואַנציק יאָר — מיט דער זעלבער היץ און ברען, נישט ווערנדיק מיד קיין איין טאָג אין דידאָזיקע ענערגישע זוכענישן. דאָס איז געווען זיין אַרבעט, ער פלעגט זיך פאַר איר נעמען יעדן פרימאָרגן, ווי אַ טישלער נעמט זיך פאַר זיין הובל. גרולט האָט געהאַלטן אין זיינע הענט אַלע פעדערן פונם דאָזיקן ענין און פלעגט זיי קונציק פאַנאַנדער בינדן.

גרולט פלעגט זיין באַזונדערס נוצלעך פאַר העווילענדן אין די פאַלן, ווען עס פלעגט אויסקומען צו דעמאַסקירן אַ געפעלשטן סעמועל דזשוואַרט, מחמת עס האָבן זיך געפונען פיל אַוואַנטוריסטן, וועלכע פלעגן קומען צו העווילענדן און זיך פאָרשטעלן אַלס זון און יורש פון אַנדריו דזשוואַרט. נאָך אַ קורצער חקירה ודרישה פלעגט זיך אַרויסווייזן, אַז דידאָזיקע כלומרשטע דזשוואַרטס זענען פשוטע שווינדלער און האָבן זיך קיינמאָל מיט אַנדריו דזשוואַרט אָדער מיט זיין פרוי גאָרנישט אָנגעקערט.

אין האַרבסט 1871 איז העווילענד געוואָרן שטאַרק נישט געזונט. ער האָט אָנגעהויבן ליידן אויף שלאָפלאָזיקייט און קאָפּשווינדלען. אַמאָל (דאָס איז געווען אָנפאַנג ווינטער, זיי

האָבן זיך דאַן געפונען אין ניצע אין דער איילבערטן ווילע) האָט עלען, וועלכע האָט דאַן אין גאַסט-צימער געלייענט אַ ראָמאַן, דערזען איר מאַן אַריינגייענדיק אין צימער, און האָט אַ געשריי געטאָן פון שרעק.

— אַך, וואָס פאַר אַ אויגן איר האָט! וואָס איז מיט אייך? טוט אַ קוק אין שפיגל און זעט, וואָס פאַר אַ אויגן איר האָט!

העווילענדס בלאָע אויגן זענען שוואַרץ געוואָרן. די ליפּן האָבן ביי אים געציטערט, דאָס פּנים האָט אויסגעדרוקט אומרו; און ער האָט געענטפערט:

— ער וועט קומען, סעם, סעם, דזשואַרט.

IV

די לעצטע חדשים פון ווינטער איז העווילענד געקומען צולויפן פאַרברענגען אין פּאַריז. דער הויף פון זיין אָפּגע-זונדערט הויז איז געווען אָנגעשטעלט מיט וואַליזעס, קוישן, שאכטלען און צווישן זיי האָט זיך שטאַרק געפּאָרעט פרוי גרולט. זי האָט געטראָגן אויף זיך אַ קאַרטינענע בלוזע אין בלימלען און איר גאַנץ וועזן האָט אויסגעוויזן צו זיין פונם דאָזיקן ווייכן שטאָף. פרוי גרולט, אַ מילדע און באַוועגלעכע, האָט מיט זיך דערמאָנט אַ קנויל שמאַטעס, וועלכער ווערט געשלעפּט דורך אַ אומזיכבאַרער קראַפט. איר פּנים איז שטענ-דיק געווען באַדעקט מיט אַ מין שווייס, דערום האָט זי גע-האַלטן אין איין אָפּווישן אים מיט די עקן פון אירע אַרבל. זייענדיק אַ פּחדנות האָט זי איבערגעשלעפּט די שאַכטלען אונטער דער שטרענגער אָנפירונג פון דער פאַקאיאָוקע און האָט זיך פאַרלוירן פון די פאַראָרדנונגען, וועלכע דידאָזיקע פרוי האָט אַרויסגעגעבן. און וועלכע האָבן זיך איינע דער אַנדערער סותר געווען, דידאָזיקע פאַקאיאָוקע איז שוין איין מאָל געווען אַ געשיקטע און נישט קיין לעמעשקע. זי האָט געטראָגן אַ קאָקעטיש געמאַכטע פריזורע און געוואָרפן אייגלעך די קאָ-ניורעס.

עלען האָט אַראָפּגעוואָרפן אויף אַ שטול איר וועג-פּעלץ און העווילענד האָט אים זאָרגזאַם צונויפגעלייגט און געבראַכט

אין אָרדנונג. אויפגעבראַכט. האָט זי זיך גענומען אָפּקלאַפּן איבערן פענסטער-שויב אַ טערקישן מאַרש.

דער קופּאַל פון אינוואַלידן-הויז האָט קוים געבלאַנקט אויפן טריבן הימל. אַלץ אַרום איז געווען פאַרצויגן מיט אַ כמורנעם נעפּל. עלען איז אַריין אין איר צימער און זייער אַ שלעכטער שטימונג.

גרולט האָט מיטגעטיילט, אַז ס'איז נעקומען פעלער דע־סיסאַק. דער האַנדלס-מעקלער איז אַרויפגעלאָפן אויף די טרעפּ זייער האַסטיק, כדי מקבל-פנים צו זיין דעם איידעם און אַ קוש טאָן זיין טאָכטער. ער איז געווען פאַרשפּילעוועט ביזן קראַגן. זיין צילינדער-הוט, אינגאַנצן אויסגעפּאַלדעוועט פון שפּילקעלעך, האָט זיך שוין מער נישט געלאָזט פּרעסן, ער פלעגט זיך נאָר לאָזן באַשפּריצן מיט וואַסער: פעלער פלעגט אים בפועל-ממש באַגיסן מיט וואַסער, כדי אויסצוגלייכן די טראָציקע טוכהערעלעך און צום לעצטע מאָל אים צוגעבן אַ גלאַנץ, די אָפּצאַסן אויף פעלערס שיך זענען געווען שוין אָפּגעטראָגן און האָבן זיך אַזוי אויסגעקרומט, אַז ער האָט גע־מוזט מאַכן טריט ווי אַ ענטל, כדי צו פילן זיך פעסט אויף די פיס.

העווילענד האָט זיין שווער נישט דערלאַנגט די האַנט פעלער איז געקראָכן פון דער הויט, זיך באַמיענדיק וואָרעם צו מאַכן זיין „טייערן אינזל-מענטש, דעם פיל געשעצטן איי־דעם". מיט זיין מעטאַל-שטים האָט ער ווי געהאַקט מיט קזשעמען איבער אַ גרויען שטיין. נאָר קיין פונקען האָבן זיך פון העווילענדן נישט געשאָטן. דער האַנדלס-מעקלער האָט זיך אַליין געזאָגט, אַז זיין טייוולאָנישער איידעם איז, סוף-כל-סוף, לויט זיין נאַטור, אַ מענטש, און האָט אַרויסגעוויזן אַ גרויס עקשנות אין זיין פאַרלאַנג דעם איידעם אָנצועלעקטריזירן.

נישט דערהערנדיק די פראַגע, ווי עס גייען זיינע געשעפטן האָט פעלער געזאָגט:

— אגב, וועל איך פון אייך נישט פאַרבאָרגן, אַז מיר

איז דאָ אויסגעקומען שווערלעך. כ'האָב איבערגעלעבט, קאָן מען זאָגן, אַ קריזיס.

האַלטן פֿאַרבאָרגן דידאַקטישע שוועריקייטן האָט ער, גאַ-טירלעך, נישט געקאָנט פֿון העווילענדן, ווען ער האָט אין משך פֿון פֿיר יאָר נישט געלאָזט צורו. מיט בקשות וועגן געלט-שטי-צע. בעת דער באַלאַגערונג פֿון פּאַריז האָט ער עטלעכע מאָל דעם שווער געבעטן דורך אַ לופֿט-באַלאָן, דורך דער טויבן-פּאָסט און דורך אַנאָנסן אין „דייל-טעלעגראַף", ער זאָל אים צושיקן אַ טשעק אויף איינע פֿון די פּאַריזער בענק. די ערש-טע בקשה האָט העווילענד דערפֿילט, און אויף די איבעריקע האָט ער אַפֿילו גישט געענטפֿערט. פּעלער איז אַוועק אויף דער וויקטואַר גאַס, צום באַנקיר טשאַרלז סימפּסאָן און האָט זיך באַנוצט מיטן געשעצטן נאָמען פֿון זיין איידעם, כּדי אויס-צובאָרגן אַ געוויסע געלט-סומע, באַנוצנדיק זיך דערביי מיט אַ פֿאָרטל, ווען עס איז העווילענדן שטאַרק נישט געפֿעלן געוואָרן און אין וועלכן ער האָט איינגעזען אַ נישט דערלאָזבאַר אומ-קאָרעקטקייט.

דערפֿאַר האָט פּעלער איצט נישט פֿאַרבאָרגן פֿון זיין איידעם זיינע פֿינאַנציעלע שוועריקייטן. נאָר איצט — האָט פּע-לער צוגעגעבן — האָבן זיך זיינע געשעפֿטן אַביסל פֿאַרבע-סערט — עס האָט זיך מיר אונטערגערוקט אַ גלענצנדיק גע-שעפֿט.

באַרירנדיק דעמדאָזיקן ענין, האָט פּעלער אָנגעלענט זיי-נע פֿויסטן אויף די קני און אַ לאַנגן זיפֿץ געטאָן- ער האָט אָנגענומען זיין פּאָזע.

— דאָ האַנדלט זיך, — האָט ער געזאָגט אָנשטעלנדיק אין קאָרניז זיין נאַפּאָלעאָנישן בליק, — דאָ האַנדלט זיך וועגן אַן עסן, וואָס זיין אומגעוויינטלעכע מאָראַלישע באַדייטונג וועט נישט אַנטרונען פֿון אייער אויפֿמערקזאַמקייט. דאָ האַנדלט זיך וועגן אַן אַרבעטער-באַנק, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אויף גאָר נייע פּרינציפּן. אין דער תּקופֿה, ווען די אויסערגעוויינט-לעכע אַנטוויקלונג פֿון די אַרבעטער קלאַסן פֿון דער באַפֿעל-

קערונג שטעלט פאַרן עקאָנאָמיסט נייע אויפגאַבן און בילדעט מיט זיך, ווען כ׳וועל האָבן די דרייסטקייט אַזוי זיך אויסצו־דריקן, אַ שטענדיקע סכּנה פאַר דער גאַנצער געזעלשאַפט, פילט זיך די באַדערפעניש אין אַן אַנשטאַלט, וועלכער וואָלט אַריינגעגעבן דעם פּראָלעטאַריאַט אַ געפיל פון שפּאָרזאַמקייט. באַפרייענדיק זיך איצט פון יענע מניעות, וועלכע די פריער־דיקע רעגירונג וואָלט געוויס געמאַכט אַזאַ אויפטו, דאַרפן מיר טאָן און..

אין דערדאָזיקער רגע האָט פעלער דע־סיסאַק באַמערקט אַז זיין שלימזלדיקער צילינדער איז פאַררעטעריש געוואָרן באַ־שיינט דורכן איינציקן שטראַל פון דער זון, וועלכער איז אַריינגעדרונגען אין גאַסט־צימער און, ס׳קאָן זיין, אין הויז אַריין בכלל.

— און טאָן גיך.

נאָך אַזאַ לאַנגער הקדמה האָט פעלער געפרעגט זיין איידעם, צי וויל ער אפשר זיך באַקענען מיטן אוסטאַוו פון דער אַרבעטער־באַנק.

העוווילענד האָט געענטפערט:

— ניין!

פעלערן וואָלט זיך געוואָלט, אַז זיין אָנגענעמנער און רייכער איידעם זאָל האָבן אַן אַלגעמיינע פאָרשטעלונג וועגן די יסודות, אויף וועלכע די אַרבעטער־באַנק האָט זיך געגרינ־דעט. ער האָט געהאָפט דערהערן פון זיין איידעם קאָסטבאַרע אָנווייזונגען און עצות, שליסלעך, פאַרוואָס זאָל ער אים נישט זאָגן גלייך און אָפן, און וואָס עס האַנדלט זיך! דערדאָזיקער ענין פאַרבונדט דאָך, אַז די גרעסטע קאַפּיטאַליסטן זאָלן זיך באַ־ציען צו אים מיט אויפמערקזאַמקייט, און ער וואָלט זיך נישט געקאָנט מוחל זיין, ווען ער וואָלט נישט איינגעלאַדן זיין שווער זיך צו באַנוצן מיט די פאָרצוגן, וועלכע די באַנק גיט די ער־שטע אקציאָנערן אירע.

פעלער האָט אויפגעהערט צו ריידן.

העזוילענד האָט אָנגעקלונגען צום דינער און יענער איז, צוהינקנדיק, באַלד אַריינגעקומען אין צימער אַריין.

— גרולט, — האָט ער צו אים געזאָגט, — רוימט אָפּ דעמדאָזיקע ציגאַרן-שיריים.

דאָס איז געווען אַן אויסגעלאָשענע און צעקייטע ציגאַר, וואָס קאָסט צען סאַנטים, וועלכע פעלער האָט אַריינגעייענדיק אין צימער, אַוועקגעלייגט אויפן עק בלומענטאָפּ.

דערנאָך האָט העווילענד אַ קוק געטאָן זיין שווער אין פּנים אַריין און אים געזאָגט;

— כ'וועל אייך נישט געבן קיין אָנווייזונגען, וואָס צו טאָן, ווייל איר וועט סיי ווי סיי זיי נישט פאָלגן. כ'וועל אייך נישט געבן קיין געלט, ווייל כ'ווייס, אַז איר וועט זיי מיר נישט אָפּגעבן צוריק. איר זענט נישט קיין דזשענטעלמען, ניין! כ'בעט אייך, קיינמאָל נישט קומען צו מיר, ניין! די פרוי העווילענד קענט איר באַזוכן, ווען איר ווילט, יאָ!

און ער איז אַרויסגעגאַנגען

באַטייט ווי פון אַ קלאַפּ. דערהרגעט, פילנדיק זיך ווי אַ מענטש וואָס איז שוין אָפּגעפּאָרן האָט פעלער דאָך געפונען אין זיך מוט לוסטיק אַרומצואַרעמען זיין טאָכטער און צו ריידן מיט איר וועגן קלייניקייטן און נאַרישקייטן. זי האָט אים באַגעגנט מיט אַ צערטלעכקייט פון אַ בת-יחידה. אינם כאַראַקטער פונם דאָזיקן מענטשן איז געווען עפּעס לייכטס און מיט דעם האָט האַרמאָנירט עלענס פוילע נאַטור. שליסלעך, איז ער דאָך גע-ווען איר פאָטער. איין בליק פון אים איז געווען גענוג, כדי צו באַמערקן, אַז זיין העמד איז אויף די עקן צעצופּט און צע-ריסן און אַז זיין סורדוט גלאַנצט שוין אויפן קראַגן מיטן ספּעציפישן גלאַנץ פון אָפּגעטראָגנקייט, זי האָט אויך באַמערקט דעם שטאַרן אָפּגעטראָגענעם צילינדער און בכלל דעם גאַנצן קלאָגעדיקן טואַלעט פון איר פאָטער. זי האָט זיך אָנגעהויבן אָנשטויסן, פון וואַנען דידאָזיקע סמני - דלות נעמען זיך. נאָר דערזעענדיק אַז זיין טאָכטער איז פאַרזאָרגט, האָט ער, דער אומגליקלעכער, אַ שמייכל געטאָן! ער האָט זיך פאַרופן אויף

דעם וואָס ער איז ממש פֿאַרשלונגען מיט זייער גוטע געשעפֿטן ער האָט זיך אַנטשולדיקט, וואָס ווערנדיק אַלט. פֿאַרנאַכלעסיקט ער זיין אויסערלעכקייט. ער האָט זי געפֿרעגט, צי זי איז גליקלעך. ער האָט איר געגעבן אַן עצה, זי זאָל שטאַרק ליב האָבן דעם מאַן. דערנאָך הייס אַ קוש טוענדיק זי, האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט איבער די טרעפּ מיט אַזאַ שווערן טריט, פּונקט ווי ער וואָלט עלטער געוואָרן אויף צען יאָר און איז נידעריקער געוואָרן אין וווקס — ער איז אַרויס פֿון זיין טאָכטערס פּרעכטיקער וווינונג מיט אַ טריבן בליק, מיט אַן אַראָפּהענגענדיקער גאָמבע, אַראָפּלאָזנדיק דעם קאָפּ אונטער זיין אייביקן צילינדער.

עלען האָט באַמערקט, אַז איר מאַן האָט זיך צעקריגט מיטן פֿאָטער. הגם זי האָט זיך אָנגעשטויסן וועגן די סיבות פֿון דערדאָזיקער מחלוקה, איז זי פֿונדעסטוועגן געווען שטאַרק אויפֿגעבראַכט. דידאָזיקע מחלוקה האָט געדינט אַלס סיבה פֿאַר עלענען צו זאָגן דעם מאַן עטלעכע שטעכווערטער, צו מאַכן אים געוויסן קאַפּולער אָנצוהערעניש און צו פֿירן אַ ברוגז מיטן מאַן אָן אַ רעאַלן גרונט אָן אַ מעגלעכקייט צו געבן געהעריקע דערקלערונגען.

זייענדיק שטאַרק שטורמיש אין אירע סימפּאַטיעס, האָט זי פּלוצלינג געווענדט איר גאַנצע, נישט אויסגעגעבענע צערטקייט אויף איר מאָנס פּלעמעניק, דזשאָרזש, אַ העל-בלאָנדן, שלאַנקן יינגל, אַ קאַפּריזנער און ליבלעכן.

דזשארזש העווילענד, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין אָווראַנש אין דערצויגן געוואָרן אין קאַטוילישן גלויבן צווישן אַ נישט קיין גרויסער ענגלישער קאָלאָניע פֿון דערדאָזיקער שטאָט, איז געווען אַ יתום. דער פֿאָטער, וועלכער איז באַשטימט געוואָרן פֿאַר זיין אפּעקון, האָט אים אָפּגעגעבן אין סטאַניסלאַוו קאָלעדזש אַלס שילער, וואָס דאַרף קומען אַהין זיך בלויז לערנען, אָבער נישט ווינען דאָרט. עלען האָט אים אַלץ נאָכגענעבן אַלע ווילטאָקן, אָבער געטאָן האָט זי עס פֿון

דערהאבנדיקע טעמים. זי פלעגט אים אַליין פארקצמען אויף צוואַנציק אופנים, כדי צו זען, סאַרע פריזור עס פאַסט אים בעסער. זי פלעגט אים צוויגנען אין די אָוונט-שעהן אַוועקצו־וואַרפן ד לעקציעס און אים מיטנעמען אויף קאָנצערטן אָדער אין טעאַטער.

די טעג זענען אָבער ביי איר געווען נישט פאַרפולט, זי האָט געבענקט און געוויינט. איר האָט זיך געוואָלט וויינען ערגעץ אין אַ בוידעם-שטוב, אַליין מיטן פאָטער.

זי פלעגט בשתיקה אַנטלויפן פון דערהיים צו איר פאָטער וועלכער האָט דאַן געוווינט אויף דער רוימער גאַס, אין אַ ביי הויז, אויסטרינקנדיק מיט זיך זיין שטוקאַטור. דידאָזיקע נסיעות אין אַ פיאַקס צום פאָטער פלעגן זי שטאַרק ווייזן. זי פלעגט דאַן אַראָפלאָזן די וואַלקע און ציטערן, פונקט ווי זי פלעגט פאָרן אויף אַ ראַנדקע,

דעם פאָטערס וווינונג האָט אויסגעזען ווי אַ קאַוואַלערישע אויפן טיש צווישן די פאַפירן, האָבן זיך געוואַלגערט פאַיקעס; די אָטאָמאַנע איז געווען אַזאַ ווייכע און „גוטהאַרציקע”, נישט קוקנדיק אויף אירע צעבראָכענע ספרונזשינעס;

עלען האָט געקושט איר פאָטער אין זיינע פוכקע באַקן און זיך אָנגעהויבן אומעטום גליקלעכן וועז זי האָט געפונען עפעס אַ ווייכער געגנשטאַנד, ווי למשל, אַ שירם, אַ וואַלקע, האָט זי געמאַכט אַן אָנשטעל, ווי זי באַמערקט גאָר נישט, און האָט זיך דערביי געביסן די ליפן און געשמייכלט מיט די אויגן. דער פאָטער איז געשטאַנען פאַר איר אָן ווערטער פון ליבע און אַנציקונג ער האָט דאַן ממש נישט געפונען קיין ווערטער אויסצודריקן זיין הייסע ליבע צו זיין טאָכטער און זיין התפעלות.

צעוואַרפנדיק דעם פאָטערס פאַפירן, אָנעסנדיק זיך מיט טשאַסטעס, אָנטרינקנדיק זיך, אָנלאַכנדיק זיך אין אַ צופּטועבדיק איר פאָטער פאַר די באַקנבערד, פלעגט זי אַוועקגיין מיט אַ

שווערן זיפץ. און ער, שטייענדיק אויף די טרעפּ, פלעגט ברענ־
גען אין אָרדנונג זיין יאַרמלקע, וואָס פלעגט אַראָפּפאָרן אין אַ
זייט פון די אַרומנעמעניש, און איר אַריינזאָגן אין אויער
אַריין:

— האָב שטאַרק ליב דיין מאַן, דו הערסט? מיטן גאַנצן
האַרצן האָב אים ליב.

דעמאָלט פלעגט זי פילן אַן עקל צו איר מאַן. איינקורטשענ־
דיק זיך אין אַ ווינקל פון עקיפּאַזש, פלעגט זי אים זען פאַר
זיך, אויפן קוטשערס רוקן, מיט זיינע טריבע אויגן און באַקן
אָנגעגאָסן מיט בלוט, ווי שלעכט אויסגעבראָטן פלייש. און זי
האָט דערביי געמאַכט אַ גרימאַסע, פונקט ווי איר וואָלט זיך
געוואָלט אָפּברעכן.

צי איז פאַרבליבן אין דער טיפקייט פון דערדאָזיקער
נשמה, אויפן געביט פון די פריערדיקע וויזיעס, איין האַלב־
אָפּגעריבן געשטאַלט, נאָר עפּעס אַזאַ ליבלעכס אין טייערס, —
דאָס געשטאַלט פון אַ אָפּווענד, וועלכער האָט זיך נישט צוריק־
געקערט?

צי זענען אפשר צווישן די זיפצן פון דערדאָזיקער פרוי
געווען אַזעלכע, וואָס זענען געווען געווענדט צו יענעם אָנ־
ווענדיקן, זיפצן, וואָס האָבן זיך אַוועקגעטראָגן ווייט זייער
ווייט און זענען קיין מאָל צו יענעם נישט דערפלויגן?

אַמאָל, ווען עלען האָט נישט ווילנדיק אַראָפּגעלאָזט
אויף די קני, ווי אַ שווערע משא, אַ האַנט־אַרבעט, וועלכע זי
האָט אַ טאָג פאַר דעם, אָנגעהויבן און געקוקט, מיט יענער
עקשנותדיקער אויפמערקזאַמקייט, וועלכע קומט צוזאַמען מיט
דער לאַנגווייליקייט פון די פענצטער־שויבן, פון וועלכע עס
האָבן זיך געשאָקלט די אַרכיטעקטור־פּראָפילן, וואָס האָבן גע־
קוקט אין די פענצטער אַריין, — האָט דאָס שטוב־מיידל איר
דערלאַנגט אַ וויזיט־קאַרטע.

איבערלייענדיק זי, האָט זי האַסטיק זיך אויפגעהויבן,

פאַרריכט די פריזור, די פאַלדן פון קלייד און איז אַריין אין גאַסט צימע, אויפגעלעבט, שוין געוואָרן, מיט אַ גראַציע פון אַ שוואַן אין דער צייכנונג פון האַלדז, באַפעלעריש צוקלאַפנדיק מיט די אָפּצאַסן אונטערן שלייף פון איר קלייד.

## V

פאַר איר האָט זיך אויפגעהויבן רענע לאַנמאַר.

ער איז געווען בלאַסער, ווי אַמאָל. זיינע פול געוואָרענע באַקן און אַלע געזיכטס-שטריכן זענען ווייכער געוואָרן; זיין פנים האָט געהאַט אַ ערדישן ניואַנץ און אַרום בלאָנדיקע אויגן האָט ער געהאַט שניידיקע בלייענע האַלב-קרייזן. דאָס זענען געווען פאָלגן פון פיבערן, וועלכע האָבן אים געפּייניקט דאָרט, אויף די רייז-פּלאַנטאַציעס. ער האָט געהאַט דעם פריערדיקן מוטיקן אויסדרוק פון די אויגן, דאָס זעלבע ליבלעכע מויל, דאָס זעלבע אָפן פנים.

— איר זעט, — האָט זי אים געזאָגט, — די וועלט איז נישט גרויס, און מ׳קומט צוריק פון אומעטום. איך בין נישט איבערראַשט, וואָס איך זע אייך ווידער, און דאָס פרייט מיך זייער.

תחילת האָבן זיי זיך געפילט זשענירט, ערנסט. יעדער פון זיי האָט הינטער זיך געהאַט אַ גרויסן פּאַס לעבן, מיט וועלכן דער אַנדערער איז נישט געווען באַקאַנט.

זיי האָבן זיך באַמיט צו דערקענען ווידער איינער דעם אַנדערן. צוליב דעם אפשר, וואָס זי האָט געוואָלט מקיים זיין דעם חוב פון גאַסטפריינטלעכקייט, אָדער איר האָט אַריינגעפירט אין אַ נסיון אַ געהיים געפיל, נאָר, — אַזוי אָדער אַזוי, — זי האָט אַרויסגערעדט דאָס ערשטע האַרציקע וואָרט.

— צי ווייסט איר, אַז עמיצער האָט צייטנווייז געטראַכט וועגן אייך, — האָט זי געזאָגט.

דאַן האָט רענע מוטיק זיך פאַרטיפט אין זייערע אַלגע-מיינע זכרונות. ער האָט אָנגעהויבןריידן וועגן די גלעזלעך טיי אויף דער גאַס ביי-דע-פטי-שאַן, וועגן זייערע שפּציר-גאַנגען קיין מעדאַן, וועגן די דאָזיקע און ווייסע קליידער, וואָס זענען צעדראַפּעט געוואָרן דורך די דערנער פון די קוסטעס, וועגן איר פּאָטערס שיינע ווערטן, איבער וועלכע די יוגנט פלעגט זיך וויצלען בעת די וואַלד-עקסקורסיעס און פאַרשידענע אַנדערע זאַכן. זי האָט אים געפרעגט, צי ער באַהאַלט נאָך ווי פריער, זשאַבעס אין די טאַשן. אין אַ פערטל שעה אַרום האָט זיך זיי שוין אויסגעוויזן, אַז זיי האָבן זיך קיין מאָל נישט געשיידט און אַז ער איז אין ערגעץ נישט אַוועקגעפאָרן.

דאַן האָט ער איר דערציילט אין אַ איינגעהאַלטענעם טאָן וועגן זיין רייזע און וועגן דער שרעקלעכער מאָנאָטאָנקייט פון זיין דינסט אויף נישט קיין געזונטע סטאַציע. הערנ-דיק, וואָס ער דערציילט, האָט זי ברייט געעפנט אירע שיינע פייכטע אויגן. דערנאָך האָט זי אים געפרעגט, וואָס פאַר אַ פּלענער ער האָט אויף ווייטער. אים האָט דערעסן, — האָט ער געזאָגט — די מיליטערישע מעדיצין. ער וועט זיך אָנגעבן אין דעמיסיע, וועט ווערן אַ דאָרפס-דאָקטאָר, אַ דאָרפישער „מכשף". אויב ס'וועט זיך געפינען אַ יונג מיידל, זייער אַ פשוטע, וועלכע עס וועט געפעלן די מעגלעכקייט אויסצוהאָדעווען הינדעלעך אונטער זיין מיטהילף און שוין אין אַזאַ געלעגנהייט וועט זי אָנלאָקן, וועט ער מיט אַזאַ מיידל חתונה האָבן.

זי האָט מיט אַ מין הייטערקייט געזאָגט:

— אַזוי גאָר, איר ווילט חתונה האָבן.

נאָך פון דעם, וואָס ער האָט איר געענטפערט, האָט זי געזען, אַז ער שטרעבט דערצו נישט אַזוי שטאַרק. אַז אין האַרצן איז ביי אים אַ גרויסע פוסטקייט, אַ געוויסע בענקשאַפט, און, ס'קאָן זיין, — אַ גיהנום.

צוריקקומענדיק פון קאָלעדזש, האָט זשאָרזש זיך אַ וואָרף

געטאָן צו זיי ביידע מיט זיינע ביכער און האָט זיך דאָרט אָנידערגעזעצט, ווי אַ צעפּיעסטשעטע קינד, כּדי אויסצוהערן די דערציילונגען פונם גאַסט וועגן זיין ווייטער רייזע און וועגן די ווייטע מקומות, וווּ ער האָט אַזוי לאַנג פאַרבראַכט.

עלען האָט זשאָרזשן נישט אַרויסגעשיקט, אים געלאָזט ווייטער זיצן צווישן זיי ביידע, זי האָט אים נאָר געהייסן זיצן רויק און מאַכן זיינע לעקציעס.

דער דאָקטאָר האָט דערציילט וועגן אַן עפּיזאָד פון זיין רייזע איבערן ים. בעת דאָס אינגל האָט מיט אַ געררויש איבער־געבלעטערט זיין ווערטער־בוך האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ, דערהערנדיק, אַז עס האַנדלט זיך וועגן ים־שפּינען, וועלכע אַ מאַטראָס האָט געגעסן לעבעדיקערהייט אויפן פון שיף.

ס'איז אַריינגעקומען די דינסט און געזאָגט, אַז הער העווילענד, וועלכער איז דאַן געווען קראַנק, בעט עלענען זי זאָל אַריינגיין צו אים.

העווילענד האָט געהאַט אַ גרויס צימער, אין וועלכן ס'זענען געווען אַרויסגעשטעלט, אין דער שטרענגסטער אָרד־נונג פיל זעלטזאַמע זאַכן דאָרט האָט זיך געפינען אַ וויטרינע וואָס איז געווען פיל אָנגעשטעלט מיט פלעשעלעך און אויף זיי יאַרליקלעך און זיגלען. אויף די יאַרליקלעך האָט מען געקאָנט איבערלייענען: „טאַכאָ", „ירדון", „סימאָיז", „פרת", „טיבר", „אָגיאָ" א. אַ. וו. העווילענד פלעגט, בעת זיינע ווייטע נסיעות, זיך נוהג זיין אָפּצושעפּן אַ האַלבע פלאַש וואַסער פון יעדן טייך, וועלכן ער פלעגט דורכפאָרן און דידאָזיקע האַלבע פלאַשן מיט וואַסער האָט ער מיטגענומען מיט זיך און אַוועקשטעלט אין יענער וויטרינע. אַן אַנדער וויטרינע האָט אַנטהאַלטן אין זיך אַלע מוסטערן פון כּלערליי מארמארן. אין צימער איז אויך געשטאַנען אַ שאַנק פאַר היסטאָרישע רעליקוויעס, ווו ס'האָבן זיך געפונען און זענען זאָרגזאַם אָפּגעהיט געוואָרן שטיינער פון טאַסאָס תּפיסה, פונם הויז, ווו שעקספּיר איז גע־בוירן געוואָרן.

פון זשאַנע דוּאָרקס שטיבל, דאָרט האָבן זיך אויך געפונען

בלעטער פון אַ וויינעדיקן וועבע־בוים פונם אינזל רבע סאַנקעט העלען, וווהין נאַפּאָלעאָן איז געווען פאַרשיקט און ווו ער איז געשטאָרבן:

ווייטער האָט זיך דאָרט געפונען אַ שיר, וועלכן לאַטענער האָט פאַרפאַסט אין תּפיסה, אַ פּאָדסטאַווקע פון אַ זייגער וועלכע איז אַוועקגעגנבעט געוואָרן פון טיואילריאשן פּאַלאַץ אין יאָר 1748, אַ קאַם, וואָס האָט אָנגעהערט צידער באַרימטער אַרטיסטקע ראַשעל, אין אַ גלעזערן רערל — דזשאזעף סמיטס אַ האָר און אויך אַ האָר פון מאָרמאָנער נביא און אַנדערע זעלטנ־הייטן.

העווילענד איז געלעגן אויסגעצויגן אין אַ לאַנגן פּאָטעל ביי זיין אייזערן בעט; די פיס זיינע זענען געווען אַרומ־געוויקלט מיט אַ פּלעד, ער איז געווען בלאַס און האָט געהאַט רזיטע פלעקן אויף די באַקן.

זיינע אויגן, וואָס זענען געוואָרן טונקעלער, האָבן אַרויס־געשפּאַרט פון די אויגן־לעכער.

ער האָט גענומען דער פרויס האַנט מיט אַ גיריקער צערט־לעכקייט פון אַ מענטשן, וואָס פילט, אַז אַלץ גליטשט זיך פון אים אַוועק. ער האָט איר געזאָגט, אַז ער ליבט זי, אַז ער איז איר דאַנקבאַר, אַז ער איז שטאַרק קראַנק, נאָר ער האָפט גע־זונט צו ווערן, ווייל ער קורירט זיך לויט אַ גוטער מעטאָדע, וועלכע גרונט קאָן אויסגעצייכנט אָנווענדן. זיינע רייד זענען עטלעכע מאָל איבערגעריסן געוואָרן דורך קאָפּ־שווינדלען.

ער האָט ווייטער צו עלענען גערעדט:

— כ'דאַרף אייך וואָרנען, עלען, אַז מינוטנווייז פאַל איך אַריין אין היץ. דאָס נעמט זיך פון מיין קראַנקהייט. אַלץ, וואָס מיר וואָלט אויסגעקומען צו טאָן אין אַזאַ רגע און אין אַזאַ צושטאַנד, דאַרף מען רעכענען פאַר אַזעלכעס, וואָס איז נישט געשען.

צום גליק, זענען מיינע געשעפטן געבראַכט געוואָרן אין אָרדענונג. מיין צוואה געפינט זיך ביים ראַיענט.

ער האָט דערנאָך איר געזאָגט, אַז ער האָט איר אָפּגעשריבן און איבערגעלאָזט זיין גאַנץ פאַרמעגן אויף איר גאַנץ לעבן און אַז די אייגנטום - רעכט אויף דעם וועלן, על פי יושר, דערנאָך „איבער הונדערט יאָר" איבערגיין צו דזשאָרזשן.

ער האָט אין זיין צוואה אויך געמאַכט אַ פאַראָרדענונג בנוגע זיין דינער גרולט, וועלכער איז שוין, איבעריקנס, וועגן דעם אינפאָרמירט. ער האָט ווידער אַ דריק געטאָן דער פרוי די הענט און אָנגעשטעלט אויף איר זיין מאַרטירער-בליק, וועלכער פלעגט זיך ביי אים צייטנווייז באַווייזן, און פייערלעך זי געבעטן, זי זאָל אים אויסהערן אַלץ, וואָס אים איז נאָך געבליבן אים צו זאָגן.

— אויב איך וועל שטאַרבן, און אויב דו וועסט אָן מיר געדענקען, זאָלסטו זען זוכן, מיין טייערע עלען, דו הערסט — זוכן סעמועל דזשוואַרטן, כדי מקיים צו זיין מיין לעצטן ווילן צו זיין גונסטן.

אין נאָמען פון אונדזער האַר יעזוס קריסטוס, וועלכער וועט זיך באַווייזן מחיה - מתים צו זיין די טויטע, באַשווער איך דיך, פאַר קיין זאַך זיך נישט אָפּצושטעלן, כדי צו קאָנען איבערגעבן דעם אור-אור-אייניקל פון דעווידזשוואַרט אַ געלט-ביי-טראָג, וואָס איך האָב אים אָפּגעשריבן; ער לעבט, דערדאָזיקער דזשוואַרט, צייטנווייז זע איך אים ביינאַכט אין חלום. כ'וואָלט אים דערקאָנט, ווען ער וואָלט געקומען און ער וועט זיכער קומען.

דערנאָך האָט דער קראַנקער אויפמערקזאַם זיך איינגעקוקט אין דער פינצטערער פאָרטיערע, וואָס איז געפאַלן אין ברייטע פאַלדן, האָט אויסגעצויגן די ציטערדיקע האַנט און אַ געשריי געטון:

— אָט, אָט, פאַר דערדאָזיקער טיר דאָס איז ער... ער, סעם דשזוואַרט! איר זעט דעמדאָזיקן שראַם אויפן האַלדז, אונטער דער מאַטראָסן בלוזע: דאָס איז דער רויטער שראַם פון זיין עלטער זיידן, דעם אַלטן דעוויד... סעם! סעם!

ער איז אַ פּאַל געטאָן אין פּאָטעל און איז אַריינגע-פאַלן אין אַ שווערן שלאָף.

עלען האָט נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן און האָט זיך נישט געקאָנט אָריענטירן אין די פלעשלעך מיט די רפואות. זי האָט אָנגעקלונגען צו גרולטן און יענער האָט זי גענוג גראָב משלח געווען און באַלד נאָכדעם זיך אַ נעם געטאָן צום קראַנקן.

ביינאַכט האָט זי נישט געשלאָפן און דערזען ביי דעם שיין פון דער לבנה, ווי איר מאַן, איינגעוויקלט אין אַ גע-קעסטלטן פּלעד, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פונם פענצטער פון זיין צימער און זי געלאָזט גיין גלייך צום ברונעם, וואָס גע-פונען נישט ווייט פון דער קאָניושנע.

צוליינגנדיק דאָס פּנים צום שויב פונם פענצטער, האָט עלען דערפילט אַ שאַרפן ווייטאָק אין די האָר-וואָרצלען; זי האָט נישט געקאָנט זיך אַ ריר טאָן און נישט קיין געשריי געטאָן.

זי האָט דערזען, ווי גרולט איז האַלב אָנגעטאָן, אַרויס פון דער אָפּיצינע, ווו ער האָט גענעכטיקט. און גנבענדיק זיך, איז ער נאָכגעגאַנגען, טריט ביי טריט, נאָך זיין בעל-הבית. העווילענד האָט לאַנג געקוקט אויפן דנאָ פון דנאָ פון ברונעם האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אויסגעצויגן די האַנט, פונקט ווי ער וואָלט געוואָלט וויסן, וואָס פאַר אַ ריכטונג דער ווינט האָט דעמאָלט געהאַט, דערנאָך האָט ער זיך צוריקגעקערט אין זיין צומיר אַריין דורכן פענצטער.

זי האָט געזען, ווי גרולט האָט אַ צוק געטאָן מיט די אַקסלען און איז אַוועק צוריק צו דער אָפּיצינע, ברוגז שאָק-לענדיק זיך און מאַכנדיק מיט די הענט.

די פרוי גרולט האָט זיך אויף אַ רגע באַוויזן אין אַ גרויסער קופקע, אין איר שטענדיקער קאַפּעטע, אין דער טיר פון דער אָפּיצינע.

עלען האָט געהערט — איר האָט זיך לפּחות געדאַכט, —

אז גרולט, אַריינקומענדיק צוריק צו זיך אין צימער, האָט געשלאָגן זיין ווייב.

העווילענד איז געוואָרן אַ לונאַטיקער.

צומאָרגנס האָט עלען אים געטראָפן אָנגעטאָן ווי ס'נעהער צו זיין אין אַ רויקן, ער איז געווען פאַרנומען מיט אויפקלעפן יארליקלעך אויף די שטיינדלעך וועלכע ער האָט בעת זיין רייזע אָראָפּגעריסן פון באַרימטע בנינים.

ער האָט אָנגעשריבן אויף די פּאַפּירלעך, וועלכע ער האָט צוגעקלעפּט מיט קליי, צו די שטיינדלעך: „קאָליזייאום" „קאַטאַקאמבעס", „ביי קבר פון צעציליע מעטעלע". זיינע אויגן, וואָס זענען ווידער געוואָרן טריב-בלאָ, האָבן גאָרנישט אויסגעדריקט.

עלען האָט זיך נישט אינגאַנצן באַרויקט. זי האָט באַשלאָסן צו בלייבן ביי אים. זי האָט זיך געגעבן אַ וואָרט צו זען זיך צוזאָרגן וועגן אים, אַרומגיין אַרום אים און איינצולאַדן אַ דאָקטוירים הגם ער איז געווען שטרענג קעגן דעם און האָט עס פאַרבאָטן צו טאָן.

גרולט איז אַריינגעגאַנגען אין צימער אַריין מיט אַ פלאַש און מיט אַ קעלישקל אין דער האַנט — ער האָט אָנגעגאָסן אין קעלישקל אַ געדיכטע פליסיקייט און עס דערלאַנגט דעם בעלהבית, אויפמערקזאַם קוקנדיק אויף עלענען. ער האָט אויף איר געקוקט מיט אַ צינישער פאַמיליאַריטעט, ווי צו אייגענעם מענטשן, מיט וועלכן מען זשעניערט זיך נישט און מיט אַ דרייסטער חוצפה, פון וועלכער זי איז רויט געוואָרן, העווילענדן האָט באַלד נאָכדעם, ווי ער האָט אויסגעטרונקען דאָס קעלישקל פליסיקייט, אָנגעהויבן צו שווינדלען אין קאָפּ, ער איז געוואָרן טעמפּ, זיינע שווארצאפל פון די אויגן זענען ווידער ברייט געוואָרן.

זינט דעם טאָג האָט עלען זיך כסדר געקוועלט דורך אַ נישט קלאָרן פחד.

אַמאָל אין אָוונט, פינף אַ זייגער, האָט זי באַמערקט אויפן טעפּיך אין איר צימער שפּורן פון קאַמאַשן. וואָס זענען

אונטערגעשלאָגן מיט אייזן. די טריט, וואָס זענען אַזוי אַרום אַנטדעקט געוואָרן, האָבן איבערגעשניטן אין דער קרום דאָס גאַנצע צימער און זענען אַוועק פון דער טיר, וואָס פירט אין דרויסן, צו דער טיר פון טואַלעט-צימער. דידאָזיקע שפורן, זייער שוואַכע, האָבן זיך אַרויסגעזען נאָר צוליב דעם וואָס די קרומע שטראַלן פון דער זון, וועלכע זענען דאַן געפאַלן אויפן טעפיך, האָבן באַשיינט אַלע ערטער, ווו די וואָל פון טעפיך איז געווען לייכט צוגעקנייטשט און די שטויבעלעך די פּרעכטיקע און צוזאַמענגעגאָסענע טענער פונם סמירנער געוועבס האָבן זיך באַגילדט.

דערשראָקן און באַאומרויקט האָט עלען געהייסן דער דינסט באַקוקן דאָס טואַלעט-צימער, נאָר יענע האָט פאָרט אַלץ געפונען אין דער בעסטער אָרדנונג. אַ געוויסע צייט האָט עלען זיך באַמיט צו געפינען אַ דערקלערונג פון די טריט-אָפּדרוקן. דאָס איז אָבער געווען בחנם: זי האָט קיין שום דערקלערונג נישט געקאָנט געפינען און נישט דערגיין, פון וואַנען דידאָזיקע שפורן האָבן זיך גענומען. ווערנדיק מיד פון אומרויקייט, איז זי ווידער אַריינגעפאַלן אין אַ גלייכגילטיקייט.

ווען רענע לאַנמאַר איז ווידער געקומען, איז עלען, וועלכער האָט אויף אים געוואַרט, געווען צוגעקעמט אַזוי, ווי אים פלעגט געפעלן. זי האָט אין זיין געגנוואַרט אַרויסגעוויזן אַ שוואַכקייט: זי האָט אים דערציילט וועגן זייערע צרות, וועגן די אומאָנגענעמלעכקייט פון איר צוזאַמענלעבן מיט איר מאַן. איר האָט זיך געוואָלט אַ וואָרף טאָן אויף דידאָזיקע ברייטע און הייסע ברוסט, וויינען אויף דערדאָזיקער ברוסט און זיך פאַרגעסן. רענע איז פאַרבליבן זייער רויק. ווען ער איז געווען ביי איר, וואָס מער זי האָט אים פאַרטרויט אירע סודות, אַלץ מער האָט ער זיך געהאַלטן פאַר מחויב, נישט מיסברויכן מיטן דאָזיקן צוטרוי.

ער האָט זי געליבט מיט אַכטונג; זי איז געווען אַ שטיק

פּאָעזיע אין זיין בחורשן לעבן, ווי אין קיין פּראָזע איז ניש‎ט געווען קיין דוחק.

אין פּאַריז האָט ער זיך צוריקגעקערט צו זיינע אַלטע רגילותן און יעדן אָוונט פלעגט ער, נאָך עפּעס אַ ספּיעקטאקל, גיין אין רעסטאראַן עסן אָוונטברויט. אין זיין נשמה איז געווען פריי אָפּגעהיט אַ דערהייבנדיק און געזונט אָרט פאַר אַ אידעאַל באַשעפעניש, און אויפן דאָזיקן אָרט האָט ער באַזעצט עלענען.

זי, פון איר זייט, זייער אַ שוואַכע, אַ דערנידעריקטע אין אירע אייגענע אויגן דערמיט, וואָס זי האָט חתונה געהאַט אָן ליבע, נאָר אַ צוריקגעהאַלטענע, אַ דאַנק דעם, וואָס זי איז געווען גוט דערצויגן און וואָס איר מאָראַל איז געווען אַ הויכע, — זי האָט פון אים געהאַלטן, פאַרבאָרגן דאָס, וואָס איז אין איר געווען ליידנשאַפטלעך אין זעלבספאַרגעסנקייט. זי האָט, דערצו נאָך, נאָך קיין איין מאָל נישט געזינדיקט אין אַלס אַזאַ מאָראַליש ריינע, וואָלט זי די עבירה געהאַלטן פאַר אַן אומגעהייערע אוממעגלעכקייט.

זי האָט אים דערציילט וועגן דעם מאַנס קראַנקהייט.

רענע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, נישט ווויסנדיק, וואָס צו זאָגן.

נאָר מ׳האָט געקאָנט מיינען, אַז הער העווילענד קורירט זיך נישט ריכטיק. דער מיליטערישער אַרצט האָט נישט געקאָנט דערקענען, לויט די סימפּטאָמען, וועלכע עלען האָט באַשריבן אויף וואָס איר מאַן איז קראַנק. ער האָט געמיינט, אַז אפשר נעמט זיך זיין קרענק פון אַ צופעליקער ווירקונג פון עפּעס אַ שעדלעכן שטאָף. דאָס פאַרברייטערן זיך פון די שוואַרצאַפּל האָט זיך, וואַרשיינלעך גענומען פון דעם, וואָס העווילענד פלעגט מיסברויכן מיט אַ טראָפּן, אַפּנים, אַז הער העווילענד האָט אין זיין קאַמף מיט זיין רעוומאַטיזם, גענוצט זאַלץ-זוי-ערן. אַצינד לויט אַלע סמנים, מיסברויכט ער מיט דעם אויף אַ סאַמע שרעקלעכן אופן. לויט רענעס דרינגענדיקע עצות, האָט עלען ווידער באַשלאָסן איינצולאַדן דאָקטוירים, וואָס זאָלן אויף איר קראַנקן מאַן גוט אַכטונג געבן.

אומאָרגס האָט זי געפונען איר מאַן אויפן בוידעם, וועל־
כער האָט אים געדינט אַלס וואַרשטאַט.

ער האָט זייער אויפמערקזאַם געהובלט אַ ברעט ווייל ער־
איז געווען נישט נאָר קיין כעמיקער, נאָר אַ סטאָליאַר אויך.

דערזעענדיק, וואָס פאַר אַ רויקער, וואָס פאַר אַ פרישער
ער איז בשעת מעשה־געווען, האָט עלען אירע אייגענע אויגן
נישט געגלייבט. ער האָט איר אָנגעהויבן דערציילן וועגן קוכער
וועלכער האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס גנב און וועלכן ער האָט
אַרויסגעיאָגט: גרולט האָט אַנטדעקט דאָסדאָזיקע פאַרברעכן.

צייטנווייז האָט העווילענד אָוועקגעלייגט דעם הובל אויפן
ווערקטיש און פאָרזיכטיק אַראָפּגענומען די הובל־שפּענדלעך,
וואָס זענען אַריינגעפאַלן אין די פאַלבן פון עלענס פּעניוואַר.
די אויגן זענען ביי אים געווען פון אַ נאַטירלעכן קאָליר —
זיינע געוויינטלעכע בלאָע אויגן און קיין מאָל האָט אים נאָך
אַזוי פיל נישט געפעלט קיין דמיון, ווי איצט.

זי האָט זיך פאַרטראַכט וועגן רענען, וועלכער איז,
להיפוך צו איר מאַן, אַזאַ לעבעדיקער, אַזאַ קלוגער, מיט אַזעל־
כע אינטערעסאַנטע געדאַנקען, פונקט ווי אַ גוט אָנגעשריבן
בוך, מיט אַזאַ סימפּאַטישער נשמה. וואָס בליצט מיט יוגנט און
קראַפט, אין איר האַרץ האָט זיך אָנגעפילט מיט שנאה ביים
אָנקוקן דעמדאָזיקן זקן, וואָס האָט געהובלט אַ ברעט,

גרולט האָט אין דער באַשטימטער צייט געבראַכט א מע־
דעצין דעם בעל־הבית. דערזעענדיק עלענען אויפן בוידעם, ווו
זי איז ביז איצט נאָך קיינמאָל נישט געווען, האָט ער אַ בליק
געטאָן מיט די אויגן, ווי אַ משוגע־געוואָרענע קאַץ. דאַן האָט
ער, פונקט ווי דאָס ערשטע מאָל, בעת העווילענד האָט גע־
טרונקען די מיקסטור — ווידער אַ קוק געטאָן אויף עלענען
מיט אַן אומפאַרשעמטקייט, שטאַמלענדיק עפּעס דורך די אויס־
געקרומטע ציין.

אין דערדאָזיקער רגע איז גרולט געווען אַזוי מיאוס און
האָט אַרויסגעוויזן אַזאַ ציניזם, אַז פאַר עלענען איז באַלד

געוואָרן קלאָר, מיט אַ באַשטימטקייט, וואָס שליסט אויס יעדן ספק וואָס ער טוט מיט זיין בעל־הבית.

זי האָט אויסגעצויגן די הענט, כדי אָוועקצונעמען דאָס קעלישקל מיט דער מיקסטור, וועלכעס גרולט האָט שוין געהאַט צוגעטראָגן דעם אַלטן צו די ליפּן. דאַן האָט גרולט איר אַ שעפּטשע געטאָן אין אויער אַריין, מיט אַ נידערטרעכטיקער און באַפעלערישער אינטאָנאַציע:

— מאַכט זיך נישט פאַר קיין קינד! איר הערט.

זי איז פאַרשטאַרט געוואָרן אין אומבאַוועגלעכקייט, אַ לעבנסלאָזע, אַ טויט־בלאַסע.

העווילענד האָט אויסגעטרונקען די רפואה ביזן לעצטן טראָפּן און זיך אָפּגעווישט די ליפּן.

די אומגליקלעכע האָט זיך אַ לאָז געטאָן אַראָפּ פון די טרעפּ, נידערגעשלאָגן, צעשמעטערט און פילנדיק אויף יעדן טריט, ווי אָט אָט עפנט זיך פאַר איר אַן אָפּגרונט און זי פאַלט אַהין אַריין פון שרעק פאַר איר גרענעצלאָזער קליינמוטיקייט.

זי האָט באַשלאָסן, מער זיך נישט צו ווייזן דעם מאַן אין די אויגן; נאָר דעם זעלבן אָוונט האָט זי זיך דערוווּסט פון דער דינסט, אַז ער רעדט שטאַרק פון היץ און אַז איצט איז אים שוין אַביסל בעסער.

זי האָט געמיינט, אַז ער איז שוין געשטאָרבן; ביי איר האָט זיך אַרויסגעריסן אַ זיפץ פון פאַרלייכטערונג.

זי האָט זיך געזאָגט: „ער לעבט, ס'איז נאָך צייט צו ריידן, צו טאָן. איך וועל נישט זיין קיין אנטיילנעמערן אין...

נאָך אַ שטאַרקער נערוון־ז'ערשיטערונג איז עלען לייכט איינגעדרימלט און אינגאַנצן זיך אָנצינדיק אין דער מידקייט פון שלאָף, האָט זי אָנגעהויבן צו טרוימען וועגן רענען, וועלכער איז איר געקומען צו חלום, באַהויכט מיט דעם גאַנצן צויבער פון אַ חלום, מיטן גאַנצן כישוף פונם טייערן און זיסן, וואָס איז אָפּוועזנד.

דערנאָך זענען דידאָזיקע ווייזיעס געוואָרן נעפּלדיק און האָבן עלטנען שטאַרק געמאַטערט. דער קאָפּ האָט בײַ איר גע־ברענט, איר האָט געשווינדערט, די ציין האָבן געקלאַפּט און אין צאָן האָט נישט געקאָנט טרעפן אינם אַנדערן. לייגנדיק זיך אויף איר געלעגער, האָט זי געשפּירט אַ עמפּינדונג, ענ־לעך צו פרייד, דערנאָך האָט זי אויפגעהערט צו פאַרשטיין, וואָס מיט איר קומט פאָר.

זי האָט געזען שרעקלעכע פּנימער, וואָס האָבן זיך פאַרבייגעטראָגן פאַר איר, וועלכע זי האָט נישט באַוויזן צו באַקוקן.

וויזשע איז זי? ווו געפינט זי זיך? און וואָס וויל פון איר דידאָזיקע מחנה אויסלענדער, וואָס זענען אָנגעטאָן אין פאַרשידנאַרטיקע טעאַטראַלע קאָסטיומען? עפּעס אַ הייסער קעגנ־שטאַנד, וועלכן זי האָט די גאַנצע צייט מיט שרעק פון זיך אָפּגעשטויסן, האָט איר געדרוקט די ברוסט און זי האָט נישט געהאַט מיט וואָס צו אָטעמען. דאָס איז געווען אַ דייטשע קאַץ בײַ וועלכער ס'האָט זיך געענדערט דער קאָליר פון די אויגן. עלען האָט פאַנאַנדערגערוקט די עלנבויגן די קני עפּעס אַ נאָנע האָט געבראַכט אין אָרדנונג איבער איר די קאָלדרע; אָבער ווו קומט זי אַהער? דערנאָך האָבן זיך באַוויזן צוויי אָדער דריי מענטשן, וועלכע האָבן איר נישט געלאָזט אַוועק־גיין.

און פּונקט ווי אויפצולהכעיס, האָט זי גראָד איצט געדאַרפט טאָן עפּעס וויכטיקס עפּעס אַזעלכעס, וואָס מ'האָט נישט געקאָנט אָפּלייגן אַפילו אויף קיין רגע; נאָר זי האָט פאַרגעסן — וואָס. זי האָט געשריגן: „אָ, מיין קאָפּ, מיין אָרעמער קאָפּ"!

אינם מאַרך איז געשטאַנען אַזאַ ווייטאָק, אַז זי האָט אומעטום געזוכט אַ וואַנט, אַן אייזענע וואַנט, כדי זיך אָן איר צו צעשמעטערן דעם שאַרבן און שטילן דערמיט די ווייטאָקן. אָ, וואָלט עס כאָטש גיכער געשען! דורכברעכן אַ ברייטן שפּאַלט

כדי עס זאָל זיך אויסגיסן דאָס גאַנצע וואַסער וואָס זידט דאָרט.

אַ אומבאַקאַנטע שטים האָט געזאָגט:

— אייז! נאָך אייז!

נאָר זי האָט נישט געזען דאָס אייז, פאַרוואָרפן אויף אַ זאַמדיקן זייער הייסן ברעג־ים, פאַר אַ ים, פון צעשמאָלצענעם בליי. זי האָט געשריען: רענע! רענע! פירט מיך אַוועק אין די וועלדער פון מעדאָן! צי איז עס מעגלעך, אַז איר זאָלט האָבן פאַרגעסן די צייט, ווען איר פלעגט מיר פון בלעטער מאַכן בוקעטן?

דערנאָך פלעגט זי אַריינפאַלן אין אַזאַ צושטאַנד, ווען זי פלעגט אין אַלץ פאַרגעסן. און אויפוואַכנדיק אַלס קינד, האָט זי געלייענט מיט אַן איינקלאַנגיקער שטים פון אַ שילערן פראַג־מענטן פון פאַבלען און קאַטעכיזיס. זי האָט געפליסטערט: „איך קאָן נישט מאַכן די לעקציעס, פירט מיך אָפּ אַ היים כ׳וויל זען דעם טאַטן״

אַמאָל! האָט זי זיך אויפגעכאַפּט אויף איר געלעגער, זייער אַ שוואַכע, זייער אַ הונגעריקע.

פון דער נאָנע, וואָס איז געווען צו איר צוגעשטעלט האָט זי זיך דערוווּסט, אַז זי איז געווען קראַנק דריי וואָכן און אַז די סכּנה איז שוין אַריבער.

מאַכנדיק אַ גרויסע אָנשטרענגונג, כּדי זיך אָן עפּעס צו דערמאָנען, האָט זי געפרעגט:

— וואָס הערט זיך מיט מיין מאַן?

די נאָנע האָט זי געבעטן, זי זאָל זיך נישט באַאומרויקן — ער פילט זיך גוט.

עלען האָט לייכט אָפּגעזיפצט. בעת זי איז געזונט געוואָרן פלעגט זי צייטנווייז פילן יענע מידקייט אין קאָפּ און יענעם פאַרלוסט פון זכרון, וועלכע קומען, אַלס אומפאַרמיידלעכע פאָלגן פון אַ מאַרך־אָנצינדונג. בלויז איין געפיל איז אין איר געווען זייער בולט: די מורא זיך צו זען מיטן מאַן. זי, האָט באַקומען אַ האַרץ־קלאַפּעניש, ווען מ׳האָט איר איבערגעגעבן,

אַז הער העווילענד, וועלכער איז שוין אויך כמעט געזונט גע־זואָרן, וועט צו איר קומען אין צימער.

ער האָט אויף איר אַ קוק געטאָן צערטלעך, האָט איר געזאָגט, ווי ער ליבט זי, און דאָס ערשטע מאָל האָט זי דער־זען אַ שמייכל אויפן דאָזיקן ערנסטן פּנים.

דאָס איז געווען אַ שמייכל, וואָס איז געגאַנגען פון אינעווייניק, אַזאַ טיפער שמייכל, אַזאַ אמתער שמייכל. אַז עלען איז פון דעם געוואָרן שטאַרק גערירט.

זי האָט זיך פאַנאַנדערגעוויינט און, ווי אַ טאָכטער אַ קוש געטאָן דעם אַלטן.

זי האָט אים אַרומגעוויקלט דעם האַלדז מיט איר האַנט, באַר ער האָט ווידער באַקומען זיין געוויינטלעכע האַרטקייט.

זי האָט געמאַכט אַ גרויסע אָנשטרענגונג, און דורכן נעפּל, וועלכער האָט אַרומגעוויקלט איר באַוווסטזיין, האָט זי דערזען צוויי קעלישקעס רפואות, וועלכע גרולט האָט אָנגעגאָסן. דאַן האָט זי אַ כאַפּ געטאָן דעם מאַן פאַר די הענט און צו אים מיט אַ בעטנדיקער שטים געזאָגט:

— אויב איר האָט מיך ליב, אויב איר ווילט אונדז ביידע ראַטעווען פון אַ שרעקלעכן טויט, באַשווער איך אייך איר זאָלט נאָך היינט, — אפזאָגן פאסטן, אייער לאָקיי דאָס, וואָס ער האָט געטאָן... איז אַ גרויל... כ׳קאָן אייך דאָס נישט זאָגן... יאָגט אים תיכף-ומיד אַרויס פון אייך טרייבט אים אַרויס.

זי האָט זיך אָנגעהויבן קלאַפּן אין אַ קראַמפּהאַפטן געוויין און פאַרלוירן דאָס באַוווסטזיין.

העווילענד, האָט, דערמאָנענדיק זיך, אַז עלען האָט אַמאָל אַרויסגעוויזן אַן עקל צו זיין לאָקיי, און דערזעענדיק, וואָס פאַר אַ שוואַכע און צעקלאַפּטע זי איז איצט — געמיינט, אַז זי רעדט עפּעס נישט צו דער זאַך. נאָר האַלטנדיק פאַר נייטיק מקריב צו זיין צוליב איר זיין לאָקיי, האָט ער אים אַריינגערופן אין זיין לאַבאָראַטאָריע און אים געזאָגט:

— גרולט, מיר דאַרפן זיך שיידן. כ׳בין מיט אייך צו־פרידן און וואָלט געוואָלט, איר זאָלט בלייבן ביי מיר אין

הויז ביז מיין טויט, יאָ. נאָר אייער אָגוועזנהייט אינם דאָזיקן הויז איז געוואָרן אוממעגלעך, צוליב סיבות, וועלכע איך בין נישט מחויב צו דערציילן, ניין! איך וועל גאָרנישט ענדערן אין די פאַראָרדנונגען, וועלכע ציך האָב אין מיין צוואה געמאַכט צו אייער גונסטן. איך זאָג עס אַליין און איר קאָנט מיר גלייבן. איר וועט פון דאַנען אַוועקגיין פרייטיק. איך נעם אויף זיך אַלע הוצאות, וואָס איר דאַרפט מאַכן אויף צו פירן אַ לעבן, ביז איר וועט זיך נישט איינאָרדנען — און זיין באַוואָרנט מיט פרנסה. מיר וועט זיין אָנגענעם, ווען אייער פרוי וועט בלייבן ביי מיר אויף דער פריערדי״קער דינסט — און איך האָב בדעה צו קאָמוניקירן זיך מיט אייך און שטייך אין דירעקטע באַציונגען מיט אייך אין אַלע אָנגעלעגנהייטן, וואָס שייך סעמועל דזשוארט. מער האָב איך אייך נישט וואָס צו זאָגן.

גרולט האָט גאָרנישט געענטפערט, האָט זיך פאַרנייגט און אַרויסגעגאַנגען.

## VI

גרולטן איז, אַזוי אַרום, פאַרגעשטאַנען באַפרייט צו ווערן פון זיין פאָסטן — פרייטיק.

צומאָרגנס האָט העצווילענד זיך געפילט אַזוי געזונט ווי ער איז שוין נישט געווען זייט עטלעכע חדשים.

דעמדאָזיקן טאָג האָט ער געמאַכט אַ שפּאַציר איבערן בולאָנען-וואַלד צוזאַמען מיט עלענען, וועלכע איז אויך געקומען צו זיך און זיך פאַרבעסערט אין געזונט.

דאָס לייכטע טרייסלען אינם שטויב פונם עקיפּאַזש און די לאַסטשענדע לופט האָבן אַרויסגערופן ביי די געזונט ווערנדיק אַ מחיהדיקע מידקייט. עלען האָט געשפּירט די גאַנצע אָנגע-נעמלעכקייט פון ווערן מיד אין אַזאַ לאַגע. אין דידאָזיקע מי-נוטן איז זי מיט איר גאַנץ אויסגעקוועלט האַרץ מרוצה גע-וואָרן צו האָבן דעמדאָזיקן קאַלירלאָזן מאַן אין האָט שלום געמאַכט מיטן מאנאטאנעם גורל, וועלכע איז איר געווען באַ-שערט. שוואַכקייט גיט אַריין אַזאַ עונג. דער עגאָאיזם פון אַ קראַנק באַשעפעניש האָט זי געמאַכט פאַר ליבלעך בנוגע דעם מענטשן, וועלכער האָט באַהאַלטן זיינע פיס אונטער דער זעלבער פעל, וואָס האָט זי דערוואָרעמט.

זי האָט מיט אַ פּראַסטיקן בליק באַקוקט די ביימער, די לאַמטערן, די דורכגייער, פאַר וועלכע ס'האָבן זיך פאַרביי-געטראָגן, אַי די הייזער אויף די עליזעום-פעלדער מיט זייערע קאַרעטן - וואַרשטאַטן אַי די אַלייען, באַשאָטן מיט זאַמד, איבער

וועלכע די קאַניוכעס, מיט אויסגעבויגענע פיס ווי די דוגעס האָבן אַוועקגעפירט פאַר די ציימלעך די פערד אונטער דער האַלבער פינצטערקייט פון די געוועלבן; זי האָט דערנאָך באַקוקט דאָס טריומף-טויער, וועלכעס האָט מיט אַ וואָגיקער אָנגעבלאָזנקייט זיך דערהויבן אויף זיין רונדן פלאַץ. זי האָט דערנאָך געקוקט אויף לינקס, אויפן פּראָספּעקט, וואָס פירט אין וואַלד אַריין, מיט די אַלייען פון ביידע זייטן פון ענגלישן פּאַרק.

אויף רעכטס האָט זי געזען רייטער אויפן זאַמדיקן שאָסיי; די פרילינגס-זון האָט געבאָדן די אומגעגנט; די גערטנער האָבן שוין געשלעפּט זייערע גומענע רערן אויף רעדלעך, צו באַגיסן די אַלייען, און זיי האָבן געלאָזט וואַסערדיקע שטראָמען אונטער די פיס פון די פערד, וואָס האָבן זיך פאַר דעם געשראָקן. צייטנווייז האָט זיך דער ווינט און דער שאָטן פון אַ עקיפּאַזש, וואָס האָט זיך שנעל פאַרבייגעטראָגן ווי געפאָכעט איר אין פּנים, אַריין און עקיפּאַזש איז געזעסן אַ רויטהאָריקע פרוי מיט אַ מאַט פּנים און געפאַרבטע ליפּן, האַלטנדיק די לייצעס אין די אויסגעצויגענע הענט און פליענדיק איבערן פּראָספּעקט. און הינטער איר פלייצע איז געזעסן אויף אַ בענקעלע אַ גרום מיט איבערגעקרייצטע הענט. דערנאָך האָט דער עקיפּאַזש, וועלכער האָט אָנגעהויבן צו פאָרן פאַמעלעך, איינגעטינקט אינם פרישקייט פון וואַלד. די עקיפּאַזשן, וואָס האָבן געווימלט מיט בונטע טואַלעטן און לויטערע פּנימער, האָבן זיך געטראָגן אין אַ לאַנגזאַמער ריי. די וואָס זענען געזעסן אין זיי, האָבן זיך איינער דעם אַנדערן באַגריסט. אין אַ זייטיקער אַלייע איז צופוס פאָרנווייז דורכגעגאַנגען אַן עולם — דאָס זענען געווען מחותּנים, פריינט און באַקאַנטע פון אַ פּאָרפאָלק, וואָס האָט באַר וואָס גענומען חופּה-וקדושין.

העווילענד איז געזעסן רויק אין עקיפּאַזש און זיך קיין ריר נישט געטאָן. דאָס איז שטאַרק געפעלן געווען עלענען, זי האָט געשעצט זיין גוט דערצויגנקייט און פלעגמאַטישע נאַטור, זיין שווייגן בעתן שפּאַציר, זיין רויק פּנים, דאָס

פשטות פון זיינע גערעדקען האָבן איר איצט פאַרשאַפט פאַר
געניגן, ווייל זי האָט אין דעם איינגעזען סמנים פון זאָרגזאַמער
צערטלעכקייט בנוגע איר ביי איר איצטיקער לאַגע נאָך אַ
קרענק.

בכלל האָט עלען מער אָנגעהויבן צו שעצן איר מאַן
נאָכדעם ווי זי האָט אים געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט.
מורא האָבנדיק נאָך, דערצו, צו דענקען, האָט זי זיך געקוויקט
מיט דער זיסקייט פון אַ לייכטער מידקייט און פון אַ בהדרגה
דיקער אָפּשוואַכונג.

זי האָט זיך חנעמדיק צוזאַמענגעצויגן מיט אַ צערטלעכקייט
פון אַ קאַץ, וואָס האָט מורא פאַר קעלט.

זיי זענען ביידע אַרויס פון עקיפּאַזש, נעבן אַ פאָנטאַן
און זענען אַוועק אין אַ קאָנדיטאָריי, כדי אויסצוטרינקען
מילך.

פון רעכטס און פון לינקס זענען די טישלעך געווען
פאַרנומען ס׳רוב מיט אַלטיטשקע, וועלכע האָבן צווישן זיך גע-
שעפּטשעט און דאָס שאָרכן פון קליידער-שטאָפן האָט זיך דאָ
צונויפגעמישט מיט אַ לייכטער פייפעריי פון פּרויאישע שטימען.
פאַר איר זענען געזעסן דריי יינגעלייט און האָבן הויך געפירט
וועגן עפּעס אַ ויכוח. די צוויי, וואָס זענען געזעסן צו איר מיטן
פּנים, האָט עלען נישט געקענט, נאָרדעם דריטן יינגנמאַן האָט
זי דערקענט בלויז לויט דער ליניע פון זיינע פּלייצעס, הגם
ער איז געזעסן צו איז מיט די פּלייצעס און אַ דינער האָט
אים נאָך כמעט אינגאַנצן פאַרשטעלט, זי האָט דערפילט נישט
קיין געזונטן קראַמף אין מאָגן, ס׳איז איר געוואָרן שווער צו
אָטעמען, דאָס בלוט האָט איר אַ שלאָג געטאָן אין פּנים, איר
האָט אַרומגעכאַפּט אַ פּחד, וואָס איז שווער אויסצודריקן, און
גלייכצייטיק האָט זי דערשפּירט אַ צופלוס פון אַ זיסער
שיכרות.

דאָס איז געווען לאַנמאַר, וואָס האָט זי געבראַכט אין
אַזאַ צושטאַנד פון זיסער צעטומלקייט. אים איז גאָרנישט איינ-
געפאַלן, אַז ער געפינט זיך אַזוי נאָענט פון איר, און ער האָט

זיך ווייטער געפירט זיין דיסקוסיע מיט די צוויי יונגעלייט, וואָס זענען געזעסן קעגן אים, און ווי זיין שטייגער איז, האָט ער, אַנטוויקלענדיק עפּעס אַן אידייע, געבראַכט אַזוי פיל פּאַראַדאָקסן און, אין פלוג גענומען, געריידט אומגעלופּערטע זאַכן.

— דער איינציקער אַרצט, פאַר וועמען איך ווער נתפּעל, — האָט ער געזאָגט צו זיינע פריינט (וועלכע האָבן, פּונקט ווי ער אַפנים, אָפּגעגעסן אַ גוטן מיטאָק), — איז פּינעל. ער האָט קיין מאָל נישט געגעבן זיינע פּאַציענטן קיין שום רפואות, מורא האָבנדיק צושטערן — אָדער אָפּצושטעלן דעם נאָרמאַלן גאַנג פון דער קרענק. זייענדיק צופרידן (און האַלטנדיק דאָס פאַר גענוגנדיק, ווען אים פלעגט געלונגען צו באַשרייבן און קלאַסיפיצירן וואָס פאַר נישט איז קרענק, פלעגט ער טון גאַנץ גוט, וואָס ער פלעגט זיך צוריקהאַלטן פון קורירן דעם קראַנקן. וואָס פאַר אַ וווּנדערלעכער דאָקטאָר דערדאָזיקער פּינעל איז געווען!

רענעס שטים איז שטיל געבליבן צווישן עקספּלאָזיעס פון געלעכטער; די אָפּאָנענטן האָבן זיך גענומען אַלע צוזאַמען אים אָפּענטפערן און דערוויזן דעם היפוך, ד. ה. די נויטווענדיקייט צו היילן דעם קראַנקן און נישט זיך באַגענוגן בלויז מיטן שטעלן אַ דיאַגנאָז.

עלענען איז טרוקן געוואָרן אין האַלדז; ס'האָט איר אָנגעהויבן קלאַפּן אין די שלייפן, די אויגן אירע האָבן זיך פאַרנעמפּלט און אויפן שטערן איז אַרייַנגעטראָטן אַ שווייס

באַמערקנדיק איר בלאַסקייט, האָט דער מאַן איר געפרעגט, צי איז זי נישט מיד, צי וויל זי נישט פאָרן צוריק אַהיים. זי האָט אויף אים אַ געטאָן. ער איז איר איצט פאָרגעקומען עקלהאַפט. דאָס פּנים זיינס איז געווען באַדעקט מיט בלאָטע אָדערלעך און מיט ווייסע הייטלעך אויף די באַקן. ער האָט פאַרגלאָצט זיינע פּוסטע און טריבע אויגן. איצט איז זי אויף אים כמעט געווען ברוגז, און איר האָט פאַרדראָסן, וואָס ער איז געזונט געוואָרן.

ווען עלען מיטן מאַן האָבן זיך אויפגעהויבן פון זייערע ערטער, האָט זי לאַנמאַר באַמערקט. זיי האָבן זיך אויסגע־וועקסלט מיט אַ בליק, וועלכע האָט, ווי ס׳האָט אויסגעזען, זייער מעכטיק צוגעצויגן איינער צום אַנדערן.

צומאָרגנס איז דער אַלטער נישט געווען בכּוח אַרויסצו־גיין פון זיין צימער. ס׳האָבן זיך ווייטער באַוויזן סימפּטאָמען פון זיין אַפּוועקסלענדיקער חלאַת און אין עטלעכע טעג אַרום האָבן זיי אָנגענומען אַ באַאומרויקנדיקן כאַראַקטער. פרייטיק אין דער פרי האָט עלען גערופן אַ דאָקטאָר. דעמדאָזיקן טאָג האָט דער קראַנקער אויסגעזען שרעקלעך. די הייטלעך פון די אויגן זענען ביי אים בלאָ געוואָרן און די אויגן גופא זענען אַרויס־פון די אויגן־לעכער, פּונקט, ווי ס׳וואָלט ווער זיי פון דאָרט אויף העלפט אַרויסגעריסן. ער האָט שרעקלעך געגרעדט פון היץ. דער דאָקטאָר ערסאַן, קומענדיק צום חולה בעת ער האָט גע־האַט אַן אַטאַקע, האָט אים פאַרשריבן אַ רפואה צו לינדערן די ליידן. נאָר דידאָזיקע רפואה האָט דעם אַלטן גאָר נישט גע־האָלפן. שטעלנדיק אַ דיאַגנאָז, אַז די נערוון־צענטער זענען ביים אַלטן נישט באַשטימט נאָר טיף פּאַראַליזירט און מורא האָבנדיק אַז דער פּאַטאַלער סוף וועט באַלד אָנקומען, האָט דער דאָקטאָר ערסאַן דערקלערט, אַז די לאַגע איז אַ געפערלעכע, און געבעטן מאַכן אין אָוונט אַ קאָנסיליום.

אין דער זעלבער צייט האָט גרולט, באַפוילנדיק זיין ווייב זי זאָל פאַרפּאַקן זיינע זאַכן און נעמען אַ דראָשקע זיי אַוועק־צופירן, זי האָט זיך געהאַט געזעצט אין דערדאָזיקער דראָשקע און, לויט דער באַקומענער פאַראָרדנונג, האָט ער זיך געזעגנט מיט הוילענדס הויז.

עלען איז געזעסן ביים קראַנקנס בעט. אַרומגעכאַפּט מיט אַ פּחד, וואָס איז שווער אויסצודריקן, האָט זי זיך נישט דע־צידירט אַ קוק צו טאָן אויפן לאָקיי. דערנאָך אָבער האָט זי פּלוצלינג, — ווי אַ שטופּ געטאָן דורך אַ שרעקלעכער ביינגע־ריקייט, — אויף גרולטן געקוקט מיטן גאַנצן בליק און זי האָט געוואָלט זען, זען נאָך און נאָך, הגם ווען אַפילו דאָס

דאָזיקע אָנקוקן אויפן פאַרהאַסטן גרויטן וואָלט זי דער־הרגעט.

און דער חולה־מסוכן האָט בינו־לבינו געפירט אַ קאַמף מיט צוויי דינער, וועלכע האָבן אים קוים איינגעהאַלטן אונטער דער קאָלדרע.

ער האָט געפאָדערט, מ׳זאָל צושיקן צו אים זיין ווייב און סעמועל דזשואַרטן. זיין שטים, וואָס אַלע אירע סטרונעס האָבן קרענקלעך געציטערט, איז געווען גאָר אַ נייע. אַ שרעקלעכע שטים איז דאָס געווען. שווער געווען אין איר צו דערקענען זיין פריערדיק קול. ער האָט מיט אַ יאָמערלעכער צערטלעכקייט אַרויסגערעדט דער פרויס נאָמען. און דערנאָך באַלד אַרויסגעלאָזט אַ שניידנדיקן קוויטש און אַ שרעקלעך קיכערן. די איבערגאַנגען פון צערטלעכן רופן די פרוי צום קיכערן זענען געווען אַזוי פלוצלינג, אַז ס׳איז אוממעגלעך געווען תופס צו זיין דעמדאָזיקן טריבן אינערלעכן פּראָצעס — די צערטלעכקייט בנוגע זיין פרוי, וועלכע האָט זיך באַלד געוואַקלט מיט אַ ווילדער קיכעריי, פיל מיט אַזאַ גאַליקער איראָניע, און דער גרויל פון דערדאָזיקער ווילדער סצענע איז נאָך געוואָרן צען מאָל גרעסער, דורכגייענדיק דורך עלענס קראַנקע פאַנטאַזיע. פונם נאַקן ביז די פינגער פון די פיס זענען איבער איר ווי אַריבערגעלאָפן מעטאַלישע דראָטן; מיט אַ ברענענדיקן גאַרטל זענען ביי איר געווען צוגעדריקט דער בויך און די זייטן.

זי האָט זיך צוגעהערט צום קול פון איר מאַן מיט אַ אָנגעשטרענגטער אויפמערקזאַמקייט. אירע ענוים זענען שטאַרקער געוואָרן צוליב דעם, וואָס איז אוממעגלעך געווען אויפצוכאַפן אינם דאָזיקן ריידן פון היץ כאָטש דעם קלענסטן זין.

דאָס האָט עלענען שרעקלעך געפּייניקט. און ווען זי וואָלט אין דערדאָזיקער רגע דערהערט, אַז איר מאַן מאַכט פאָרווורפן אָדער שעלט זי אַפילו מיט ווערטער אָדער דורך אַ

זשעסט, — וואָלט זי דערפילט אַן אמתע דערלייכטערונג און אַ שטיין וואָלט איר פּשוט אַראָפּגעפאַלן פון האַרצן.

צען אַזייגער אין אָוונט זענען די דאָקטוירים ערסאַן, הערמאַר און באַלדעק זיך צוזאַמענגעקומען ביים קראַנקנס בעט אויף אַ קאָנסיליום, דערזעענדיק די דאָקטוירים, האָט דער קראַנער אָנגעהויבן ציטערן מיטן גאַנצן גוף און איז אַריינגעפאַלן אין אַ לייכטער חלשות.

ס'האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער איז איינגעשלאָפן, און בייע ענוים קשים, די שרעקלעכסטע פון אַלע, האָבן זיך איצט ערשט אָנגעהויבן פאַר עלענען...

זי האָט ווידער דערפילט אַ צופלוס פון פריינטשאַפט און אַכטונג צום דאָזיקן ערלעכן מענטשן, וועלכער האָט זי געליבט פון אירע אויגן זענען אַרויסגעטרעטן טרערן און די דאָזיקע טרערן האָבן אויף איר אַרויפגעוואָרפן אַ גרויל. זי האָט אין זיי אַיינגעזען אַ נידערטרעכטיק צביעות, ווייל צי האָט זי דען?...

דאָס אָטעמען איז ביים קראַנקן געוואָרן אָפּטער אַזוי שווער, אַז די, וואָס האָבן זיך צוגעהערט צום דאָזיקן אָטעמען — אַ חוץ די דאָקטוירים, — האָבן אַליין אויך אָנגעהויבן קוים צו אָטעמען.

דעם חולהס בייניקע הענט, וועלכע זענען געווען אויסגעצויגן איבער דער קאָלדרע האָבן זי געדראַפּעט דורך קאַלטע און אומגעלומפּערטע באַוועגונגען. דער דאָקטאָר ערסאַן האָט אים אַ נעם געטאָן פאַרן לינקן אָרעם. ער האָט קאָנסטאַטירט די אָפּשוואַכונג פונם פולס און אַז די הענט און פיס זענען קאַלט געוואָרן. די נאָז האָט זיך אויסגעצויגן, די אויגן-לעכער. ער האָט מיט זיי אַ פיר געטאָן אַרום זיך, פונקט ווי ער וואָלט געוואָלט נאָך איינמאָל אַלץ זען און אַלץ זיך דערוויסן... דערנאָך האָט ער אַ וואָרף אָפּ געטאָן צוריק, האָט אַרויסגעלאָזט דריי זיפצן און זיך באַרויקט:

דער דאָקטאָר ערסאַן האָט מיט אַ זשעסט געוויזן, אַז ס'איז שוין נאָך אַלעמען.

ווען עלען, וועלכע איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך און גלייך ביי דער פייערלעכקייט פון דערדאָזיקער גסיסה, האָט דערהערט אַז איר מאַן איז געשטאָרבן, האָט זי דערפילט, אַז אונטער איר עפנט זיך די ערד. זי האָט אין דערדאָזיקער רגע איבערגעלעבט אַ גליקלעכע עמפינדונג פון אומקומען פון דער וועלט.

מיט וואָס פאַר אַ זיסער שיכּרות האָט זי געפילט אין משך פון אַ רגע, אַז אָט גייט זי אויס, אַז עס קומט אַ סוף צו איר לעבן!

אָ ווי גוט און מחיהדיק זי האָט זיך יענער רגע גע-שפירט פונם באַוווּסטזיין, אַז זי לעבט שוין נישט מער.

זי איז אומגעפאַלן.

די דאָקטוירים העראר און באַלדעק האָבן אין פאָדער-צימער באַגעגנט אַ קליינעם האַר מיט גרויסע באַקנבערד און אין ברילן פון הערנער, וועלכער האָט אַ נעם געטאָן זייערע הענט אין זיינע און געזאָגט צו זיי מיט אַ דורכדרינגענדיקער שטים:

— מיינע האַרן, אייערע באַמיונגען זענען געווען בחינם; די מענטשלעכע קונסט, ווי גרויס זי זאָל נישט זיין, זענען ליידער אַוועקגעשטעלט גרענעצן. די מלכים פון דער וויסנ-שאַפט האָבן נישט שטענדיק קיין שליטה איבער דער נאַטור. איך געהער צו יענע, וועלכע שעצן מוטיקייט, וועלכע איז פאַרמשפט צו האָבן אַ מפּלה. איך דערקלער אייך: פעלער דע סיסאַק וועט קיין מאָל נישט פאַרגעסן די קולטורעלע רחמנות, וועלכע איר האָט זיך באַצויגן צו מיין חשובן און סימ-פּאַטישן איידעם.

דערנאָך איז פעלער מיט פייערלעכע און פאַמעלעכע טריט אַריינגעגאַנגען אין עס-צימער, ווו ער האָט געהייסן זיך צוגרייטן אַ לייכט צובייסן.

פרוי גרולט, האָט באַגיסנדיק זיך מיט טרערן און שווייס, געיאָמערט אין איר קעמערל.

דאָקטאָר ערסאַן האָט געבעטן אים באַגלייטן אין צימער

פון דער פרוי העווילעגד, ווייל איר צושטאַנד האָט געפאָדערט אַ געוויסע אויפמערקזאַמקייט.

ווען עלען האָט דערזען אַריינגיין צו איר אין צימער דעם דאָזיקן הויכן שוואַרצן מענטש, וועלכן זי האָט נישט דער־קענט, האָט די שרעק ביי איר אַרויסגערופן אַן אָנפאַל פון משוגעת.

זי האָט אויסגעשטרעקט די הענט מיט אַ געשריי:

— נישט איך בין עס! כ׳שווער אייך, אַז נישט איך!

## VII

פעלער האָט אַרויסגעוויזן אַ גרויסן אָרדנונגס-גייסט נאָכן טויט פון זיין איידעם.

מ׳האָט אים געזען גיין נאָכן קאַטאַפאַלק אין אַ שווארצן פראַק, אָן דער זייט פונם פאַרשטאָרבענעמס פּלעמיעניק. די לויה האָט זיך פּאַמעלעך געצויגן איבער די בולוואַרן צום בית-עלמין מאָנפּאַרנאַס, ווו העווילענד, אָננעמענדיק די בירגערשאַפט פון זיין פרוי, האָט געקויפט פאַר זיך און פאַר איר אַ שטיק ערד אויף צוויי קברים.

פעלער, וועלכער איז נישט געוויינט געווען אויפצושטיין פרי, איז געווען בלאַס און דאָס פנים זיינס אַ ביסל געשוואָלן פון נישט שלאָפן. די אָנגעצונדענע אויגן און אויגן-לעפּעלעך אונטער די ברילן האָבן צוגעגעבן זיין פנים אַן אויסדרוק פון מידקייט און טרויער, וועלכע האָבן געפּאַסט צו דער סיטואַציע. אַ דאַנק דעם וואָס ער איז געווען אַ פוכיקער, האָט ער אויסגעזען אַ דיקער און האָט געמאַכט ערנסטע וואָגיקע טריט. האַלטנדיק אַז ער איז נישט אַבי ווער, נאָר אַ שווער פונם חשובן פאַרשטאָרבענעם, האָט ער זיך שטאַרק באַמיט צו האָבן אַ לייטישן אויסזען און האָט זיך געהאַלטן ערנסט און אַביסל אָנגעבלאָזן.

צוליב דער אומגעריכטער ווענדונג אין פעלערס גורל, איז זיין צילינדער-הוט שוין איצט געווען אַ פרישנקער און בלאַנקער, איז שוין נישט געווען ענלעך צו יענעם שרעקלעך

אָפּגעטראָגענעם, קלאָגעדיקן ציילינדער, מיט וועלכן ער איז געקומען צו זיין שוואָגער אַנן געהאַט צוליב דעם אויסצושטיין אַסך בזיונות.

ער האָט איצט געהאַלטן דעם ציילינדער אין דער האַנט — און מיט אים שוין זיך נישט געשעמט...

פאַרן גאָטישן סקלעפּ, ווי די קברנים האָבן אַראָפּגעלאָזט די טרומנע, איז פעלער געשטאַנען אומבאַוועגלעך, קוקנדיק דורך די ברילן אַרויף אויפן הימל מיט אַ ספּיריטואַליסטישן אויסדרוק.

זעענדיק אים אין אַזאַ פּאָזע, האָבן אַלע פאַרשטאַנען, אַז זיין געדאַנק איז נישט געבליבן שטיין פאַר די בראָנזענע טירן פון קבר-שטוב, נאָר זי האָט זיך אויפגעהויבן אין די הימלישע-ספערן אויף די פליגלען פון אַ הויכער פילאָזאָפיע.

אַזוי האָט פעלער געשוועבט אין די ספערן פון אידיאַליזם און ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז ער אַליין איז געווען אָפּגעריסן פונם דאַזיין און ער האָט מיט דער זינדיקער וועלט נישט געהערט קיין שום מגע ומשא.

נאָר אַ לייכטער הוסט האָט פּלוצלינג אַרויסגעריסן פעלערן פון די הויכע ספערן, ווו זיין גייסט האָט דאַן געשוועבט, און אינגאַנצן צעשטערט זיין שיינע אילוזיע. דער הוסט האָט אים דערמאָנט, אַז ער לעבט און איז אַ בירגער פון דערדאָזיקער זינדיקער וועלט.

הינטער זיין רוקן זענען געשטאַנען עטלעכע ווייס-ברעמיקע ענגלענדער, יעדער איינער העכער פאַר אים מיט אַ גאַנצן קאָפּ. זיי זענען געשטאַנען אויסגעצויגן אין זייער גוט-געניטע פראַקן צוויי האַנדלס-מעקלערס, מיט וועלכע פעלער פלעגט אָפט צוזאַמען מאַכן אַ כּוסה אין קאָלמאַרס שענק, האָבן זיך וועגן עפּעס געשעפּשטעט. אין אַ זייטיקער אַלייע, ביים קבר, ווו ס׳האָט זיך צונויפגעזאַמלט אַ קופּע היימישע משרתים, האָבן זיך בולט אַרויסגעזען די באַקנבערד פון די לאָקייען, די קופּקעס און בענדער פון די קעכינס; ס׳האָבן זיך געזען די רונדקייטן

פון די עלנבויגן און די אומריסן פון זייער לאַנגע שוואַרצע הויזן, וואָס זענען געפאַלן אויף די שטיוול אין ברייטע פאַלדן.

נאָך דער קבורה האָט פעלער אויסגעהערט די טרייסט-ווערטער, וואָס מ׳האָט אים געזאָגט, מיט אַן אויסזען פון אַ מוטיקן מענטשן, וואָס איז זיך מצער צוליבן פאַרלוסט וואָס ער האָט געהאַט. ער האָט באַדאַנקט די אַלע מענטשן, וועלכע האָבן באַוויליגט זיך מצרף צו זיין צו זיין צער און זענען גע-קומען אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד דעם פאַרשטאָרבענעם. ער האָט געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז אים איז אנגענעם נאָכאַמאָל זיך צו באַגעגענען מיט יעדן פון די אָנגוועזנדיקע, הגם ער האָט קיינעם פון זיי נישט געקאָנט.

ער האָט יעדן געדריקט די האַנט מיט אַן ענערגיע, וועלכע האָט, הפּנים, געהאַט אַזאַ זין: „איך דאַנק! איך וועל זיין מוטיק, כ׳וועל זיך באַהערשן״.

ווען ס׳איז געקומען די ריי צו זיינע צוויי גוטע פריינט מיט וועלכע ער פלעגט זיך אָפּט באַגעגענען אין צוקערניע, און אין שענק, האָט ער פאַרקערט, זיי קוים אויסגעצויגן די פינגער און אָנכמורענדיק די ברעמען, האָט ער פלוצלינג אויס-געדריקט פאַר זיי אַ ווילדן פּחדנותדיקן צער. ער האָט מורא גע-האַט, זיי זאָלן אַקאָרשט נישט, מעשה גוטע ברידער, אים נישט אַרויפלייגן די הענט אויף די פּלייצעס און אים היימיש נישט אָנרופן „אָרעמער אַלטעטשקער״.

ער האָט זיך עטלעכע מאָל גענומען אויסדריקן זיין דאַנק-באַרקייט די פאַרזאַמלטע און צום סוף זיך געזעגנט מיט איר צו אַ גרופּע פערזאָנען, וועלכע האָבן נאָר וואָס באַגלייט אויף יענער וועלט עפּעס אַ פרידנס-ריכטער און וועלכע האָבן נישט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, וואָס ער יויל פון זיי דערדאָזיקער הער אין שוואַרצן פראַק.

אַזוי ווי ער איז נישט געווען אימשטאַנד דורכצופירן אַ דעמאַרקאציאָנס - ליניע צווישן די פריינט פון זיין איידעם און דער איבעריקער מענטשהייט, וואָלט ער רעפּרעזענטירט דעם

טאָג אַלע לויות, ווען אַלע פּראָצעסיעס וואָלטן געגאַנגען איינע נאָך דער אַנדערער כּסדר.

זייט דעם טאָג האָט פּעלער זיך שוין נישט געשיידט מיט זיין שוואַרצן פראַק און נישט מיט זיין סטאָישער טרויעריקער מינע.

ער פלעגט יעדן טאָג קומען אין העווילענדס הויז, פלעגט דאָרט עסן מיטאָק און אוונטברויט. נאָכן מיטאָק פלעגט ער אַרויפלייגן זיין האַנט אויף זשארזש קאָפּ און אויסשרייען, צוכליפּענדיק:

— דאָסדאָזיקע ייִנגל אינטערעסירט מיך!

אין קאָלמאַרס שענק ווּ ער פלעגט יעדן אָוונט שפּילן אין בילאַרד, פלעגט ער זאָגן:

— נישט נאָר בלויז אַן איידעם האָב איך אין אים פאַרלוירן, נאָר אַ זון און דזשענטלמען אויך.

זשולי, עלענס פּאקאיאָווקע, האָט געהערט דעם מאָדנעם אויסגעשריי, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן ביי איר בעל-הביתטע, בעת דער דאָקטאָר איז אַריינגעקומען צו איר אין צימער, און אויפן צווייטן טאָג האָט מען שוין וועגן דעם זיך געשעפּטשעט אין שפּייז-געוועלבל און אין דער יאטקע.

דער קלאַנג, אַז דער ענגלענדער פונם בולוואַר לאַרטו מאָבור איז פאַרסמט געוואָרן און אַז זיין ווייב האָט זיך באַטייליקט אינם דאָזיקן פאַרברעכן, — האָט זיך אין עטלעכע טעג פאַרשפּרייט איבער די שכנותדיקע קוואַרטאַלן. דאָקטאָר ערסאַן, וועלכער האָט געוווינט אויף דער גאַס סען-דאָמיניק, איז געווען שטאַרק איבערראַשט, ווען דעם צווייטן מאָנטיק האָט זיין ווייב אים דערציילט וועגן דעמדאָזיקן קלאַנג, וואָס איז מיט יעדן טאָג געוואָרן אַלץ עקשנותדיקער; ערסאַן, וועלכן די וויסנשאַפטלעכע געוויינהייטן און די מעדיצינישע טעטיקייט האָבן אויסגעלערנט און צוגעוויינט צו זיין פּאָרזיכטיק און שטרענג אָביעקטיוו אין אַזעלכע פאָרשונגען, האָט נישט דערלאָזט, אַז אין דעם פאַל זאָל קאָנען פאַלן אַ חשד אויף דער פרוי העווילענד. ער האָט געענטפערט זיין ווייב, אַז די

געריכטס־מעדיצין דאַרף נישט זאַמלען קיין פּלאָטקעס פון פּאַר־
שידענע קומעס און זיך צוהערן צו זייערע רייד. יעדנפאַלס
איז די קרענק, פון וועלכע העווילענד איז געגאַנגען פון דער
וועלט, לויט זיין מיינונג, נישט געווען גענויג אויפגעקלערט
אין פּראָטאָקאָל, וועלכן ער האָט אונטערגעשריבן מיט צוויי
דאָקטוירים, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין קאָנסוליום. ער
האָט זיך אַליין פאָרגעוואָרפן פאַר אַ געוויסע לייכטזיניקייט,
וועלכע ער האָט אין דעם פאַל אַרויסגעוויזן. פילנדיק זיך
שולדיק אין נאַכלעסיקייטן האָט ער געוואָלט, אַז דערדאָ־
זיקער ענין זאָל בלייבן אָן פאָלגן און האָט געמיינט, אַז דער
ענין וועט טאַקע קיין שום פאָלגן נישט האָבן.

## VIII

לאָנמאר, וועלכן ס׳האָבן פאַרהאַלטן אין שפּיטאָל די פּאַרמיטאָקדיקע אַרבעט, וואָס האָבן געדויערט לאַנג צוליב דער טיפוס-עפּידעמיע, — איז געקומען אויפן בית-עלמן מאָנפּארנאַס שוין נאָך העוויילענדס קבורה. אַלץ וואָס אים איז, צוליב צערעמאָניאַלע טעמים, געלונגען צו זען, — איז געווען דעם ענערגיש און כמורנעם פּראָפיל פונם הער פּעלער, וועלכער איז אַוועקגעפאָרן פון בית-עלמן אין אַן עקיפּאַזש, איינגעשפּאַנט מיט צוויי שוואַרצע פערד (דעם עקיפּאַזש האָט פּעלער געטומען אויף פּראָקאַט אין אַ באַערדיקונגס-ביוראָ). אום קערנדיק זיך צוריק, איז ער דורכגעגאַנגען דורך אַ ריי סקולפּטורישע ארונות און זאַמד-שיסלען, וואָס זענען געשטאַנען אויף סלופּעס פון די קראַטעס ביים אַריינגאַנג, און דאָ האָט אים אָפּגעשטעלט עפּעס אַ קליינינקער רירעוודיקער מענטש, וועלכער האָט אים גאַנץ לוסטיק אָנגערופן געשפּענסט, שאָטן און האָט אָנגעהויבן זינגען מיטן שיינעם באַס אַן אַריע פון ראָבערט-דער טייוול׳: „נאָנעס, רוט”... דאָס איז געווען לאנמארס אַן אַלטער שול-חבר בוטייע, וועלכער האָט זיך באַרימט געמאַכט אין ליצייאום דערמיט, וואָס ער איז לגמרי נישט געווען פעיק צו הומאַניטאַרע וויסנשאַפטן און איז געוואָרן אַ רעפּאָרטער פון אַ גרויסער צייטונג. ער האָט נאָר מיטן שפּיץ אויער געהערט דריי רעדעס, וועלכע זענען געהאַלטן געוואָרן אויפן קבר פון

אַ מיטגליד פונם אינסטיטוט. ער איז געבליבן הענגען אויף לאַנמאַרס האַנט.

— נשמהלע מיינס, — האָט ער אים געזאָגט, — צו ווייסט הײַנט עסן מיטאָק מיט מיר בײַ ברעוואַלן.

בעתן מיטאָק האָט לאַנמאַר, שטאַרק אויפגערודערט, נאָר ווי זיין שטייגער איז, פאַרבאָרגנדיק זיין אויפרעגונג דורך וויצן — באַרירט פיל פראַגן וועגן פרויען און ליבע, מאַכנדיק איבער זיי אַ וויסנשאַפטלעכע אַנאַליזע און באַזאַלצנדיק זיי מיט טראַנסצענדענטאַלע קאַלאַמבורן. זיי האָבן געגעסן מיטאָק און געטרונקען שאַמפּאַניער-ווײַן. בוטייע האָט אַנדערש נישט געקאָנט עסן קיין מיטאָק. שאַמפּאַניער-ווײַן איז געווען פאַר אים אַ פּראָפעסיאָנעלע נויטווענדיקייט, וועלכער ער פלעגט זיך שטענדיק אונטערוואַרפן. בכלל איז דערדאָזיקער בוטייע געווען שטאַרק פאַרנומען; ער האָט פיל שעהן פון זיין לעבן פאַרבראַכט אין וואַגאָן פון דער אײַזנבאַן און דידאָזיקע שעהן וואָלטן געקאָנט זיין פיל שענער, ווי אין וואַגאָן, ער פלעגט עפּענען דענקמעלער אין אַלע שטעדט פון פראַנקרייך, פלעגט נאָכפאָרן דעם פּרעזידענט פון פראַנקרייך, ווהין יענער זאָל נישט פאָרן, ער פלעגט אים נאָכפאָרן אין די דעפּאַרטאַמענטן, וואָס האָבן געליטן פון פאַרפלייצונג, ער פלעגט זיין אָנוועזנדיק אויף אַריסטאָקראַטישע חתונות פלעגט הערן באַריכטן וועגן פילאָקסערע 1) ער האָט געזען אַלץ און איז געווען דער נישט נייגעריקסטער צווישן מענטשן. בלויז איין אָרט איז געווען אויף דער וועלט, וועלכעס האָט אים אינטערעסירט, — דאָס איז געווען שאַטו, ווו ער האָט געהאַט אַן אייגן הייזל און אַ שיפל. קיין זאַך האָט אים נישט אינטערעסירט אַ חוץ זיין הייזל און שיפל. און געמוזט האָט ער זיך אינטערעסירן מיט

---

1) אַזאַ ווערימל, וואָס מאַכט אַ תל פון די וויינגערטנער
באַמ. פונם איבערזעצער

אַלץ אויף דער וועלט. קיין איין פאַבריק האָט נישט געקאָנט אָפּברענגען אָן אים. לאַנמאר האָט מיט אים אָנגעהויבן ריידן, צווישן אַנדערע, וועגן העווילענדן, וועגן זיינע אויסטערלישע געוויינהייטן וועגן זיין טויט און, אַלץ וועגן אַן אַלגעמיינער טעמע, וועגן די קלאַנגען, אַז ער איז געשטאָרבן נישט מיט זיין נאַטירלעכן טויט, נאָר אַז מ׳האָט אים פאַרסמט.

און בוטייע האָט געזאָגט:

— נשמהלע מיינס, איך לויף אין רעדאַקציע: וואַרט אויף מיר אַ רגע אין דער שוועדישער צוקערניע, איך דאַרף זיך דאָרט מיט עמיצן באַגעגענען.

אין אַ שעה אַרום האָבן זיי ביידע גערייכערט ביי אַ טישל וואָס איז געווען באַצינקט, צווישן געררויש און די פייערן פון בולוואַר.

בוטייע האָט געזאָגט:

— פאַרשטייסטו מיך, נשמהלע מיינס, וואָס עס הייסט אַ ביסל אַ קורצער רודער, ווען דו פילסט עס, ווי ס׳געהער צו זיין, אין דער האַנט, און דער עיקר — זייער אַ פלאַכע ביי, עק, און וואָס שניידט דאָס וואַסער, ווי אַ מעסער...

אַ יונגער בחור פון אונטער דער שטאָדט אין אַ בלוזע און היטל האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר בוטייען און אים אַ שעפּטשע געטאָן:

— נישט די נאַכט.

בוטייע האָט דעם בחור געגעבן צוויי פראַגן און אים משלח געווען. ער האָט געהאַט אַ נישט צופרידענעם אויסזען.

— די נאָטיץ, וואָס איך האָב אָנגעשריבן פאַר דעם, וועט נישט זיין געדרוקט.

דערנאָך, כדי צו דער קלערן זיין פריינט, אין וואָס עס האַנדלט זיך, האָט ער צוגעגעבן:

— דערדאָזיקער שלעפער, וועלכן דו האָסט נאָר וואָס

געזען, ווייסט דעם גאַנצן ענין פון דער ראָקעטער טורמע, און אָט איז ער געקומען מיר זאָגן, אַז איבערן מערדער פון דער גאַס שאַטאָ דע ראַנטיע וועט היינט ביינאַכט נישט ווערן אויסגעפירט דער טויט-שטראָף. אגב דו ביסט דאָך אַן אַרצט, זאָג מיר, צי טוט נאָך דעם מענטשן ווייַ נאָכדעם, ווי מ'האַקט אים אָפּ דעם קאָפּ?

— כ'וועל דיר אויף דעם ענטפערן און עס דיר דערקלערן אין צוויי ווערטער, — האָט לאַנמאַר געזאָגט.

און ער האָט זיך גענומען אים דערקלערן:

— דאָס לעבן איז אַ סכום-כוחות, ווי בופאַן האָט זיך אויסגעדריקט, און איז מסוגל זיך צו פאַרגרעסערן און צו פאַרקלענערן, דאָס „לעבנס-בינטל" פון פלוראַנס — איז אַ שטות. הער מיך אויס מיט קאָפּ.. אויב איך וועל צוזאַמען מיט בישאַ זאָגן, אַז דאָס לעבן איז אַ פאַרייניקונג און געמיינשאַפט פון כוחות, וואָס שטעלן זיך אַנטקעגן דעם טויט, מוז איך צוגעבן, אַז דידאָזיקע כוחות שטעלן זיך, מער-ווייניק לאַנג אַנטקעגן דעם פיזיאַלאָגישן פראָצעס פון פערלייגן. נאָכן קעמפן פאַלט דער מענטש אַריין אין אַ טיף חלשות און ס'ווערט אין אים פאַרניכטעט די עמפינדלעכקייט ביי אומשטענדן, וועלכע מ'קאָן האַלטן פאַר דעצידירנדיקע. אָבער דאָס מוסקולאַרע לעבן פונם געקעפטן ווערט פאָרגעזעצט. מ'דאַרף נישט דורכמישן...

פאַרלירנדיק דאָס געדולד, האָט בוטייע אים אָפּגעשטעלט:

— ניין, ניין! כ'וועל בעסער מיך פריער וואָרענען. דיין דערקלערונג וועט זיין זייער אַ לאַנגע און איך פאַרשטיי אין דעם לגמרי גאָרנישט. איבעריקנס, די וויסנשאַפט איז מיר שטענדיק אויסגעקומען אַ שרעקלעך פינצטערע זאַך. ס'זענען פאַראַן פראַגן ווי למשל, די פראַגע וועגן דער אומשטערבלעכקייט פון דער נשמה אָדער וועגן דעם עקזיסטענץ פון גאָט, אַזעלכע שווערע!...

נאָך גוט, וואָס גאָט איז איצט נישט אַקטועל... אַגב, ווי האָט געהייסן דער ענגלענדער, וועלכן דו האָסט היינט קובר געווען? מ׳קאָן, דער רוח זאָל עס נעמען, מאַכן אַ נאָטיץ פון דעם, וואָס דו האָסט מיר דערציילט, אויב מ׳זאָל עס נאָך באַנוצן... וואָס האָסטו וועגן אים דערציילט?...

## IX

גרולט האָט, אַן אויפגעבראַכטער, געהייסן זיין ווייב צו־נויפלייגן און פאַרפּאַקן זיינע זאַכן און איז אַוועקגעפאָרן קיין אַוואַנש, ווו ער האָט, ווי ער האָט געזאָגט, געדאַרפט צו דער־ליידיקן עטלעכע ענינים, נישט לאַנג פאַר דעם האָט ער טאַקע באמת, באַקומען אַלס ירושה אַ קליינע נחלה אין אַ שכינות־דיקן דאָרף. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט דאָרט אין אַ האָטעלעכל אונטער אַ שילד „רויט פערד״. מ׳האָט אים געזען אין אַ געזעלשאַפט פון פערמערס און אָקסן־הענדלער, וועלכע האָבן געטרונקען קאַווע, און וועלכע ער האָט אַריינגעגאָסן בראָנפן לויטן דאָרטיקן מנהג, גאַנצע פלעשלעך. ער איז געווען לוסטי־קער און אָפּנהאַרציקער ווי שטענדיק, האָט אַרויסגעוויזן אַ רעדעוודיקייט, האָט אָנגענומען קאָמפּלימענטן און מכבד געווען די געסט.

מיטוואָך האָט ער זיך אַריינגעזעצט אין צוג, וועלכער האָט אים געבראַכט קיין טרוויל אין אָוונט ביי זייער אַ שלעכטן וועטער. ס׳האָט געגאָסן אַ רעגן, אַ משוגענער ווינט האָט גע־שמיסן די לאַמטערן און געוויייעט אין די אַלייען. ער איז אַוועק אויף דער אַלט־שטאָט איבער אַ שמאָלער גאַס, וואָס האָט זיך געשלענגלט באַרג אַרויף. דאָ האָט געשמעקט מיט ים, זיין לינקער פוס, דעדיאָגנדיק דעם רעכטן, האָט זיך באַוועגט ווי אַ סערפּ אין זאַנגען און זיין גוף האָט זיך געשאקלט ביי יעדן טריט, וואָס ער האָט געמאַכט.

ער האָט זיך שנעל פאַרטיפט אין די דעמערן, קלאַטשענ־דיק איבער די קאַלוזשעס, האָט געבורטשעט און זיך געזידלט. ער איז אַריין אין באַקאַליי־געוועלבל, ווו עס זענען אויפן פענצ־טער געווען אויסגעשטעלט צוויי באַנקעס צוקער, און אונטער די הילצערנע טרעפּ איז געשטאַנען אַ בעט פאַרהאָנגען מיט קאַרטונענע פאָרהענגלעך. די פּאָדלאָגע פון פאַרהאַרטעוועטן ליים איז ערטערווייז געווען פייכט אין אויף איר איז געווען צו זען שפּורן פון פּאָדעשוועס, אונטערגעקלאַפּט מיט אייזן.

גרולט האָט אין געוועלבל קיינעם נישט געטראָפן, און איז דאָרט נישט געבליבן וואַרטן ביז דער געוועלבער וועט אַריינקומען, ער האָט זיך אויפגעהויבן אויף די הילצערנע טרעפּ אין אָנגעקלאַפּט אין טיר, אויפן צווייטן שטאָק, ווו ס'האָבן זיך געענדיקט די פּאָרענטשעס.

אַן אַלטעטשקער פון אַ נישט הויכן וווּקס. האַלטנדק אין דער האַנט אַ ליכט, וואָס האָט באַשיינט זיין גאָמבע, האָט זיך איינגעקוקט אינם באַזוכער דורך דער האַלב געעפנטער טיר און אים אַריינגעלאָזט אין שטוב אַריין, ווו ס'זענען געווען אָנ־געוואָרפן פעק צעריסענע פּאַפּירן אין אַקטן.

אַ דאַר און צעטרייסלט בעט אין פיגצטעמן ווינקל האָט געטאַרטשעט פון הינטער די פּאָרהאַנגען. אַלע זאַכן אין שטוב זענען געווען באַדעקט מיט געדיכטע שיכטן שטויב. אַפילו דאָס פּנים פון לאָקאַטאָר האָט אויסגעוויזן צו זיין באַדעקט מיט שטויב.

קיין ציין האָט דער אַלטיטשקער שוין נישט געהאַט און דער צונג זיינער האָט כסדר זיך געגליטשט איבער די ווייכע ליפּן.

— איר האָט געוואָלט מיט מיר ריידן? — האָט גרולט אים געפרעגט, אַנידערזעצנדיק זיך אויף אַ טאַבורעט — גוט, אָט בין איך, ווי איר זעט. וואָס הערט זיך נייעס?

יענער האָט ווייך אַ פיר אום געטאָן איבער די ליפּן מיט זיין צונג און זיך אָנגערופן:

— ס׳טוט מיר זייער הנאה אייך צו זען, מיין טייערער הער גרולט. פאַראַן נייעס, אויב איר ווילט און אויב איר ווילט נישט, איז קיין שום נייעס נישטאָ. געווענדט אָן דעם, צי איר ווילט, אָדער איר ווילט נישט.

ריידנדיק, האָט ער אַזוי ליבלעך זיך געגלעט איבער די גראָע שוין לאַנג נישט ראַזירט, האָר פון דער גאָמבע.

גרולט האָט אים איבערגעריסן דורך אַן אומגעדולדיק וואָרטשען:

— וואָס איז מיט אייך דאָס איילעניש? — האָט ער דעם אַלטיטשקן געזאָגט — וואָס האָט איר אַזוי קיין צייט נישט? איז מיין נאָמען נישט טאַנקרעד רעלין, אויב איך בין נישט גרייט אייך צו אינפאָרמירן וועגן אַלץ, וואָס אייך אינטערעסירט רעלינען קען מען אין דער גאַנצער סביבה, אָנהייבנדיק פון קאַראָלער קאַפע און ענדיקנדיק מיט די פיש-אונטערנעמונגען אין ברעאַל. גרויסע און קליינע מענטשן — אַלע קומען, מוזן אָנ-קומען צו מיר, אַלע ווענדן זיך צו מיר.

איך פיר די עסקים פון דידאָזיקע אַלע הערן. ערשט נעכטן האָב איך דיסקאָנטירט אַ וועקסל פאַרן הער דע-טאַנקאַר-וויל. אַך, מיין טייערער הער גרולט, דאָס איז געווען, קאָן מען זאָגן, אַ האָפנונגסלאָזער וועקסל, אַ וועקסל, וואָס איז נישט ווערט געווען קיין פרוטה...

הער דע-טאַנקאַרוויל האָט מיר געזאָגט, — דאָס זענען גע-ווען זיינע אייגענע ווערטער „רעלין, איך האָב מיטן דאָזיקן וועקסל געוואָלט פאַררייכערן די פייקע”. הערט וואָס כ׳וועל אייך דערציילן. באַראָנעסא דיובאַק — מאַריאַנוויל האָט יענע וואָך...

גרולט האָט אים איבערגעריסן, אַ קלאַפ טוענדיק מיט דער פויסט איבערן טיש.

רעלין האָט לערך אַ מינוט צייט שטיל געריררט מיט זיינע ליפן;

דערנאָך האָט ער מיט זיין ציענדיקער שטים ווייטער דערציילט:

— לאָמיר איבערגיין, אויב איר ווילט, צו אייער ענין. כ'בין צו אייער דיספּאָזיציע, און מיר וועלן זיך שוין אָן ספק, צו עפּעס דעררעדן. כ'האָב פאַר אייך געקראָגן אַ מעטריקע וועגן געבורט פון אַ געוויסן סעמועל דשזואַרט און פאַרשידענע דאָקו-מענטן, וואָס באַשטעטיקן די אידענטישקייט פון דערדאָזיקער פּערזאָן. כ'האָב אייך איבערגעגעבן דידאָזיקע פּאַפּירן פון האַנט צו האַנט, מיין טייערער הער גרולט, נישט פּאָרויסזעענדיק און נישט ווילנדיק וויסן, וואָס פאַר אַ געברויך איר וועט פון זיי מאַכן, מיט אַנדערע ווערטער אויף וואָס איר באַדאַרפט צו האָבן דידאָזיקע פּאַפּירן. כ'האָב געטאָן, וואָס איך האָב געקאָנט כדי נאָר אייך צו טון אַ טובה.

— ווייטער — האָט גרולט אים אָפּגעשטעלט אָנכמורנדיק די ברעמען.

— האָט נאָר אַביסל געדולד — האָט דער אַלטער געזאָגט אַביסיטשקע געדולד!

ער האָט באַנעצט די ליפּן מיט דעם צונג און פאַר-געזעצט:

— כ'האָב נישט געוואָלט טראַכטן און וויסן, וואָס פאַר אַ אינטערעס איר האָט אין דעם, אַז איר זאָלט האָבן אין אייער רשות די דאָקומענטן פון סעמועל דזשואַרט; איך בין נישט נייגעריק, טייערסטער הער גרולט, דאָס קאָנען שווייגן — איז איינע פון די גרונט-מעלות פון מיין באַשיידענער פּראָפעסיע. נאָר זייט זיך משער, אַז סעמועל דשזואַרט איז געשטאָרבן. וואָס וואָלט דעמאָלט געווען!

— דער רוח זאָל עס נעמען! — האָט גרולט אַ געשריי געטאָן, — ווען ער וואָלט געשטאָרבן, וואָלט ער דאָך מער זיך נישט צוריקגעקערט.

און ער האָט זיך שטאַרק צעלאַכט.

— האָט נאָר צייט אַביסלע, — האָט דער אַלטער גע-זאָגט, (באַטראַכטנדיק די שפּילקעס, וואָס זענען געווען אַריינ-געשטעקט אין די אַרבל פון זיינע בגדים) — וואַרט אַביסל. לאָמיר אָננעמען, אַז אַ געוויסע פּערזאָן האָט אין איר רשות

סעמועל דזשוואַרטס אַ טויט-שיין, באַשטעטיקט דורך אַ געהערי־קער אינסטיטוציע, אָדער דורך אַ געהעריקן באַאַמטן. יאָ, אַז יענע פּערזאָן האָט אַן אַקט וועגן דעם טויט פון סעמועל דזשוואַרט, וועלכער איז געשטאָרבן אין דזשערס. נישט איבער־לאָזנדיק נאָך זיך קיין יורשים. און אַז דער אינהאַבער פונם דאָזיקן דאָקומענט קאָן דעם דאָקומענט צושטעלן אין דער גע־העריקער צייט.

גרולט האָט פאַנאַנדערגעפירט זיינע גרויסע הענט.

ער איז געווען איבעראַשט און צעמישט דורכן פאַראַט פון זיין אַלטן שותּף, וועלכער האָט זיך איצט הפּנים געקליבן צו מאַכן פאַר נישט ווירקלעך און ווערטלאז אַלע דאָקו־מענטן, וועלכע ער האָט פאַר אים געקראָגן פאַר גרויסע געל־טער.

— אָן כיטרעקייט. — האָט גרולט גראָב אַ זאָג געטאָן — רייד גלייך, אָן הינטערגעדאַנקן, דו הערסט?

דעם אַלטנס אייגעלעך האָבן אָנגעהויבן אומרויק צו פינטלען, נאָר זיין שטים איז געווען אַ גאַנץ רויקע, ווען ער האָט ווייטער אָנגעהויבן צוריידן:

— כ׳זאָג דאָס אַלץ אייך נאָר צוליב אייערע אייגענעם נוצן נאָר איך זע, אַז איר זייט אויף מיר ברוגז. לאָמיר זשע אויפהערן וועגן דעם צו ריידן און זיך פאַנאַנדערגיין אַלס גוטע פריינט.

ער האָט זיך אויפגעהויבן און גענומען פונם אַלטן שרייב טיש אויס ניסנבוים אַן אָפּגעשיילט טעפל מיט וואַסער, אין וועלכן ס׳איז געשטאַנען אַ בינטל בלימעלעך „פאַרגעס מיך נישט".

— טוט אַ קוק, — האָט ער געזאָגט, אַוועקשטעלנדיק צוריק דאָס טעפל אויפן טיש, — כ׳וועל אַ גאַנצן זומער האָבן בלומען. יעדעס מאָל, ווען איך גיי דורך דעם טייך, קאַרטעריי רייס איך אָן אינם שלוכט פיל „פאַרגעס מיך נישט". כ׳קלייב זיי צונויף אין בוקעטלעך און וויקל זיי איין אין נאָז־טיכל...

ער האָט פאַרזיכטיק אַ פּיר געטאָן מיט דער האַנט איבער די בלאָע-בלימעלעך, כּדי אָפּצושאָקלען די פאַרוועלקט געוואָרענע קריינדעלעך.

— אויב מ'זאָל נאָר אויסרייסן דאָס שטענגל מיטן וואָרצל,— האָט ער צוגעגעבן, — קאָן מען זיין זיכער, אַז דאָסדאָזיקע געוויקס וועט לעבן אין וואַסער פּונקט ווי אויף דער ערד. אַ, גרויסער גאָט, איך האָב נישט קיין ווייב, האָב נישט קיין קינד נישט קיין רינד, נישט קיין קאַץ, נישט קיין הונט בין אַזוי איינזאַם; כ'מוז דאָך זיין צו עפּעס צוגעבונדן: איך האָב ליב בלומען.

גרולט האָט נישט געהערט, וואָס דער אַלטער האָט גע-רעדט; ער האָט זיך געביסן די ליפּן און געגריזשעט די נעגל. דערנאָך איז ער אונטערגעשפּרונגען צום אַלטן און האָט אַ גע-שריי געטאָן:

— איר האָט דעם אַקט וועגן סעמועל דזשוואַרטס טויט. גיט אַהער דעם אַקט, כ'באַדאַרף אים צו האָבן, אַזוי וויל איך!

רעלין האָט מיט פליכטיקן בליק אַ קוק געטאָן אויף זיין טיש אויס ניסנבוים און אויפהייבנדיק פאַרזיכטיק דאָס טעפּעלע מיט די „פאַרגעס מיך נישט", האָט ער עס אַוועקגעשטעלט אויפן פריערדיקן אָרט. דערנאָך האָט ער זיך אַנידערגעזעצט און זיך באַנעצט די ליפּן.

— וואַרט אַביסל, — האָט ער נעזאָגט — וואַרט. כ'האָב דעמדאָזיקן אַקט, און איך האָב אים נישט. ס'איז מעגלעך, אַז איך קאָן אים ווייזן, נאָר ס'איז מעגלעך, אַז איך האָב אים נישט אין מיין רשות. לאָמיר אָבער באַהאַנדלען דעם ענין, אָננעמענדיק די השערה, אַז איך קאָן יאָ באַקומען דעם אַקט. כ'האָב זיך דערוווסט גענוג שפּעט, אַז הצר העווילענד (ביי וועמען איר געפינט זיך אויף אַ פּאָסטן שוין פיל יאָרן, נישט אַזוי?) זוכט אַרום ווי מיט ליכט דעמדאָזיקן סעמועל דזשוואַרט. נאַטירלעך איז דעריבער, וואָס איך האָב בדעה העווילענדן אויך צו זיין נוצלעך, מיין טייערער הער גרולט. אים וועט זיין

זייער אָנגענעם צו באַקומען ידיעות וועגן דעמדאָזיקן אָרעמען סעמועל, וועלכער איז אויף אַזאַ יאָמערלעכן אופן געשטאָרבן אין דזשערס.

רעלין האָט אויפגעהערט ווייטער צו ריידן, כּדי צו באַאָ־באַכטן זיין געגנער און זיך איבערצוצייגן, צי האָט ער אים נישט אפשר צופיל צערייצט און אַריינגעבראַכט אין כּעס.

נאָר גרולט האָט רויק געענטפערט:

— אויב איר האָט געוואָלט שיקן דעמדאָזיקן אַקט מיין בעל־הבית, וואָלט איר זיך געדאַרפט צואיילן. איצט איז שוין נאָך אלעמען איצט איז ער שוין טויט, אָדער ער וועט אינגיכן שטאַרבן.

דער אַלטיטשקער האָט מיט דער הילף פון זיין צונג אויסגעשפרייט די לינקע באַק און אויסגעשטעלט זיינע גרינע אויגן אויף גרולטן מיט דער גאַנצער קראַפט פון זייער אַ גרויסער שאַרפזיניקייט.

גרולט האָט זיך פונם דאָזיקן בליק דערפילט זייער נישט באַקוועם.

— אָרעמער הער העווילענד! — האָט זיך דער אַלטער אָפּגערופן — אָט דאָס איז עס אונדזער גאַנץ לעבן, מ׳שטיינס געזאָגט. אָבער ווי שטאַרק איר זייט זיכער, מיין טייערער הער גרולט, אינם טויט פון אייער בעל־הבית! ס׳זענען הפּנים פּאַראַן קרענק, אָ, יעזוס, וואָס זייער אויסגאַנג קאָן מען פּאָ־רויסזען. יאָ, נאָר מיר דאַרפן זיך צוריק אומקערן צו אונדזער ענין.

הער העווילענד לאָזט איבער יורשים, וועלכע ס׳וועט אָן שום ספק, הנאה טאָן זיך צו דערוויסן, וואָס ס׳איז פּאָרגעקומען מיטן פאַרשטאָרבענעם סעמועל דזשוואַרט. איך האָב נאָר איין פאַרלאַנג, מיין גוטער הער גרולט, — צו טאָן מענטשן אַ טובה.

גרולט האָט זיך ווידער באַרויקט, די קנייטשן אויף זיינע שליפן האָבן זיך צונויפגעלייגט אין עפּעס אַזאַ מין כיטרע שמייכלע.

— אָבער הער העווילענד, יורשים, — האָט ער זיך אָפּ־געגרופן, — ווע̄לן אויך נישט געבן קיין צוויי סו פּאַר אייער פּאַפּירל. איר וואָלט באמת געווען אַ מענטש, וואָס האָט נישט אין זין זיין אייגן נוצן, ווען איר וואָלט זיי צוגעשיקט דאָסדאָזיקע פּאַפּירל. וואָס פאַר אַ נוצן וואָלט איר פון דעם גע־האַט? וואָס וואָלט אייך פון דעם אַרויסגעקומען? גיט עס מיר כ'וועל אייך אַפילו קאָנען פאַר דעם עפּעס באַצאָלן, — שפּע־טער.

— האָט צייט, מיין ליבער גרולט. דערציילט מיר אייער עסקל. איר ווייסט דאָך, אַז דער אַלטער רעלן קאָן שווייגן. ווען כ'וועל זיך דערוויסן, מיט וואָס דאָס עסקל שמעקט, וועל איך זיך מישב זיין.

— כ'האָב אייך נישט וואָס צו דערציילן.

— אָ, גאָטעניו, איך ווייס, וואָס דאָס הייסט. איר זייט גישט קיין דרייסטער מענטש, נאָר איך וועל אייך אַרויסהעלפן. דעם פאַרשטאָרבענעם סעמועל דזשוואַרט האָט דער אָרימער הע־ווילענד אָפּגעשריבן אין זיין צוואה אַ זייער גרויסע געלט-סומע. האָבנדיק, אַ דאַנק מיר, דאָקומענטן, וואס באַשטעטיקן די פער־זאָן פונם פאַרשטאָרבענעם אָנטיילנעמער אין דער צוואה, פון סעמועל דזשוואַרט, הייסט עס, — וועט מען שוין קאָנען לייכט געפינען אַ יונגמאַן וואָס זאָל זיין, אַ בעלן און איינגיין פאַר אַ גוטע באַלוינונג צום קומען צום ראַיענט פונם פאַרשטאָרבענעם העווילענד אונטערן נאָמען פון סעמועל דזשוואַרט, און מיט אַזאַ קוואַליפיקאַציע צו באַקומען די געלט-סומע וואָס מ'האָט אים אָפּגעשריבן.

אָ, גאָט אין הימל, פאַרטיידיקט זיך נישט; געלט, דאַרף נישט ליגן אומזיסט, עמיצער דאַרף פון זיי האָבן הנאה און אַזוי ווי דערדאָזיקער אָרעמער סעמועל האָט פאַרלוירן דעם געשמאַק צום לעבן... אָבער, מיין בעסטער הער גרולט, ווער וועט אייך ערב זיין פאַר דער ערלעכקייט פונם אונטערגע־שטעלטן סעמועל דזשוואַרט? ווען ער וואָלט דאָס גאַנצע געלט איבערלאָזן פאַר זיך און נישט דערלאָזן, אַז נאָך עמיצער זאָל

פון דעם כאָטש אַביסל געניסן, וואָלט עס פון זיין זייט געווען זייער נישט אנטשטענדיק, נאָר פאַר אייך — זייער נישט אָנ-גענעם. מ'דאַרף וועגן אַלץ זיך באַטראַכטן, יעדע זאַך זיך באַ-קלערן. וויפל געמיינקייט זעען מיר זיך אָן אַרום און אַרום דאָ אינם דאָזיקן קלאָגלעכן וועלט. ערלעכקייט איז דאָ בכלל נישט בנמצא. באַטראַכט זיך. זייט זיך מישב. איך ווינטש אייך נאָר גוטס.

דער אַלטער האָט דורכגעשטופּט דורך די ציין אַ שפּיצל צונג אַזאַ דינינקס ווי ביי אַ יאַשטשעריצע, און האָט ווייטער אָנגעהויבן:

— איך לערן אייך. אַ געלערנטער מענטש איז ווערט אַזוי פיל. ווי צוויי נישט קיין געלערנטע. איך קאָן די פּערזאָן, וועלכע האָט אין איר רשות דעם אַקט פון סעמועל דזשוואַרטס טויט. דערדאָזיקער מענטש איז נישט קיין קליינלעכער און נישט קיין רויבער, ער וויל אויך נישט טון קיין רעה; ער איז אַ משונהדיקער מענטש. אָט וואָס איך בין באַפאָלמעכטיקט אייך איבערצוגעבן אין זיין נאָמען:

זעט אַרויסצובאַקומען דעם חלק ירושה, וואָס איז אָפּ-געשריבן געוואָרן פאַר סעמועל דזשוואַרט און ווען איר וועט דעמדאָזיקן חלק ירושה באַקומען, זאָלט איר יענע פּערזאָן, וואָס באַזיצט דעם אַקט וועגן דזשוואַרטס טויט, געבן אַן אָנשטענדיקן חלק פון דער געלט סומע, וואָס איר וועט באַקו-מען, און איבערגעבן דאָס געלט יענעם זאָלט איר דורך מיין פאַרמיטלונג... איר דאַרפט יענעם געבן נישט קיין העלפט, ניין... דאָס וואָלט געווען שוין צופיל; מ'טאָר נישט צופיל אויסנוצן יענעם און אים עקספּלואַטירן... איר וועט יענעם געבן לאָמיר זאָגן, אַ פּרעמיע פון פופציק פּראָצענט. ווען איר וועט נישט איינגיין אויף אַזאַ אופן, צופרידן צו שטעלן יענע פּער-זאָן, וועט זי, נישט הערנדיק מיינע עצות, פאַרעפנטלעכן דעם אַקט, וואָס זי באַזיצט, און דאָס קאָן אויך פאַרשאַפן גרויסע אומאַנגענעמלעכקייטן און צרות.

גרולט איז בעת דערדאָזיקער לאַנגער רעדע אָפּגעטרעטן

צוריק און זיך צוזאַמענגעקאָרטשעט אין פינצטערן ווינקל. ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן אַלטן, אים אַ כאַפּ געטאָן פאַר דעם האַלדז און אַ געשריי געטאָן:

— גיב אַהער דעמדאָזיקן אַקט, דו פאַרך איינער, אַ נישט וועל איך דיך באַלד דערשטיקן!

גרולט איז אַריינגעפאַלן אין אַ שרעקלעכער משוגעת, אָנשטויסנדיק זיך אויף אַזאַ מניעה, וועלכע ער האָט פריער נישט אַרויסגעזען.

רעלין, אַ געלער און שטשופלער, אַ טרוקענער, וואָס האָט איצט אויסגעזען, אַז אָט אָט טוט ער דעם לעצטן זיפץ און הויכט אויס זיין נשמה, — האָט פּלוצלינג באַקומען יוגנטלעכע כחות און האָט אָנגעהויבן צו דערלאַנגען גרולטן שטאַרקע קלעפּ מיט אַ שרעקלעכער קראַפט און בייג-זאַמקייט, וועלכע האָבן זיך ביי אים שוין לאַנג אַנטוויקלט פון די שטענדיקע געשלעגערייען מיט די מאַטראָסן, וואָס פלעגן אים ברענגען, אויף צו פאַרזעצן, זייגערס, כדי צו קאָ-בען גיין אין שענק אַריין. דעם אַלטנס ווידערשטאַנד האָט נאָך פאַרשטאַרקט גרולטס שרעקלעכן כעס. אים איז אויף אַ רגע פינצטער געוואָרן אין די אויגן און ער האָט אַרויסגעשלעפּט אַ מעסער. דאָס איז געווען אַ שלעכט מעסער. מיט אַ שפּיץ, מיט אַ שאַרף וועלכער איז געווען אַריינגעשטעלט אין אַ „הענטל“, גרולט פלעגט דאָסדאָזיקע מעסער שטענדיק טראָגן מיט זיך צו דער אַרבעט, דער אַלטער, גליטשנדיק זיך, כדי זיך אַרויס-צורייסן, איז אומגעפאַלן און ביים פאַלן האָט ער זיך דערלאַנגט אַ קלאַפּ אינם ווינקל פון קאַמין און זיך פאַרוווּנדעט דעם שטערן.

גרולט, וועלכער איז אומגעפאַלן צוזאַמען מיטן אַלטן, האָט, נישט אַרויסלאָזנדיק אים דערזעען זייער נאָענט פון זיך תחילת אַ ווייסן וווּנד-שניט אויף אים און דערנאָך — ווי ס'האָט זיך פון אים שטאַרק אַ גאָס געטאָן בלוט. דאָסדאָזיקע בלוט און דער געשריי, וואָס רעלין האָט אויפגעהויבן נאָך הילף, האָבן גרולטן, פון שרעק, געצוווּנגען, ער זאָל דעם אַלטן

דערלאַנגען אַ קלאַפּ. מיט אַן אויסערגעווייגטלעכער קלאָרקייט פון באַוווסטזיין האָט גרולט אויסגעקליבן אַן אָרט און אַריינגעשטאָכן דאָס מעסער דעם אַלטן אין ברוסט אַריין. דערנאָך, אין משך פון אַ מינוט, וועלכע האָט זיך אים אויסגעוויזן פאַר אַן ענדלאָז-לאַנגע, האָט ער גאָרנישט געזען. דער אַלטער איז נאָך אַלץ געלעגן אונטער זיין פויסט, דרייענדיק מיט זיינע גרינע אויגן, עפענענדיק דאָס מויל און אַקעגנשטעלנדיק זיך מיט אַלע זיינע מוסקולן. דערנאָך, נאָך דערדאָזיקער מינוט, האָט ער, ענדלעך, אַרויסגעלאָזט גרולטן, זיך אַ וואָרף אָפּגעטאָן צוריק, האָט קראַמפּהאַפט צונויפגעקוועטשט און פאַנאַנדערגעקוועטשט די פויסן, ווי ער וואָלט עפּעס געכאַפּט, און זיך אויפגעהערט צו רירן.

זיינע געזיכטס-שטריכן האָבן שוין נישט אויסגעדרוקט קיין שום ליידנשאַפטלעכס; ער האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט כיטרע געלאַכט אין זיין שלאָף.

גרולט האָט מיטן שפּיץ פון זיין מעסער אויפגעבראָכן דעם שלאָס פונם טיש און אָנגעהויבן זיך דאָרט צו גראַבלען. ער האָט איבערגעקליבן די פּאַפּירן און דאָרט שטאַרק געניש־טערט. דער פלאַם פונם ליכט, וואָס איז שוין געווען כמעט אויסגעברענט האָט געטאַנצט און אין שטוב איז געווען טויט שטיל אַזוי, אַז מ'האָט דייטלעך געהערט דאָס שאָרכן פון די מויז אונטער דער פּאָדלאָגע, ווו זיי האָבן געהאַט אַ גאַנצע קאָלאָניע.

גרולט האָט געזוכט און זיך געגריבלט אין די פּעק און פּעקלעך פּאַפּירן, אין קאָפּערטן, ביוווארן, אינם וועש און די טעקעס. ענדלעך האָט ער געפונען אַ הערב-פּאַפּיר און עס אַריינגערוקט אין טאַש אַריין, אַרויסלאָזנדיק דערביי אַ טיפן זיפץ. קלאָר ווי דער טאָג, אַז ער האָט געפונען דאָס, וואָס ער האָט אַזוי גיריק געזוכט. ער האָט פאַרלאָשן דאָס ליכט, וואָס האָט שטאַרק געטשאַדעט; דאָס פייער, אָנגעזעטיקט מיט אַ צע־שמאָלצענעם חלב, האָט זיך אים אַ וואָרף געטאָן אין פּנים און אָפּגעבריט די אויגנלעפלעך, איידער ס'איז פאַרלאָשן.

געוואָרן. דערנאָך האָט גרולט, טאַפּנדיק מיט דער האַנט, גע־
פונען זיין היטל און איז אַרויסגעגאַנגען פון שטוב.

אויף די טרעפּ האָט ער זיך עטלעכע סעקונדן געקווענ־
קלט, איז אין דער שטיל אַרויפגעקראָכן איבערן לייטערל.
אויפן בוידעם און אַריינגערוקט זיין קאָפּ אין פענצטער, וואָס
איז אַרויסגעגאַנגען אויף דער גאַס.

ער האָט, לויט די אָפּשיינונגען פונם ליכט אויף דער
נאַסער ברוק, באַמערקט, אַז דאָס באַקאַליי־געוועלבל איז נישט
פאַרמאַכט. ער האָט זיך צוגעזעצט, אַראָפּלאָזנדיק זיך אויף די
פיס, און זיך גענומען וואַרטן. געוואַרט האָט ער לאַנג מיט אַ
ציטער אין די קני, מיט אַן איבערגעטרוקנטן האַלדז, מיט אַ
שווערקייט אין די שלייפן, אויפציטערנדיק ביים קלענסטן גע־
רויש. ענדלעך, ווען אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס הויז
און די גאַס שלאָפן שטאַרק, האָט ער צוגעבונדן צום בלאָק,
וואָס איז געווען צוגעמאַכט צום בוידעם־פענצטער, אַ שטריק
מיט אַ האָק, מיט וועלכע דער קרעמער פלעגט זיך באַנוצן,
אויף אַרויפצושלעפּן משאות אויפן בוידעם, און האָט זיך
מיט אַ געשיקטקייט פון אַ מאַלפּע, אַראָפּגעלאָזט אויף דער
גאַס.

# X

נאָכדעם ווי עלען האָט אָנגעהויבן געזונט ווערן נאָך איר קרענק, האָט זי געלעבט נאָר מיט איין טרוים; צו זיין מיט רענען, אים צו האַלטן און קיין מאָל אים נישט פאַרלאָזן.

ער איז געווען איר מקלט, איר קראַפט. זי האָט פעסט געהאָפט, אַז די אָנפאַלן פון שרעק וועלן מיט איר מער נישט פאָרקומען, ווען זיי וועלן זיין צוזאַמען פאַרשלאָסן אין איין און דעמזעלבן צימער. זי וועט מיט אים חתונה האָבן, וועט לעבן שטיל, אין וואַרעמקייט, גוט באַשיצט, אין דער געזעלשאַפט פון איר מאַן און פאָטער. איר גאַנצע אומשולדיקע פאַרגאַנגענהייט איז געווען פאַרבונדן מיט דידאָזיקע צוויי מענטשן. ניין, ניין! קיין בייזע חלומות וועלן מער זיך נישט דורכשלייכן איר צוקאָפנס, ווען זי וועט זיך פאַרשאַפן מיט אַזאַ ליבע.

זי האָט גאָרנישט געוווסט וועגן די קלאַנגען, וואָס זענען געווען פאַרשפרייט אין קוואַרטאַל וועגן איר אין צוזאַמענהאַנג מיטן טויט פון איר מאַן.

וואָס אָנבאַלאַנגט העווילענדס צואה, איז דערדאָזיקער אַקט געעפנט און איבערגעלייענט געוואָרן אין קעגנוואַרט פון די יורשים, וועלכע האָבן נישט געפונען קיין שום סיבה צו וואָס פאַרא נישט איז פרעטענציעס. ס'איז נישט געווען קיין

שום סיבה צו וואָס פאַר נישט איז מיספאַרשטענדניש און די יורשים האָבן די צואה אַקצעפּטירט.

לויט דער צואה, האָט דער פאַרשטאָרבענער העווילענד איבערגעלאָזט זיין פרוי, געבוירן פעלער זיין גאַנץ פאַרמעגן, באַוועגלעכע און נישט באַוועגלעכע גוטער, אויף איר גאַנץ לעבן, בתנאי, אַז נאָך איר טויט זאָל דאָס גאַנצע פאַרמעגן איבערגיין צו זשאָרזש העווילענד.

דעם פאַרשטאָרבענעמס פלעמעניק, אָדער צו זיינע דירעקטע יורשים, אויב אַזעלכע וועלן נאָר ביי אים געבוירן ווערן.

דער פאַרשטאָרבענער האָט אין זיין צואה אויסגעדריקט זיין ווונטש אַז דער אפּוטרופּס איבער דזשארזש העווילענדס פאַרמעגן, ביז ער וועט ווערן פולי־אָריק, זאָל זיין דעם פאַר־שטאָרבענעמס גוטער פריינט, דער חשובער באַנקיר טשער־סימפּסאָן אין פאַריז.

טשארל סימפּסאָן האָט אָבער נישט געקאָנט איבערנעמען אויף זיך דידאָזיקע פליכט צוליב דעם, וואָס דער מאַרך פון חוט־השדרה איז אים פאַראַליזירט געוואָרן נאָכדעם ווי ער איז אַראָפּגעפאַלן פון אַ פערד.

דערוויסנדיק זיך וועגן דערדאָזיקער שווערקייט, איז פעלערן אַרויף אויפן געדאַנק צו מאַכן פאַר מעגלעך אַז ער זאָל ווערן אַ ממלא מקום פונם באַנקיר.

אים איז איינגעפאַלן זיך צו באַמיען און זען, אַז ס׳זאָל אָנגענומען ווערן זיין אפּוטרופּסות איבערן יינגן דזשארזש העווילענד און זיין פאַרמעגן,

ביי פאַרשידענע אומשטענדן פלעגט ער אַרויסווייזן אַ זייער לעבהאַפטן אינטערעס צום צושטאַנד פונם מינדעריאָריקן: וואָס ער טוט, ווי אַזוי ער לערנט זיך א. אַ. וו.

אַמאָל, נאָך מיטאָק, ווען מ׳האָט אים דערלאַנגט קאָניאַק און ציגאַרן, האָט ער צו זיין טאָכטער געזאָגט:

— דאָסדאָזיקע קינד אינטערעסירט מיך אַזוי, פונקט ווי ער וואָלט געווען מיין אייגענער זון.

בּ׳קאָן באַרנישט מיט זיך טאָן, זיך נישט גובר זיין כ׳האָב צו אים אַן אמת פאָטערלעך געפיל, אַזאַ געפיל קאָן מען נישט גובר זיין.

אַראָפּלאָזנדיק אַ גאַנצע פּיראַמידע צוקער אין זיין קאַווע האָט ער ווייטער אָנגעהויבן ריידן:

— כ׳ווייס אַליין נישט, וואָס איך בין נישט גרייט אַלץ צו טאָן פאַרן דאָזיקן קינד.

ער האָט זיך פאַרקוקט אויף דער צוקערדיקער פּיראַמי־דע, וועלכע האָט זיך אַראָפּגעזעצט צום טעצל, און האָט מע־לאַנכאָליש אַ שמייכל געטאָן זעענדיק ווי דער צוקער צעגייט זיך — פּונקט ווי צוזאַמען מיטן צוקער וואָלט זיך צעגאַנגען זיין זיסע האָפענונג צו זיין נוצלעך דעם יינגן זשאָרזש העווי־לענדן.

דערנאָך האָט ער איינגעשלונגען דעם סיראָפּ, וואס האט זיך געבילדעט דורכן צעגאַנגענעם צוקער און ווידער אַ שמייכל געטאָן.

עלען האָט אויף אים געקוקט מיט אומרו. זי האָט זיך אָנגעשטויסן, וואָס איר פאָטער האָט בדעה און קלייבט זיך איר פאָרצולייגן.

אויסטרינקענדיק אַ קעלישקל קאָניאַק, האָט ער גע־זאָגט:

— דער דאָזיקער ארעמער סימפּסאָן איז אַראָפּגעפאַלן פון פערד אויף זייער אַ שלימזלדיקן אופן. אָט אַזוי איז שוין אונדזער גאַנץ לעבן. אַזאַ ווערט האָט שוין אונדזער זינדיק לעבן. ערשט מיט אַ חודש צוריק איז ער נאָך געווען פול מיט געזונט און פאַרשטאַנד. פריש און געזונט נאָך געווען און איצט איז ער געוואָרן אַ אידיאָט... איבעריקנס, זאגנדיק, אַז ער איז געווען פול מיט פאַרשטאַנד, בין איך מגזם. קיין איבעריק קלו־גער און פאַרשטענדלעכער איז ער קיינמאָל נישט געווען און האָט קיינמאָל נישט געקאָנט פירן די געשעפטן אין אַ ברייטן מאַסשטאַב. דאָס איז געווען אַ פּחדנישער מח. ער פלעגט מורא האָבן צו ריזיקירן.

און פעלער האָט פֿאַרייכערט אַ ציגאַר, אָננעמענדיק אַ שטאָלצע פּאָזע. ער אַליין פֿלעגט שוין קיינמאָל נישט מורא האָבן צו ריזיקירן און ווי אַזוי נאָך ריזיקירן! אַזאַ חסרון האָט ער געהאַט.

עלען, ס'ווייזט אויס, אַ פֿאַרשעמטע, האָט געשוויגן.

איר פֿאָטער האָט געררייכערט און געשוויגן, און אָנגעטאָן אין שוואַרצן, אַ קאָרעקטער, מאַסיווער, אינם רויך פֿון זיין ציגאַר ענלעך צו אַ העלד אין די וואָלקן, — האָט מיט זיך פֿאַרקערפּערט אַן אַפּאָטעאָזע פֿון אַ פֿינאַנסיסט.

ער האָט ווייטער גערעדט:

— דער דאָזיקער סימפּאָן איז געווען אַ מענטש מיט זייער אַ קאַלטער נשמה, זייער אַ טרוקענער. איך צווייפֿל, צי ער וואָלט ווען עס איז זיך באַצויגן צו אונדזער זשאָרזשן מיט אַן עכט פֿאָטערלעכן מיטלייד.

דערנאָך, נאָך אַזאַ לאַנגער הקדמה, נישט קענענדיק ווייטער זיך איינהאַלטן, איז ער אַוועק גלייך צו זיין ציל.

ער האָט אַליין דיקטירט עלענען אַ בריוו אין וועלכן זי האָט אַליין פֿאָרגעלייגט די מיטגלידער פֿון יתומים-געריכט אַלס אַפּיטרופּוס איבער זשאָרזש העלוילענדס פֿאַרמעגן.

שטייענדיק מיט אַ הויך אויפֿגעהויבענעם קאָפּ, האָט ער, אַלס צייכן פֿון מאַכט, געטייטלט מיטן ווייז-פֿינגער אויף דער אָנגעהויבענער זייט פֿון בריוו, און געזאָגט:

— שרייב, מיין קינד, שרייב.

„איך בין זיכער, אַז מיין מאַן וואָלט געפֿעלן געווען דער-דאָזיקער אויסוואַל און ער וואָלט אויף דעם געגעבן זיין הסכמה”...

זי האָט געפּילט וואַקלענישן פֿאַרן דאָזיקן אומגעהייערן ליגן, האָט נישט געוואָלט שרייבן אַזוי, נאָר אויפֿהייבנדיק די אויגן אויפֿן פֿאָטער, האָט זי דערזען אויף זיין שטערן אַזאַ רויקייט, אויפֿן פּנים אַזאַ זיכערקייט, אין זיין גאַנצער פֿיגור אַזאַ ווירדע, אַז זי האָט געהאָרכזאַם אָנגעשריבן דאָס, וואָס ער האָט איר פֿאָרדיקטירט.

פעלער האָט ממש געשיינט פון נחת.

ער האָט אַליין אָפּגעטראָגן דעם בריוו אויף דער פּאָסט.

בלייבנדיק אַליין, האָט עלען דערפילט אַ שרעק און אַ חרפּה צעליבן באַוווּסטזיין, אַז זי האָט פאַרראָטן דעם פאַרשטאָרבענעם מאַן, אַז זי האָט געהאַנדלט קעגן זיין ווילן. זי האָט אַ טראַכט געטאָן: וואָס וואָלט געווען, ווען ער וואָלט זיך פון דאָרט צוריקגעקערט!... איר מאַן האָט דאָך אַזוי פיינט געהאַט איר פאָטער, געהאַלטן אים פאַר אַ מענטשן, וואָס פאַרדינט נישט דעם מינדסטן צוטרוי און דאָ קומט זי און לייגט אַרויף אויף אים אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכן פונקט, טרויט אים אָן אַזאַ וויכטיקן ענין, וואָס אויף דעם זענען ראוי נאָר די ערלעכסטע מענטשן. מיט אַן איידעלן פליכט-געפיל, פון וועלכן איר פאָטער איז ווידער אַזוי ווייט. דאָ האָט עלען זיך ווידער דערמאַנט, ווי איר מאַן פלעגט שרעקלעך פיינט האָבן איר פאָטער. און ווי אויפצולהכעיס איז איר פאַרשטאָרבענער מאַן געשטאַנען איצט פאַר איר ווי אַ לעבעדיקער. זיין פּנים, וואָס האָט גאָרנישט אויסגעדריקט, האָט געהאַט אויף זיך ווי פריער, דעם סוד פון זיין געדאַנק. עלען האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז זי זעט איצט איר מאַן נאָר אין איר פאַנטאַזיע נאָר זי האָט דאָך נישט געקאָנט אַליין נישט זען.

פעלער האָט אַ גאַנצע נאַכט נישט געקאָנט איינשלאָפן. אין קאָפּ האָבן זיך ביי אים שטורמיש געדרייט פאַרשיידענע געדאַנקען. ער האָט זיך געדרייט אויף זיין געלעגער און פון דערדאָזיקער באַוועגונג האָבן יעדע רגע געקלונגען דאָס געלישקל און קאראַפּקע, וואָס זענען געווען אַוועקגעשטעלט אויף זיין נאַכטטישל פון רויטן האָלץ, נעבן זיין פייקע, לייכטער און ברילן. דערדאָזיקער זילבערנער קלאַנג האָט האַרמאָניש אַקקאָמפּאַנירט מיט זיינע געדאַנקען. די צוקונפטיקע פאַראָרדנונגען, וועלכע ער וועט אַרויסגעגעבן אַלס אַפּוטרופּוס האָבן אים שוין איצט אַריינגעגעבן אַ זעלבסטאַכטונג און דאָס

איז נאָך נישט אַלץ. זיינע פלענער אויף דער צוקונפט זענען אַוועק פיל ווייטער פון דער ראָל פון אַן אפוטרופוס. ער האָט געהאַט נאָך אַ ווייטגייענדיקערן פלאַן. ער האָט געהאָפט צו געפינען אין דער פערזאָן פון זיין טאָכטער אַ געהאָרכזאַמען קאַפיטאַליסט, וואָס זאָל זיך באַטייליקן אין אַ גרויסער אונטערנעמונג, אין וועלכער ער וועט, נאַטירלעך שפילן די וויכטיקסטע ראָל און זיין איר קאָפ און איר נשמה. דאַן וועט ער ענדלעך קאָנען פאַרווירקלעכן זיין גרויסע אונטערנעמונג, דעם טרויער פון זיין לעבן, ער וועט ברענגען אויף דער וועלט די פרוכט פון זיין קאָפ-אַרבעט, וועלכע האָט אים געקאָסט אַזוי פיל שלאָפלאָזע נעכט: „צוטרוי, אַ ליי-געזעלשאַפט אונטער משכנות”. מיטן פלאַן וועגן גרינדן אַזאַ געזעלשאַפט גייט שוין פעלער אַרום יאָרן-לאַנג און דערדאָזיקער פלאַן איז, ווי געזאָגט, געווען „דער טרוים פון זיין לעבן”. די רעגירונג וועט געוויס באַשטעטיקן דידאָזיקע געזעלשאַפט, וועלכע וועט זיך גרינדן אויף פעסטע קאַפיטאַליסטישע יסודות. די ליסטע פון די מיטגלידער פון ראַט, צונויפגעשטעלט פון הויך אָנגעזעענע און טיטולירטע פערזענלעכקייטן, וועט אַריינגעבן אַ צוטרוי דער רעגירונג.

אין דערדאָזיקער רגע האָט פאַרן טרוימערישן העלפער אַ מינע געטאָן אין די פאַרהאָנגען פון זיין געלעגער דער שרעקלעכער שאָטן פונע „פעניקס פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע”.

ער האָט דערשפירט, ווי אויפן שטערן איז ביי אים אַרויסגעטרעטן אַ קאַלטער שווייס, נישט קוקנדיק, וואָס ער איז געווען צוגעדעקט מיט אַ געדיכטער פערענע נאָר פעלער האָט פאַריאָגט דידאָזיקע חוצפהדיקער וויזיע.

ער האָט ווידער אָנגעהויבן אַריינקוקן אין דער צוקונפט.

ער האָט געפונען פאַר דער געזעלשאַפט „צוטרוי” אַן עפעקטפולן עמבלעם: צוויי הענט און אייבערגרבל פון שפיצן וואָס האַלטן זיך איינע די אַנדערע אין חברשאַפט. ער האָט

שוין גצוצן דאָסדאָזיקע סימבאָלישע געשטאַלט אָפּגעדרוקט אויף די צירקולאַרן און מודעות אויסגראַווירט אויף קוויטאַנציעס, וועקסלען, באָנעס, טשעקן, אַקציעס און אָבליגאַציעס. און אויס־געהאַקט אויף אַ שטיין, אויפן סאַמען מיטן פראָנט פון דער געביידע, וועלכע די „צוטרוי״ וועט פאַרנעמען, אין שכינות מיט דער נייער אָפּערע, ווייל די „צוטרוי״ וועט אומבאַדינגט קויפן אַ נחלה אין יענעם קוואַרטאַל, ווו די אָפּערע געפינט זיך, און וועט דאָרט אויפבויען איר אייגן הויז.

די ערשטע שטראַלן פון דער אויפגעגאַנגענער זון זענען דורך די שטאָרן אַריינגעדרונגען אין פענצטער שלאָפצימער, און ער האָט באַמערקט נישט קיין באַצאָלטע רעכענונגען, וואָס זענען געווען צעזייט און פאַנאַנדערגעוואָרפן איבער די טישן, רעכענונגען פון די שוסטערס און רעסטאָראַטאָרן.

## XI

צומאָרגנס נאָכן מיטאָק בײַ ברעוואַלן, האָט לאַנמאר, עסנדיק פרישטיק אין צוקערניע, דורכגעקוקט די צײַטונג. צו־קומענדיק צו אַ שפּאַלט כראָניק, וועלכע איז געווען אונטערגע־שריבן „ספּעקטאַטאָר“ (ער האָט געוווסט, אַז דאָס איז בוטייעס פּסעוודאָנים), האָט ער אָנגעכמורעט די ברעמען, לייענענדיק פאָלגנדע נאָטיץ:

„ס'איז אַוועק פון דער וועלט נאָך אַ אונטערנאַציאָנאַלער זאַנדערלינג. הער מערטין העווילענד, וועלכער איז נעכטן געבראַכט געוואָרן צום אייביקן רו, האָט איבערגעלאָזט אין זײַן פּרעכטיקן הויז אויפן לאָטור־מאָבור בולוואַר אַן אויסטערלישע קאָלעקציע — עטלעכע טויזנט פלעשער, וואָס אַנטהאַלטן אין זיך וואַסער פון אַלע טײַכן, טײַכלעך, קאַנאַלן, קוואַלן און וואַסערפאַלן פון דער גאָרער וועלט. העווילענד האָט זיך אויך אויסגעצייכנט מיט זײַן וואָלטעטיקער אַרבעט, פּונקט ווי מיט זײַנע קאָלעקציעס. זײַן טויט, וועלכער וועט זיך שמערצלעך אָפּרופן אויף די אָרעמע לײַט פונם אײַנזאַמיקן קוואַרטל איז, הפּנים, אַ פּועל־יוצא דערפון, וואָס העווילענד האָט צופיל און צו אָפט באַנוצט בעלאַדאַן, מיט וועלכער ער פלעגט זיך קו־רירן פון רעוומאַטיזם, וואָס האָט אים שטאַרק געקוועלט. אַזוי לפּיחות, איז די מיינונג פון די אָנגעזועענסטע פאַרשטייער פון דער וויסנשאַפט, בײַ וועלכע דער פאַרשטאָרבענער האָט זיך געהיילט: מיר זענען גליקלעך, וואָס מיר זענען אויף אַזוי־

פ״ל אינפארמירט וועגן העוויל־ענדס טויט, אז מיר האָבן די מעגלעכקייט צוצוגעבן דעמדאָזיקן טרויעריקן פאַקט זיינע ריכטי־קע סיבות".

די לעצטע שורות פון דערדאָזיקער נאָטיץ האָבן לאַנמאַרן שטאַרק אויפגערעגט. ער האָט זיך געגעבן דאָס וואָרט צו דערלאַנגען מיט אַ קאַנטשיק זיין פריינט בוטייע איבערן פּנים: אַ שאָד נאַר, וואָס „כ׳וויס נאַר נישט — אַ ווּ דערדאָזיקער לאָבוס געפינט זיך איצט"! — האָט ער אויסגע־שריגן אין גרעסטן כּעס און אומגעדולד.

דער העכסט אויפגעבראַכטער לאַנמאַר איז אַוועק אין רעדאַקציע אים אָפּצוזוכן און אים באַגעגנט אין קאָרידאָר צווישן אַ קאַטשקע פון בראָנז און אַ טייבל פון אַ ראָזיקן מאַרמאָר, וועלכע זענען געזעסן איינע אויף אַ קעסטל פון בריוו, און די אַנדערע אויף אַ קעסטל פון מאַנוסקריפּטן.

די גוטמוטיקע און פאַרחידושטע פיזיאָנאָמיע פונם דיקן רעפּערטואַר האָט מיטאַמאָל אַנטוואָפנט לאַנמאַרן אין זיין גאַנ־צער כּעס איז מיטאַמאָל אויסגעלאָשן געוואָרן. ער האָט זיך פּלוצלינג דערמאָנט אין דער צייט, ווען בוטייע פלעגט ביי אים גנבענען פון דער באַנק, ווּ זיי זענען ביידע געזעסן אין דער שולע, איבערזיצוונגען, כּדי רויק זיי איבערצושרייבן און צושטעלן דעם לערער אַלס זיינע אייגענע. דערמאָנענדיק זיך אין דעם, איז לאַנמאַר ווייכער געוואָרן און פון זיין פריער־דיקן כּעס איז שוין נישט געבליבן קיין שפּור.

אַ שמייכל טוענדיק ביים באַגעגענען זיין אַלטן חבר, האָט בוטייע אַ געשריי געטאָן:

— נשמהלע מיינס! דו׳ עסט היינט מיטאָק מיט מיר ביי ברעוואַלן. דאָס איז אַ באַשלאָסענע זאַך. איך פאַר באַשטעטיקן אין זיין אַמט דעם הויפּטראַבינער (רב הכולל).

לאַנמאַר האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג, אים אַ רוק געטאָן די צעקנייטשטע צייטונג אונטער דער נאָז און געזאָגט:

— וואָס הייסט די לעצטע פראַזע פון דיין נאָטיץ? ווער

האט עס, לויט דיינע ידיעות, צוגעגעבן העווילענדס טויט נישט קיין געהעריקע פּראָפּאָרציע וואָס האָט מען חושד געווען? און וועמען האָט מען חושד געווען? זאָג.

בוטייע האָט איבערגעפּירט זיינע פולשטענדיקע רונדע אויגן פון לאנמארן אויף דער צייטונג. דערנאָך האָט ער גע-ענטפערט מיט אַ קלאָרער אָפנהאַרציקייט,

— כ'וועל דיר זאָגן, נשמהלע מיינס, כ'וועל דיר דער-ציילן. כ'האָב עס אָפּגעדרוקט, כדי צו לאָזן אַ קלאַנג — דאָס איז אַלץ. און באַמערק, ווי כ'האָב עס געטאָן אַלץ אין דער מאָס, נישט מגזם געווען! איך בין פּיקאַנט און קאָמפּראָמיטיר נישט קיין מענטשן אומזיסט און אומנישט. דאָס דאַרף מען קאָנען. אַלזאָ, עס איז באַשלאָסן: הייגט עסן מיר מיטאָק ביי העלדערן, דו הערסט?

לאָנמאר, א אנטוואָפּנטער, האָט אַ קוועטש געטאָן מיט די פּלייצעס און האָט זיך אויסגעדרייט צו אים מיטן רוקן. געשאָקלט דורך פאַרשידענע אינערלעכע באַוועגונגען, האָט ער זיך געפונען אין אַ שטאַרקער נערוועישער צערייצונג. ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ שרעקלעכן כעס און באַלד נאָכדעם אין אַ רחמים און האָט זיך בכלל געפילט, אַז ער איז גרייט צו באַגיין אַ אומזין. ער האָט געליבט עלענען, אין דעם איז נישט געווען קיין ספק, און דידאָזיקע ליבע האָט אָנגעהויבן אים אַריינצוברענגען אין אַ אומרו. אונטערן איינפלוס פון אויפרעגונג, איך וועלכער עס זענען געבראַכט געוואָרן אַלע זיינע פעיקייטן, דורכן דאָזיקן געפיל צו עלענען, האָט ער פאַר איין וואָך אָנגעשריבן אַן אַרטיקל פאַר דער „מעדיצינישער צייטונג", האָט פאַרפאַסט זיין ערשטן סאָנעט „און על רגל אחת" שטאַרק נאָענט געוואָרן מיט אַ בלומען-פאַרקויפערין אויף אַ עפנטלעכן באַל, דערביי האָט ער אויף איר אויסגעגעבן אַ געלט-סומע, וואָס עס באַטרעפט זיין פענסיע פון דריי חדשים. דערנאָך זענען אים דאָס אַרטיקל, דער סאָנעט און די

בלומען-פאַרקויפערין פאַרגעקומען אומגעלומפערט און נודנע. נאָך אַ וואָך צייט האָט ער זיך אַזוי אָפּגעקוועלט אַ שטארק צערייצטער און אין איין העלן טאָג איז ער גלייך אַוועק אויפן בולוואַר לאַטור-מאָבור אין עלענס שיין הויז. ס'איז אַריבער גענוג צייט, אַז ער זאָל שוין קאָנען אין אַ אַנשטענדיקער פאָרם אויסדריקן דער אלמנה זיין מיטגעפיל.

ווען ער האָט ווידער דערזען די קראַטעס אין דערלענג פון דער גאַס, דעם פּאַראַד - אַריינגאַנג טיף אין הויף, דאָס פאדערצימער מיטן פּאַיאָנס-אויוון, האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער איז שוין דאָ נישט געווען קיין גאַנצע הונדערט. וואָר ער איז געווען מיד, פונקט ווי ער וואָלט אָפּגעלעבט עטלעכע לעבנס.

עטלעכע מינוט האָט ער געוואַרט. אויף עלענען אין גאַסטצימער. ווען זי האָט זיך באַוויזן פאַר אים, איצט שוין אַביסל אַ דיקלעכע און א בלאַסע אין אירע טרויער-מלבשים, האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער זעט זי דאָס ערשטע מאָל.

זייט זי איז געזונט געוואָרן, האָט זי אָנגעהויבן דיק צו ווערן און די באַקן אירע זענען געווארן גענוג שטייף. נאָר זעענדיק זי, האָט ער די גאַנצע צייט איבערגעלעבט אַ מחיהדיק געפיל פון נייקייט.

אין עלענס אויגן, אונטער די גאָלדענע לאָקנס, וואָס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן שטערן, האָט געבלאָנדזשעט אַ ליבלעכער און נישט קלאָרער שמייכל. זי האָט אָנגעהויבן ריידן די ערשטע. פון אַ פּאָר געוויינטלעכע ווערטער, פון אַ קליניקייט, וואָס זי האָט געזאָגט, האָט ער אַ ציטער געטאָן און געענטפערט נישט צו דער זאַך.

באַהערשנדיק זיך אין אַ גרויסער מאָס, האָט זי הנאה געהאַט דערפון, וואָס זי האָט אים אַריינגעבראַכט אין פאַר-לעגנהייט.

ער האָט אין נישט קיין באַשטימטע אויסדריקן באַרירט די טרויעריקע זכרונות פון נישט לאַנג; דערנאָך איז ער אי־בער אַ באַקוועמען „באַרג אַראָפּ" אַריבער צו אַ געשפּרען וועגן דער צוק־נפט.

זי האָט, לויט איר ווערט אויפגעהערט ליב צו האָבן די „אייבערשטע פון שטייסל", — די העכערע געזעלשאַפט. זי האָט אים געפרעגט, מיט וואָס ער האָט בדעה זיך צו באַ־שעפטיקן להבא. ער האָט איר דערציילט, אַז ער האָט געוואָלט פּרוּוון זיין גליק אין פּריוואַטער פּראַקטיק; דער פּאָטער זיינער איז געווען גרייט אים אויסצובאָרגן געלט, וואָס זענען נייטיק אויף צו בויען אַ געהעריקע ווינונג מיט אַ קאַבינעט איר איז דעדדאָזיקער פּלאַן געפעלן געוואָרן: אין סין־דזשעמס און אין ניי־פּאַרק האָט זי געהאַט באַקאַנטשאַפטן, וועלכע וואָלטן געקאָנט געבן דעם יינגן דאָקטאָר אַ סאָלידע פּראַקטיק. צוזאָגנדיק אים שטיצע, האָט זי, אויף אַזאַ אופן, גענומען אויף זיך זיין גורל. זי גופא האָט, לויט אירע ווערטער, אַליין נישט געוווּסט, וואָס זי וועט טאָן און מיט וואָס זי וועט זיך באַשעפטיקן. זי האָט דערביי באַמערקט, זאָגנדיק אַ קליינעם ליגן צוליב טאַקטישע טעמים, אַז די ירושה פון איר מאַן, וועלכע ער האָט איר אָפּ־געשריבן אויף צו באַנוצן זיך מיט זיין פּאַרמעגן און איז באַ־לאַסטעט מיט התחייבותן, האָט זי באַוואָרנט מיט אַ סך קלענערן עשירות, ווי מ'וואָלט געקאָנט מיינען. זי האָט אים אויף קאַטאָ־ווע געפרעגט:

— אויב איך וועל ווערן אַן אָרעמע פרוי, וועט איר מיך נישט אויסמיידן?

ער האָט געהאַט געצויג טאַקט און געשמאַק אויף דעם גאָר נישט צו ענטפערן.

זיי האָבן זיך איינער פון דעם אַנדערן נישט גע־זאָגט קיין איין צאַרט וואָרט. נאָר יעדער הויך פון זייער מויל איז געווען פלאַם־פייער.

זיי האָבן קוים געאָטעמט; האָבן זיך געפילט שווימע־דיק און אַ מחיהדיקער פייכקייט, וואָס האָט זיי שווער געמאַכט דאָס אָטעמען.

זי האָט געזאָגט, אַז איר איז דושנע.

ער האָט זי גענומען פאַר דער האַנט, שוואַך זי צונויפ־דריקנדיק, און זי האָט די האַנט נישט אַוועקגענומען. זיי האָבן אַליין נישט געוווּסט, וואָס זיי טוען. און ביידער האָבן געהאַט אַ ווונש צו שטאַרבן.

נאָר דאָס באַוווּסטזיין פון דערווירקלעכקייט האָט זיך צוריקגעקערט צו עלענען. זי האָט באַפרייט איר האַנט פון זיינער. אַ שאָטן האָט זיך אַריבערגעטראָגן איבער איר שטערן. זי האָט זיך פאַרטראַכט אויף אַ רגע און געזאָגט:

— פיל זעגען פאַראַן זאַכן, וועלכע איך האָב אָפּגעטאָ און וועלכע איך וועל מער נישט טאָן. איך גופא בין בעסער ווי מיין לעבן.

ביי דידאָזיקע ווערטער, וועלכע האָבן אַ ריר געטאָן אין זייער נשמה אַלע דרעמלדיקע וואַסערן פון זכרונות, האָט זיך אָפּגעקערט אָן אַ זייט און איינגעהאַלטן די טרערן, וועלכע האָבן ביי אים שיער נישט אַרויסגעטרעטן אויף די אויגן איצט האָט זי, אין איר ריי, אים גענומען פאַר דער האַנט.

זיי האָבן דערהערט אין פאָדערצימער טריט.

— פריינט מיינער, פריינט מיינער, — האָט זי אים גע־פליסטערט און נישט פאַרענדיקנדיק דאָס, וואָס זי האָט גע־וואָלט זאָגן, איז זי אָפּגעגאַנגען אויף עטלעכע טריט און זיך אַראָפּגעלאָזט אין פאָטעל.

הער פעלער, סקריפּענדיק מיט די שטיוול, איז אַריינגעקו־מען אין גאַסט־צימער און האָט אַ דרוק געטאָן די האַנט דעם דאָקטאָר. ער האָט זיך אָנגעהויבן דערמאַנען וועגן אַמאָליקע אָוונטן אויף דער גאַס ניי־דע־פּטי־שאַן.

— איר זייט ביי אונדז דערצויגן געוואָרן, — האָט ער דעגען געזאָגט — ביי אונדז זיך אויספּאָרמירט; איר זייט דעריבער אונדזער זון און איך האַלט אייך פאַר אַן אייגענעם. און מ'דאַרף זאָגן דעם אמת, — ביי מיר אין הויז זענען פאַר אייערע אויגן פאַרבייגעגאַנגען פיל טשעקאַווע טיפּן. דאָס איז פאַר אייך געווען אַ שול פון באַאָבאַכטונג. הייסט עס, אַז איר זייט געשוווּמען איבער די ימים און געמאַכט אַ לאַנגע רייזע אַהין און צוריק? אַך, ימעלע!

און פּעלער האָט אָנגעהויבן ריידן וועגן דער גרענעצלאָזיקייט און מאַיעסטעטישקייט פונם אָקעאַן און איז דערביי געוואָרן שטאַרק אויפגערעגט. דערנאָך האָט ער ביים דאָקטאַר געבעטן, ער זאָל אים דערלויבן איבערלייענען די אָנגעקומענע פּאָסט און זיך פאַרנעמען מיט זיין קאָרעספּאָנדענץ.

אַנידערזעצנדיק זיך פאַרן טיש, האָט ער געלייענט די פּאַפּירן, צופּייפנדיק און צוהוסנדיק דערביי, מיט דעם פּלעגט פּעלער אויסדרוקן זיין פאַראַכטונג אָדער אומגעדולד.

צוגעבנדיק זיין פיגור, זיינע פּאַפּירן, זיינע צייטונגען די גאַנצע וויכטיקייט און ערנסטקייט, אויף וועלכע ער איז נאָר געווען פעיק האָט ער דאָ געמאַכט אַן אָנשטעל פון אַ מענטשן, וואָס איז אָנגעשטרענגט ביז גער, און דאָ — פון אַ מענטשן, וואָס באַציט זיך זייער גלייכגילטיק צום ענין, וואָס ער באַהאַנדלט.

עלען און רענע האָבן שווייגנדיק געקוקט איינער אויפן אַנדערן און זיי האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זיי זענען געווען איינע אַליין אויף דער גאַנצער וועלט

•

ענדלעך האָט פּעלער אָנגעהויבן צו סקריפּן מיט דער פעדער עטלעכע בלעטלעך פּאַפּיר, ער האָט זיך מיט אַ קנאַקערייי אונטערגעשריבן; האַט, ווי ביי זיך אין דער היים, אָנגעקלונגען און ווען די דינסט איז אַריינגעקומען, האָט ער געהייסן אָפּ-

טראָגן זיינע בריוו אויף דער פּאָסט, און האָט איינגעאָטעמט אין זיך די לופט מיט דער פולער ברוסט.

די שטימונג האָט זיך ביי פּעלערן געענדערט. ער איז געוואָרן אַ גוטמוטיקער פּשוטער „ווילער יונג״, אַ ביסל נאָר אַ לעכערלעכער. ער האָט פאַרגעליגט צו מאַכן אַ שפּאַציר אויסער דער שטאָדט. קיינער וועט וועגן דעם נישט וויסן. דערצו, איז דאָך דאָס נישט קיין ווייטע רייזע. מ׳דאַרף דאָך ערגעץ אָפּעסן מיטאָק. פאַרוואָס נישט צופאָרן אַביסל קיין מעדאן? און דאָרט עסן געבראָטענע פיש?

זיי האָבן אַלע דריי ליב געהאַט אַזעלכע אינטימע שפּאַצירן.

אין מעדאן זענען זיי אַריין אין א רעסטאראן אויפן ברעג פון טייך, עלען האָט, פאַנאַנדערבינדנדיק די בענדער אויף איר הוט, אויפגעהויבן די הענט, ווי צוויי אויערלעך פון אַ גריכישן קרוג, פול מיט גראַציעזע באַוועגונגען און דאָס בילד האָט געשאָנקען רענען אַ וואונדערבאַרע רגע.

דער געלבלעכער הוט פון דער יונגער פרוי האָט זיך איר ווי צוגעקלעפּט צום שטערן און אונטער אים האָבן ווייך געשיינט אירע וואונדערבאַרע שיינע אויגן.

עלען און רענע האָבן זיך אויסגעוועקסלט מיט אַזעלכע טיפע און דורכזיכטיקע בליקן, אַז זיי האָט זיך אויסגעוויזן, ווו זיי ווערן איינער אין דעם אַנדערן דערטרונקען.

הער פּעלער האָט, אָננעמענדיק ווידער אַ סוגעסטיוון אויסזען, און האָט, שווער אָפּזיפּצנדיק, זיך דערמאָנט אין זיין ענין, און אין זיינע עסנים. ער האָט געבעטן, מ׳זאָל אים געבן טינט און פּאַפּיר, נאָר מ׳האָט קוים פאַר אים געקראַגן אַ שמוציק פּלעשל, אַ פאַרראַסטע פּעדער און אַ בלאָ בייגעלע פּאַפּיר, וועלכעס ער האָט באַשריבן מיט ציפערן און דערנאָך עס פאַררוקט אין טאַש אַריין. דערנאָך האָט ער עפּעס פּלוצלינג געפרעגט, צי זיין יונגער פריינט האָט נישט קיין באַקאַנטע

אַרמאַטאָרן 1) אין טולאָן. ער האָט בכיוון אונטערגעשטראָכן און אַקצענטירט דאָס וואָרט אַרמאַטארן, ס׳האָט אויסגעוויזן אַז די גאַנצע פראַזע האָט ער אַרויסגערעדט כּדי נאָר זי זאָלן גוט קלינגען- זיי האָבן זיך געזעצט עסן מיטאָק.

הער פעלער האָט אויסגעקוועטש אויף די פיש אַ האַלבן ציטרין. ער האָט עס געטאָן מיט אַ סובטעלקייט, אויף וואָס עס זענען מסוגל געווען זיינע בלאַסע, פוכקע און קורצע פינגער, יעדער כּמעט אין אַ טייערן רינג. ער האָט דורך די ברילן געקוקט אויף דעם יונגן פּאָר — נישט אַ געהיימען פאַרלאַנג זיי אונטערצוגעבן חשק, אַז דער ראָמאַן זייערער זאָל אָננעמען די געהעריקע ווענדונג און ער זאָל זיי, אַלס פּאָטער, איינגיכן בענטשן (פונקט, ווי אין דראַמע).

דער שמאָלער לענגלעכער אינזל האט פון זיי באַהאַלטן. דעם האריזאנט מיט אַ פארהאַנג פון מאפל-ביימער. ס׳האָבן זיך פאַרבייגעטראָגן אויף קליינע שיפלעך פיל פישער און סתם אַמאַטאָרן צו פארן אין אַ שיפל און פונם אינזל האבן זיי געדרופן פרויען אין העלע קליידער און האָבן געלאַכט מיט אַ זילבערנע שטים.

דער הימל איז ביים זון-אינטערגאַנג שטאַרק רויט געווארן, פונקן האָבן אויפן טייך אנגעהויבן ציטערן; דערנאָך זענען דער הימל און דאס וואַסער אויסגעלאשן געוואָרן. אַ פרישער ווינט האָט זיך אויפגעהויבן אין טונקעלן גרינס.

רענע האָט אַראפגענומען פון קליידער-האקן א שוואַרצע פּאַטשיילע און זי אנגעטאן אויף עלענס פלייצעס.

הער פעלער האט געשאטן מיט פיקאַנטע אַנעקדאָטן און דערציילט, ווי אַזוי מ׳דאַרף קאכן געוויסע מאכלים.

פלוצלינג האט ער זיך גענומען אַ אַנציקטער וקן אויפן אַרומיקן פייזאַזש און געזונגען דעם אייבערשטן אַ ליוב-געזאַנג פאַר די זעלטענע שיינקייט פון פייזאַזש. לאנמאר האט אים געזאגט, אַז די נאַטור איז אַן אַרענע פון

---

1) מענטשן, וואָס באַזאָרגן אַ שיף.

אַן אייביקער קעגנזייטיקער פּאַרטיליקונג און אַז אַלץ אין דער נאַטור לעבט נאָר פון רציחה.

— אייער מח איז פאַרנעפּלט פון גבפילן און איר אורטיילט נישט אָביעקטיוו — האָט פעלער אים אויף דעם געענטפערט.

זיי זענען געווען גליקלעך אַלע דריי; די דעמערן האָבן זיי אָנגעהויבן אַרומוויקלען. זיי וואָלטן אַזוי געזעסן דאָרט נאָך לאַנג, פאַרגעסנדיק אָן דער צייט, ווען פעלער וואָלט זיך נישט דערמאָנט אָן קאַלמארס קאַפע-הויז. ער האָט באַשלאָסן אַז ס'איז שוין צייט צוגיין אַהין שפּילן מיט די מעקלערס און סוחרים אין ביליאַרד.

— קינדער מיינע, — האָט ער געזאָגט, אַ קוק טוענדיק אויפן זייגער און רירנדיק מיט זיינע געדיכטע ברעמען, — כ'מוז אַוועקגיין, כ'האָב צו דערליידיקן אַ וויכטיקן עסק און דאַרף זיך זען מיט מיינע קליענטן. חוץ דעם, קלייבט זיך אויף אַ רעגן.

ס'האָט זיך אויפגעהויבן אַ ווינט. כמאַרעס זענען האַסטיק געלאָפן איבערן הימל פאַר דער רונדער און רויטער לבנה, וועלכע האָט אויסגעזען, ווי זי טראָגט זיך אין דער זייט פון אַנטקעגן.

זיי האָבן אנגעהויבן זוכן די שמאָלע שטעזשקע, וועלכע פירט באַרג אַרויף צום וואָקזאַל, עלען איז געגאַנגען געאַרעמט מיט רענען, צוליב דעם נישט קלאָרן שיין פון דער נאַכט האָט רענע געמאַכט נישט קיין זיכערע טריט. זיי האָבן ביידע געשוויגן. פּלוצלינג האָט עלען אַ ציטער געטאָן.

— אַי! אַי! אַ גרויל! — האָט זי אויסגעשריען.

אַ מענטש אין טראַנטעס, אַ הויכער, דאַרער, אַ לאַנגהאָריקער איז געגאַנגען זיי אַנטקעגן. אַראָפּנעמענדיק דעם שטרויענעם הוט, אַנבייגנדיק צו זיי זיין מאָגער פּנים מיט גרויסע טריבע אויגן, האָט ער אויסגעצויגן די האַנט, מורמלענדיק עפּעס ווי אַ תּפילה. עלען האָט זיך צונעטוליעט צו רענען און אים אַ שלעפּ געטאָן נאָך זיך.

— איר האט אים געזען? — האט זי געפרעגט, — ער איז ענלעך צו... איי! אַ שרעק, אַ גוואַלד!..

רענע גופא האט אויך געשפּירט אַ נישט אנגענעם געפיל. דערדאזיקער אָרעמאַן האט טאַקע באמת דערמאנט אן העווילענדן און איז געווען שטאַרק ענלעך צו אים. און שרעקלעכער פון אַלץ, איז דאס — וואס דערדאזיקער ארעמאן האט דערמאנט אן העווילענדן אין אַזאַ יאמערלעכן אויסגעמאַטערטן אויסזען און מיט אַזאַ אויסדרוק פון אומהיילבאָרע ליידן, אַז ער האט אַרויסגערופן דאָס געשטאַלט נישט פון דעם פריערדיקן הער העווילענד, נאר פון יענעם, ווי אַזוי ער דאַרף איצט אויסזען.

זיי האבן זיך זאַלבעדריט אויפגעהויבן איבער דעד סטעזש־קע אין דער לענג פון פּארקנס און ווענט. שטיינדלעך האבן זיך געקייקלט אונטער זייערע פיס.

עלען האָט זיך פלוצלינג אפגעשטעלט: זי האט אַריינ־געשטאכן איר בליק אין עפּעס אַ געגנשטאַנד אין דער פינצ־טערקייט. רענע האט גארנישט געזען פאַר זיך, חוץ קוסטעס קראַפּעווע אַרום אַ טומבע. נאר די ייגנע אלמנה האט, ווייזט אויס, געזען עפּעס אַנדערש. זי האָט אַ געשריי געטאן און איז אומגעפאַלן אויפן רוקן, מיטן פּנים אַרויף.

פּעלער האט זי געוואלט אויפהייבן.

— לאזט זי ליגן, — האט רענע געזאגט, איינבייגנדיק זיך איבער איר.

זי איז געווען אומבאַוועגלעך, לעבנסלאז, בלויז די ליפּן אירע האבן זיך גערירט. און אויף די ווינקלען האט אנגעהויבן אַרויסטרעטן אַ ביסל שוים. די אפענע אויגן, וואס האבן אבער גאר נישט געזען, זענען געווען געווענדט צום הימל. ווען זי איז געקומען צו זיך, האט זי גאר נישט געדענקט — זי האט נאר געפילט אַ מידקייט. פאַרן טויער פון איר הויז האט זי אנגעהויבן בעטן איר פאטער, ער זאל די נאַכט פאַרברענגען ביי איר.

זי האט זיך נאך אַלץ געשראקן, זי האט אויסגעשטרעקט

די האַנט רענען, נאָר די האַנט אירע איז געווען אַ קאַלטע, ווי אייז, אַ צונויפגעקראַמפּטע, אַ לעבנסלאָזע, און עלען האָט אויף אים אַ קוק געטאָן מיט אַ דורכנעמענדיקן אויסדרוק פון האָפנונגסלאָזיקייט און יאוש.

## XII

נאָכן שרעק, וועלכן עלען האָט איבערגעלעבט ביים באַגעגענען זיך מיטן שנאָרער, האָט זי נישט אויפגעהערט צו ציטערן. מענטשן, וואָס פלעגן קומען צו איר, און יענע, אויף וועלכע זי פלעגט וואַרטן, און וועלכע פלעגן נישט קומען, ווי דאָס געוויש, די שטילקייט פון צימער, אַפילו די גאַס גופא — אַלץ האָט איר אַריינגעגעבן אַ שרעק. אַלץ האָט אויף איר אַרויפגעוואָרפן אַ פחד.

איר פריערדיקער שול-חברטע סעסיל, וועלכע האָט שוין לאַנג חתונה געהאַט פאַר אַ גרויסן פינאַנסיסט, איז צו איר געקומען צופאָרן מיט זייער אַ פייערלעכן וויזיט. דורך דער ליבנסווערטיקייט און פלאַפלעריי פון דער באַזוכערין האָט אַרויסגעקוקט דער שפּיץ פון נייגעריקייט, וועלכע האָט עלענען פאַרשאַפט פיל עגמת נפש. ספּעקטאַטאָרס נאָטיץ וועגן טויט פון עלענס מאַן האָט פאַנאַנדערגעפרייט די נייגעריקייט אין סעסילן, וועלכע האָט, איבעריקנס, נאָך פריער שלום געמאַכט מיטן געדאַנק, אַז איר נייגעריקייט וועט נישט באַפרידיקט ווערן און אַז זי וועט וועגן דעם, וואָס איר האָט אַזוי אינטערעסירט, גאָרנישט דערגיין.

סעסיל האָט זיך שוין געקליבן אַוועקצוגיין, ווי איר איז איינגעפאַלן אָט וואָס צו זאָגן צו איר חברטע מיט אַ בולטן מיין, זיך פאָרט עפּעס צו דערוויסן וועגן יענעם סוד.

— דידאָזיקע זשורנאַליסטן — האָט זי געזאָגט — זענען

אַזעלכע מאָדנע מענטשן. איינער פון זיי האָט געזאָגט, אַז דעם שרעקלעכן צער, וואָס האָט אייך געטראָפן, מיין טייערינקע, זענען צוגעגעבן געוואָרן פּראָפּאָרציעס... פּראָפּאָרציעס!.. קודם כּל ווייס איך נישט, וואָס איז דאָס אַזוינס פּראָפּאָרציע.

עלען האָט, זיך דערשרעקנדיק, אָבער נישט אַרויסגעבנ־דיק איר שרעק, געענטפערט:

— כ׳פאַרשטיי אויך נישט; כ׳שווער אייך, אַז איך...

זי האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפן ראַנד פון אַ שרעקלעכער אומפּאָרזיכטיקייט און אַ גרויסן פעלער. זי האָט זיך געקליבן, צו דערקלערן איר חברטע, אַז זי איז אין איר מאַנס טויט נישט שולדיק!

עלען האָט אָפּגעזוכט דעם נומער פון דער צייטונג, האָט אים איבערגעלעזן און פון דעמאָלט אָן איז זי שוין מער נישט געשלאָפן.

בינו לבינו האָט די פּראָקוראַטור אין אָוראַנש געפירט אַ ענערגישע תקירה ודרישה וועגן דעם פאַרברעכן, וואָס ס׳איז פאָרגעקומען. אַ געוויסער רעלין, אַהאַנדלס-מעקלער וועל־כער האָט געהאַט זייער נישט קיין גוטן שם, איז געפונען גע־וואָרן אַ דערהרגעטער אין זיין וווינונג אויף דער גאַס זשעוור אין גראַנוויל. דער חשד איז תחילת געפאַלן אויף אַן אַרבע־טער פון פאָרט, אַן אַלקאָהאָליק און אַ אויסגעלאַסענער מענטש, וועלכער האָט. פינף אַ זייגער נאָכמיטאָק אַ טאָג פאַר דעם ווען מ׳האָט געפונען דעם טויטן קערפּער, באַזוכט רעלינען.

דער קרעמער, וואָס האַנדלט אויפן מיטן שטאָק פון יע־נעם הויז, האָט געזען, ווי דערדאָזיקער מענטש איז אַרויסגע־גאַנגען פון רעלינען מיט סמנים פון אַ שטאַרקער אויפרעגונג. נאָך נאָך אַ לאַנגן פאַרהער האָט מען אים אָנערקענט פאַר נישט שולדיק און מ׳האָט אים באַפרייט.

דער אויספאָרשונגס-ריכטער, וועלכער איז געווען גע־צוווּנגען צו ווענדן זוכענישן אין אַן אַנדער ריכטונג, האט ווידער באַקוקט דאס ארט, ווו דאס פאַרברעכן איז פאָר־געקומען; ער האט באַמערקט אַז בינטלעך פּאַפּיר וואס זענען

אַרויסגענומען געוואָרן פון שרייב-טיש, נאָכן מאָרד, אין דער גיך איבערגעבלעטערט און אַרויפגעוואָרפן אויפן קערפּער פונם קרבן, — זיי זענען געלעגן אין באַזונדערע פּעקלעך אין יעדעס פּעקל איז געווען אַרומגעוויקלט אין אַ פּאַפּיר מיט אַן אויפשריפט אויף דעם פונם אַדרעס און פאַמיליע. דעמדאָזיקן פּאַק פּאַפּיר האָט די אויספאָרשונגס-מאַכט איבערגעלאָזט אַזוי ווי זי האָט עס געפונען און האַלטנדיק אַזוי, האָט זי גאַנץ גוט געטאָן דעם קערפּער פונם דערהרגטן האָט מען אַרויסגעשלעפּט פון אונטערן פּאַק פּאַפּיר מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיקייט. איינע פון די פּאַפּירענע אומלאָגן וואָס איז געלעגן פון אויבן, אויף די איבעריקע, און וועלכן דער מערדער האָט אַ וואָרף געטאָן נאָך דעם, ווי ער האָט געענדיקט זיינע זוכענישן, איז געווען אין גאַנצן פּוסט, בעת יעדער פון די איבעריקע אומשלאָגן האָט אַנטהאַלטן אין זיך פאַרשידענע פּאַפּירן און דאָקומענטן. — אַ סימן, אַז דער מערדער האָט פונם דאָזיקן אומשלאָג אַרויסגענומען דאָקומענטן, וועלכע זענען אים געווען נייטיק. אויפן דאָזיקן אומשלאָג, וועלכן דער מערדער האָט געהאַט די אומפאָרזיכטיקייט איבערצולאָזן אויפן אָרט און נישט מיטנעמען מיט זיך, אָדער עס פאַרניכטן, איז געווען אַן אויפשריפט: „הער גרולט, ביים הערן העצווילענד, אין פּאַריז".

די פאַמיליע גרול"ט איז אָפּגעזוכט געוואָרן נישט אין גראַנוויל, נאָר אין אַווראַנש, צווישן די לאָקאַטאָרן פונם האָטעל רויט פערד.

גרולט האָט דאָ נאָך געוווינט, ווען, ס'איז אַרויסגעגעבן געוואָרן די פאַראָרדנונג. מ'זאָל אים צוציען צו דער אויספאָרשונג וועגן דעמדאָזיקן מאָרד; מ'האָט אים אַרעסטירט.

עלען האָט זיך דערוווּסט וועגן דעמדאָזיקן נייעס פון צייטונגען, נאָך אַ שווערער נאַכט, וואָס זי האָט געהאַט.

זי האָט אין דערדאָזיקער שווערער נאַכט אים געזען, אים. דאָס איז געווען אַ שרעקלעכע וויזיע, ער איז געשטאַנען פאַר איר, נישט פאָרוואָרפנדיק איר גאָרנישט, מיסרנדיק

זיך נישט אויסדריקנדיק קיין שנאה קיין כעס. נאָר ער האָט זיך פאַר איר באַוויזן, אַזעלכע ווי זי האָט פון אים געטראַכט, אין וואָסער שרעקלעכן אויסזען ער האָט איצט געהאַט. גאָט אין הימל, ווי וועט זי קאָנען לעבן ווען ער וועט זיך אָנ-הייבן באַווייזן פאַר איר יעדע נאַכט אין אַזאַ אויסזען?

עלענס פאָטער איז געקומען צום מיטאָק. זי האָט זיך אים אַ וואָרף געטאָן אויפן האַלדז אין אַ משוגענעם אויפשוווּנג פון צערטלעכקייט און שרעק. זי האָט אים געבעטן רחמים מיט די אויגן, זי האָט אים אַזוי צוגעדריקט צו זיך, אַז ער האָט איר געזאָגט.

— וואָס איז מיט דיר עלען? מיר טוט דאָך ווײ פון דיין דריקעניש. וועסט מיך דאָך אַזוי דערשטיקן?

דערנאָך האָט פעלער דערקלערט, אַז ער פלעגט שטענדיק זיך באַציען צו גרויטן מיט מיסטרוי און דאָס וואָס ער האָט זיך וועגן אים דערוווּסט, איז פאַר אים, פעלערן, אַ אומגערעכ-טע נייעס. דאָס פאַרברעכן פונם דאָזיקן נידערטרעכטיקן יינג וואַרפט אויף אים אַרויף אַ ציטער, — האָט ער געזאָגט. נאָר די נאַכט איז אים איינגעפאַלן אַ גלענצנדיקער רעיון, ס'האָט אים באַזוכט אַ מין רוח-הקדש ער וועט זיך נעמען זוכן סע-מועל דזשואַרטן. יאָ ער וועט דאָס אומבאַדינגט טאָן אין דער פרי האָט ער שוין וועגן דעם אָנגעשריבן קיין לאָנדאָן אין דער פראַנצויזישער אַמבאַסאַדע. ער וועט אין זיינע זוכענישן זיין ענערגיש און עקשנותדיק. ער וועט דזשואַרטן זוכן אומע-טום, ווו ס'איז נאָר פאַראַן די מינדסטע אויסזיכט און די מינדסטע מעגלעכקייט אים אפצוזוכן. און אין דער רגע, ווען פעלער האט אַרויסגערעדט דידאזיקע ווערטער, האט זיין בליק ווי געשטרעבט דורכצולעכערן דאס געזימס.

עלען האט שטאַרק געליטן, זעענדיק ווי איר פאטער האט זיך מיט אַזאַ ברען גענומען צו די עסקים פון איר פאַרשטאָר-בענעם מאַן. זי האט אים געזאגט:

— פּאַפּאַ, דו וואָלסט נישט געוואָלט אוועקפאָרן מיט דיין טאַכטער ווייט, ווייט?

— וווּהין? — האָט ער געפרעגט אַ גוטמוטיק־דערשראָקענער.

פּאַר פּעלערן איז די פּראָפּאָזיציע פון זיין טאַכטער געווען אַ שרעקלעך אומגעהייערע אוועקפאָרן מיט איר ווייט, ווייט... נאָר סאיז זעלטן צו געפינען נאָך אַזאַ מענטשן, ווי פּעלער, וואָס זאָל האָבן אַזאַ אפשיי פאַר נסיעות און בפרט נאָך ווייטע, ווי ער. אַוועקפאָרן ווייט פון קאַלמארס קאַפּע־הויז, איז אין זיינע אויגן געווען אַזאַ ווילדער געדאַנק און ער האָט עס באַטראַכט אַלס אַ זאַך אויף וועלכער ער וואָלט בשום־אופן נישט געקאָנט דעציַדירן, וואָס פאַר אַ נויטווענדיקייט עס זאָל דערביי נישט זיין, און דאָ האָסטו גאָר — אַוועקפאָרן ווייט, ווייט... עלען מיינט דאָך אוודאי זייער אַ ווייטע נסיעה, ווי יענע, וועלכע איר פאַרשטאָרבענער מאַן פלעגט מאַכן.

קומענדיק צו זיך פון איבערראַשונג און באַוווּנדערונג, האָט ער עלענען אַ קוש געטאָן אין שטערן.

— קינד מיינס! — האָט ער אַ שטאַמל געטאָן.

דערנאָך האָבן די אינסטינקטן פון אַלייכטן לעבן און פון אַ נישט באַשיידענער גוטסקייט אים אונטערגעזאָגט, וואָס עס וואָלטן געקאָנט פאַרהאַלטן אין פּאַריז די יינגע אַלמנה.

— אונדזער פריינט לאַנמאַר — האָט ער געזאָגט, — וואָלט געווען אויסער זיך און איך וואָלט מיך קיינמאָל נישט געקאָנט טרייסטן, ווען דו וואָלסט אַוועקגעפאָרן.

נאָר זי האָט געענטפערט אין אַן ערנסטן טאָן. אַז הער לאַנמאַר דאַרף נאָר טראַכטן וועגן אַ יינג מיידל. דערנאָך פאַרברעכנדיק די הענט, האָט זי מיט אַ יאָמער, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון דער טיפקייט פון איר נשמה, — אויסגעשריגן:

— גאָט אין הימל, ווי אַכזוריותדיק דאָס לעבן איז!

ער האָט גענומען אירע הענט אין זיינע און מיט זיין פעטן קול געזאָגט:

— וועמען זאָגסטו דאָס, קינד מיינס!

דערנאָך, אַרויסוואַרפנדיק אויפן טיש פּאַפּירן פון זיין טייערן טייסטער, האָט ער זיך אַנידערגעזעצט איינער אַליין איינגעהילט אינם רויך פון זיין דיקער ציגאַר און צוזאַמענגעשטעלט אַ באַריכט אויפן נאָמען פון סעמועל דזשוואַרט, וואס געפינט זיך, אין אַן אומבאַקאַנטער אפוועזנהייט".

זייט דעם טאג האבן די צרות און מאַטערנישן פון שרעק און געוויסנסביסן ביי עלענען כסדר זיך פאַרשטאַרקט. זיי האבן זיך ביי איר פאַרשטאַרקט אָן אַן אויסערלעכער סיבה, אונטערן איינפלוס בלויז פון דער אַרבעט פון איר איבערראַשטן מח. די וויזיעס זענען געוואָרן אפטער און זענען אויך געווארן דייטלעכער. איר איז אויסגעקומען צו טראַכטן, קלערן און חקירהן, כדי אונטערצושיידן די וויזיעס פון דער ווירקלעכקייט.

אַלס רעזולטאַט פון דער אויספארשונג וועגן דערהרגענען רעלינען און נאכן אויסהערן גרולטן אויף וועלכן ס'איז געפאַלן אַ חשד, אַז ער איז דער מערדער, האט די אויספארשונגס-מאַכט פאראָרדנט צו מאַכן אַ רעוויזיע ביי אים אין דער היים. אַ פּאָליציייאישער קאמיסאַר איז אינדערפרי געקומען אין באַגלייטונג פון אַ שלאסער אין העווילענדס ווילע. ס'איז אים אויסגעקומען מיטצוטיילן דער פרוי העווילענד, אַז ער פאַרחתמעט די פּאַפּירן ביי דער סטרוזשקע אין אפיצינע און ער בעט די בעל-הביתטע אין א שעה אדער צוויי שעה אַרום אים שענקען עטלעכע מינוט אויף אַ געשפרעך.

עלען האט אנגענומען די דאזיקע ידיעה, ווי אַ קלאַפּ מיט אַ האַמער.

זי האט דערזען דייטלעך ביי זיך אין צימער, דעם טויטן קערפּער פון איר מאַן, נאר אַן אויסזען האט ער איצט געהאַט אַ קארעקטס, זייער אַ רויקס און אַ צופרידנס. זי האט אים געזען, ווי ער איז געזעסן, איבערבלעטערנדיק אַ זשור-

באַל. ער האט אויסגעזען, ווי ער זאָל זיך האָבן באַרויקט, ווי אַ מענטש, וואס האט זיך צוריקגעקערט אַהיים. הגם זיינע אויגן זענען זיך פולשטענדיק פאַנאַנדערגעשוומען און זיך צו-בויפגעמישט מיט דער ערד, האט ער דאך באַמערקט אַ פּע-דימל אויפן טישטוך און האט דאס פּעדימל פּאָרזיכטיק אַראָפּ-גענומען, ווי ער פלעגט עס טאָן יעדן טאג ווען ער האט גע-לעבט, און איז דערנאך פאַרשווונדן געוואָרן.

דאַן האט עלענס פּחד און שרעק אנגענומען אַן אַנדער ריכטונג.

אין איר פאַנישן פּחד, וועלכער האט זי אינגאַנצן באַ-הערשט, האט זי זיך פאָרגעשטעלט און געמאָלט אין איר פאַנ-טאַזיע אַ בילד, ווי די יוסטיץ איז אויפגעשטאַנען קעגן איר, וואס פאַר אַ שרעקלעכן חשד זי האט אויף איר, ווי מען רייסט ביי איר אַרויס מיט געוואַלט ווערטער און מען צווינגט זי זיך מודה צו זיין אין אַ פאַרברעכן, אין וועלכן זי איז — גאט די נשמה שולדיק, און ווי מ׳שיקט זי אויפן עשאַפאָט צוזאַמען מיטן דינער גרולט.

אַלץ, וואס איר איז אויסגעקומען צו ליידן וועגן די צרות און מאטערנישן פון מאַריע אַנטואַנעט, איז איר איצט געקומען אין קאָפּ אַריין. זי האט געפילט אויפן נאַקן, ווי צו אים רירט זיך צו אַ קאַלטע שער פונם תּלין. אַ משוגעת פון פּחד האט זי אַרומגעכאַפּט אינגאַנצן. פונם שאַרף פון איר איי-גענעם פּעניואַר איז זי שיער נישט געפאַלן אין חלשות.

צען אַ זייגער האט זיך דערהערט אַ פּראַלן מיט די טירן. זי האט געעפנט דאס פּענצטער, כּדי צו באַגיין זעלבסט-מארד — זיך אַרויסוואַרפן אויפן טראָטואַר. אדער זיך צו ראַ-טעווען, זי ווייסט אַליין נישט ווי אַזוי. דאס האט איר פּלע-מעניק זשאַרזש אַזוי געקלאַפּט מיט די טירן, קומענדיק צוריק, ווי געוויינטלעך פון קאַטעדזש. ער האט אַ צערייצטער אַ וואָרף געטאָן די ביכלעך אויפן טיש און צופעליק אַ קוק געטאָן אויף זיין מומע.

— ס׳אַראַ גרויסע אויגן דו האסט היינט, — האט ער איר געזאָגט.

ער האט, ווי שטענדיק, געעפנט זיינע ביכלעך, וואַרטנדיק אויף מיטאָק. און מיט אַ קרומער העויה פון אַ שלעכטן שילער, האט ער זיך אנגעהויבן קלאָגן, אַז ער דאַרף מאַכן די גריכישע לעקציע. דערנאָך, אונטערלייגנדיק אונטער זיך דעם פוס, זיצנדיק אויפן עק שטול, אָנשפאַרנדיק זיך מיט דער גאמבע אויפן טיש, וועלכער איז געווען ווייט אפגערוקט פון זיין שטול, האט ער זיך גענומען פויל איבערצובלעטערן דאָס ווערטערבוך.

נישט געקוקט אויף דעם, וואס ער האט געמאַכט אַזעלכע העויות פון אומצופרידנקייט, האט ער די איבערזעצונג פון גריכיש דאך געמאַכט נישט שלעכט.

געשריבן האט ער מאַכנדיק גרויסע טינט פלעקן אויפן פאַפיר, וועלכע ער האט אפגעלעקט מיט דער צונג.

עלען האט זיך זינלאָז צוגעהערט צו יעדן גערויש און האט אויפגעציטערט ווען דאס יינגל האט אַ קלאַפּ געטאָן מיט זיין פוס אָן דאס פיסל פון טיש.

זשאַרזש האט קאָפירט און גוט נאָכגעמאַכט דאָס ערשטע קול און דעם אנגעבלאָזענעם טאָן און אַרט ריידן פון זיין לערער:

— לייגט אַכט, מיינע הערן, אויף דעם, ווי שיין עס קלינגען סאָפאָקלס שירים. מיר ווייסן נישט, ווי אַזוי מ׳פלעגט זיי אַרויסריידן אין דעמאָלטיקן גריכנלאַנד, מיר ריידן זיי אַרויס לגמרי נישט ריכטיק, אבער וואס פאַר אַ קלאַנג זיי האבן! הער לאַברוניער, איר וועט מיר צען מאָל קאָניוגירן דאס צייטוואָרט דידאָמי. אַך, ווי וווּנדערלעך דאס קלינגט!

דערנאָך האט דזשאַרזש פאַרגעזעצט מיט זיין אייגענעם הויך קולעכל:

— מומעשי, כ׳שווער דיר, מיין לערער טראָגט פאַפירענע קראַגנס, מיר רופן אים פּיפּאַן, ווייסטו פאַרוואָס? ער האט אונדז אַמאָל עפּעס געזאָגט: מיינע הערן, פּיפּאַן איז געווען, אַ

אומגעהייער, אַן אפשטויסנדיק עקלהאַפטיק און בייז באַשעפע־פעניש״. דאַן האט לאַברוניער אַ געשריי געטאן: פונקט ווי איר״. ער איז אַ ווילער יינג, דערדאזיקער לייברונער! הער נאר מומעשי צו ווייסטו, אַז דו ביסט זייער אַ שיינע פרוי?

דערנאָך האבן זיך דזשאַרזשס געדאַנקען, נאך די אַלע שפּרינגעניש, אפּגעשטעלט אויפן גריכישן טעקסט.

ער האט אויסגעשריבן אַ ווארט נאך אַ ווארט און ווי אַ פלאַפלדיקער פויגל. האט ער אנגעפילט דאס צימער מיט זיין קלינגענדיקן קול, אַרויסריידנדיק אין דער הויך די ווערטער פון אריגינעל און פון דער איבערזעצונג.

— קאַראַטייאַן געטלעכער קאָפּ, זשאַקאַסטעס זשא־קאסטי טעטנעקען זי איז געשטארבן... אַך, ווי נאַריש דאס איז! זי איז אַוועק... פראס טאַלעקע נומפיקא. צום חתונה-געלעגער... דאס הייסט — אין שלאפצימער... באַמערקט מיינע הערן, וואס פאַר אַ גליקלעכער אויסדרוק! און ווי שיין עס קלינגט!... ספאַזאַ קאַמען, צעשויבערט די האר. קאַלאַ זי רופט לאַיאַן, לאַיען, נעקראַן דעם טויטן. זעסטו, מומע־שי, אויף אונדזער שפּראַך איז לאַי אַ זידל-ווארט און אויף גריכיש איז דאס אַן אַלטיטשקער, פאַר וועלכן זשאַקאַסטע האט חתונה געהאַט און דערדאזיקער זיווג איז געווען אַן אומ־גליקלעכער.

זי רייסט אויף זיך די האר פונם קאפּ און רופט דעם טויטן לאַי.

עלען האט דורכן דאזיקן געמיש פון די גריכישע און פראַנצויזישע שפּראַכן דערקענט די אַלטע און איידעלע נא־ווען פון אַ פרוי, וואס איז אַריינגעפאַלן אין יאוש.

דאס יינגל דערנענטערנדיק זיך מיט ברען און היץ צום סוף. האט זיך געאיילט.

— עסיידאמען טען גונאַיקא קרעמאַסטען — מיר האבן דערזען די פרוי, ווי זי איז געווארן פריילעך.

ער האט געמאַכט א שטיפערישן אונטערשריפט, דורכלע

בערנדיק דאס פאפיר, האט אַרויסגערוקט די צינג, איינגאַנצן אַ בלאָע פון טינט, און אנגעהויבן זינגען:

— מזל טוב! מזל טוב! כ'האב געענדיקט!

עלען האט זיך אויפגעהויבן פון איר אָרט, זיך אויסגע־גליכן, און איז אַריין אין איר צימער, מיט אַזאַ רויקן, גלייכן, און זיכערן גאַנג, אַז זי האט אויסגעזען ווי אַ פאַרקערפּערונג פון נויטווענדיקייט.

איינהילנדיק זיך אין איר שוואַרצער פאַטשיילע און אלמנה־טוך, איז זי דורך דער הינטערשטער טיר אַראָפּ אין גאַס.

## XIII

ווען זי איז אַרויסגעגאַנגען אויף דער גאַס, האט איר אנגעהויבן שווינדלען אין די אויגן און זי האט זיך אנגעהויבן צו וואַקלען.

דערדאזיקער פרימארגן איז געווען אַן אויסערגעוויינטלעך העלער

דער שיין, צעזייט און צעשפרייט איבער אַלע געגנ-שטאַנדן, האט זיי באַלויכטן אויסערגעוויינלטעך דייטלעך. די עקיפּאַזשן,ביימער, צייטונגס-קיאסקן און די דורכגייער האט מען דייטלעך געזען אויף זייער אַ וויטן מרחק, נישט קוקנדיק וואס זיי זענען פון דער ווייטקייט קלענער געווארן, — פונקט ווי זיי וואלטן זיך געפונען אונטער דער האַנט.

דידאזיקע בולטקייט איז געווען זייער שווער און נישט אָנגענעם צו פארטראָגן, אָבער עלענען, וועלכער האט אויף גארנישט געקוקט און אַלץ געזען.

די סאַמע נישטיקסטע זאכן פאַר איר, ווי די נומערן אויף די פאקרן און די אותיות אויף די שילדן, האבן זיך איינגעדריקט אין איר ראיה מיט איינצלהייטן, וואָס האָבן באַ-לעסטיקט אירע קראַנקע נערוון. אַלץ, וואָס זי האָט געזען, איז איר אויסגעקומען, אַז זיי רייסן זיך און דרינגען אַריין גראָב אין איר און פאַרוונדן זי. ניין, קיינמאָל איז נאָך אין אַ לע-בעדיקן מענטשן נישט געווען אַזוי שטאַרק פאַרניכטעט די פע-יקייט צו דענקען, ווי ביי עלענען.

און זי איז געגאַנגען, ווי אַ פאַרמשפטע, ווייל איר האָט באַשאָטנט נאָר איין געדאַנק, אַ פשוטער, קלאָרער, און אַזאַ ענטגילטיקער, אַז ער האָט באַזייטיקט אַלע איבעריקע געדאַנקען.

זי איז געגאַנגען, נישט פילנדיק אַפילו, אַז זי גייט, פונקט ווי זי וואָלט געפלויגן, נאָר דאָך אַלץ אַזאַ שוואַכע און נישט פעיקע אויף קיין שום באַוווסטזיניקע באַוועגונג.

זי איז געגאַנגען. פאַר איר האָט זיך דורכגעשאַרט אַ מיידעלע מיט א פיצל קינד אויף דער האַנט און מיט אַ קריגל מילך.

עלען האָט באַמערקט, ווי ווייסע טראָפן זענען פון קריגל געפאַלן איינס נאָך דעם אַנדערן.

דאָס גאַנצע ביסל רעשט פון איר באַוווסטזיין איז געווען געווענדט אויף דערדאָזיקער פאַרגאסענער מילך.

ביי יעדן טראָפן מילך, וואָס איז אַראָפגעפאַלן אויפן טראָטואַר, האָט עלענען אַרומגעכאַפּט אַן אויפרעגונג פון פחד, וואָס איז שווער געווען צו פאַרשטיין.

ווען זי איז אַרויס אויפן ברעג טייך, האָט די ברייטע פּאַנאָראַמע, וואָס האָט זיך פאַר איר געעפנט, די ליכט-שפריצן אויפן טייך און דאָס בלאָזן פון אַ פריש ווינטעלע איבערן וואַסער האָבן ביי איר אַרויסגערופן אַ לאַנגזאַמען זיפץ. זי האָט זיך אויף אַ רגע אַ וואַקל געטאָן. נאָר פאַרקערעווענדיק אויף רעכטס, האָט זי פאַרגעזעצט איר וועג. פון דער גאַס, וואָס ליגט אויפן ברעג אונטערן נאָמען דאָרסיי האָט זיך געטראָגן אַ ריח פון גערטנער.

זי איז געגאַנגען.

ביים אַרויפגאַנג, אַן דער גאַס דע-באַק, אויף דער קעניגלעכע בריק, האָבן אַ לאַנגע ריי פיאַקערן, אמניבוסן און פאַרהאַוועטע מענטשן פאַרשטעלט עלענען דעם וועג. זי איז אַרויף אויף דער בריק, נישט קוקנדיק אויפן וואַסער, האָט פאַרקערעוועט אויף רעכטס, זיך אַראָפּגעלאָזט צום ברעג און דורכגייענדיק פאַרביי אַ גרופּע ווייסע-ביימער איבער די

בריקלעך, איז עלען אַריין אין אַ באָד־הייזל, ווו ס'איז געשטאַנען אַ שטאַרקער ריח פון הייס וואַסער און פון סמאָלע.

זי האט געדולדיק געוואַרט, בייסנדיק דעם אייבערשטן עק פאַראַסאָל, ביז אַ מיידל אין אַ ווייסן פאַרטוך האט איר אנגעגרייט אַ וואַנגע. זי איז געוועזן זייער רויק. אַריינגייענדיק אין דער קאַבינע, האט זי געזאָגט, אַז זי וועט אָנקלונגען ווען זי וועט דאַרפן אַ פּעניואַר.

באַלד נאָר ווי די קליינע טיר האט זיך נאָך איר פאַרמאַכט, האט זי מיט אַ שניידיקן שטויס אויפגעעפנט דאָס פענצטער, פאַנאַנדערגערוקנדיק די קאַלענקאָרענע פאָרהאַנגען און האט אנגעשעפּט לופט אין אירע לונגען.

פאַר איר האט די סענע געבלאַנקט, באַדעקט מיט באַוועגלעכע קליינע שיפן. פון אַ פּלאַט, ווו וועשאַרינס האָבן געוואַשן וועש אויף יענער זייט ברעג, האָט זיך דערטראָגן טויבע קלעפּ פון וואַלצלעך. אַ הו־האַ און געפּילדער האָט זיך אויפגעהויבן פון יענער זייט געמאָלטע ווענט פון דער מענערישער באָד־אַנשטאַלט. עלען האָט געקוקט אויף דעמדאָזיקן בולטן בילד מיט אַ רויקן, מ'קאָן זאָגן, גליקלעכן בליק. מיט פּלייצעס, וואָס זענען געווען צוזאַמענגעצויגן דורך דער שוואַרצער קאָשעמירשער פאַטשיילע, מיט אַ טרויער־וואַלקע, וואָס איז געווען אויפגעהויבן איבערן היטעלע, איז עלען געווען שיין ווי נאָך קיינמאָל נישט. און מיט אַ רויקן ענג האָט געאָטעמט איר גאַנצע פיגור. אַ קלאַפּעריי ענלעך צו אַ קלאַפּעריי פון שרייבמאַשינען האָט אָנגעהויבן זיך צו דערנענטערן און זיך צו פאַרשטאַרקן. דאָס באָד־הייזל האָט זיך לייכט אַ וואַקל געטאָן, און דאָס דאַמפּשיפל, וואָס איז געגאַנגען פון פּוענט־דיוזשור, איז פאַר איר פאַרבייגעלאָפן אַזוי נאָענט, אַז זי האָט געהערט די קולות פון די פּאַסאַזשירן. צוויי יינגעלייט פון אַ ווולגאַרן אויסזען, אָנשפּאַרנדיק זיך אויפן אָנלען פונם דעק האָבן אויסגעשטעלט אויף איר חיהשע אויגן, טראַכטנדיק, ווי ס'ווייסט אויס, וועגן דעם, אַז אָט וועט זי זיך אויסטאָן.

זי האָט זיי באַמערקט. זי האָט געהערט, ווי יענער, וועלכער איז געווען דער עלטערער, אַ בלאָנדין מיט רויטע קרעץ אויפן פּנים, האָט געזאָגט צו זיין חבר:

— אַ שיינע פרוי, דער רוח זאָל זי נעמען! הע...

נאָר דאָס שיפל האָט זיך שוין אַוועקגעטראָגן ווייטער, אַראָפּלאָזנדיק דעם קוימען ביים דורכפאָרן אונטער דער בריק.

צי איז דאָס געווען אַ פאַראַכטונג, אָבער אַ סאַטיספאַקציע? — די ווינקלען פון אירע ליפּן האָבן זיך אונטערגעהויבן, און זיך אָנגעהויבן צונויפלייגן אין אַ שמייכל.

זי איז געווען רויק; איר מילדער בלאָנזשענדיקער בליק האָט נישט אויסגעדריקט קיין אומרו. זי האָט אויפגעהויבן אירע שיינע הענט דורך אַ גראַציעזער באַוועגונג, פון וועלכער פיל מאַנספערשוינען וואָלטן איינגענומען אַ כפרה, און אַדורכגעפירט אירע פינגער איבער שטערן. דערנאָך האָט זי זיך גלייכגילטיק אָפּגעריסן פון דעם, וואָס זי האָט געזען, און פאַרמאַכט דאָס פענצטער. ס'איז געווען צוועלף אַ זייגער ביי טאָג.

צוויי אַ זייגער און זי האט נאך נישט געהאַט אנגעקלונגען. צוויי אַ זייגער מיט צען מינוט האט דאס מיידל פון באַד-הייזל, וואונדערנדיק זיך, וואָס מ'האָט זי נאָך נישט גערופן געעפנט די טיר פון דער קאַבינע און געפרעגט, צי די מאַדאַם דאַרף אפשר עפּעס.

אין באָד-הייזל איז קיינער נישט געווען. נאָר אין דער טיפקייט, צווישן פענצטער און שפּיגל, איז געהאָנגען אַ גרויסער שוואַרצער שאָטן.

דאָס מיידל איז אַרויסגעלאָפן און געמאַכט אַן אַלאַרם.

עלען העווילענד האָט זיך אויפגעהאָנגען אויף איר פּלעזעניקס אַ קראַוואַט אויף אַ האָק אין דער שאַטניע פון דער קאַבינע אויף די פּלייצעס איז אויף איר געווען די פּאַטשיילע, וועלכע רענע האָט מיט אַ חודש פאַר דעם איר אָנגעטאָן אין מעדנאַ. די קני האָבן זיך ביי איר נישט אונטער-

געבויגן און מיט די שפיצן פון די באָטן האָט זי זיך אָנגעריירט אָן דער פּאָדלאָגע. דער שטול, וועלכער איז אפּנים, בכיוון אַוועקגעשטעלט געוואָרן לינקס פוּגם קערפּער, האָט אים אָפּגע-בויגן אין אַ זייט און נישט געלאָזט זיך אָנשפּארן אָן דער פּאָדלאָגע מיט די פּיס. די טרויער-וואָלקע איז געווען אַראָפּ-געלאָזט איבערן פּנים.

מ'האָט זי אויפגעהויבן. דאָס פּנים איז ביי די זעלבס-מערדערין געשוואָלן געוואָרן; די שוואַרצע און אויפגעשוואָלענע צונג איז געווען אַרויסגערוקט פון מויל.

דער פּאָליציייִשער קאָמיסאַר, וואָס איז געוואָרן אַרויס-גערופן אויפן אָרט פון פּאָרפאַל, האָט באַטראַכטנדיק דעם קער-פּער פון דער זעלבסטמערדערין, אַזוי געזאָגט:

— כ'האָב געזען פיל פרויען זעלבסטמערדערינס, נאָר דאָס ערשטע מאָל זע איך אַ פרוי, וואָס האָט זיך גע-האָנגען.

# XIV

שטאַרק איבערראַשט און נידערשלאָגן דורך דעמדאָזיקן שרעקלעכן און סודותפולן זעלבסטמאָרד פון אַ פרוי, וועלכע ער האָט געליבט, האָט לאַנמאַר תּחילת נישט אַרויסגעוויזן, אַז ער זאָל זיך עס נעמען שטאַרק צום האַרצן און זיין פאַר-צווייפלט. ער האָט זיך מיט אַ באַזונדער היץ און ברען אַ נעם געטאָן צו דער מעדיצין און איז געזעסן ימים ולילה און שטו-דירט דיקע מעדיצינישע ביכער, נישט קאָנענדיק זיך גענוג אָנזעטיקן מיט דער וויסנשאַפט, נאָך וועלכער ער האָט אַזוי שטאַרק געלעכצט. ער איז אָבער געוואָרן אָנגעבלאָזן, כמורנע, גראָב און שטרענג. צוויי מעלות האָט לאַנמאַר נאָר געהאַט, — וואָס ער איז געווען אַ באַגאַבטער און אַ מתמיד. מיט זיינע חברים האָט ער זיך געהאַלטן אין איין קריגן און צו פרויען האָט ער זיך אָנגעהויבן באַציען ציניש. ער איז געווען שטענ-דיק אויפגערעגט און ס'איז ממש אוממעגלעך געווען מיט אים צו האָבן צו טאָן און אַלע האָבן טאַקע אויסגעמיטן מיט אים צו האָבן וועלכע ס'איז מגע-ומשא. די צערייצטקייט זיינע איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט נישט געקאָנט אָפּעסן מיטאָק אין דער רעסטאָראַציע; ער זאָל זיך נישט זידלען מיטן קעל-נער, בעל-הבית אָדער מיט דער אויפזעערין פון בופעט.

נאָך אַ שאַרפער באַמערקונג, וואָס אים האט געמאַכט דער הויפּט-דאָקטאָר פון שפּיטאָל, האט לאַנמאַר זיך אנגעגעבן אין דעמיסיע און אין איין שיינעם פרימאָרגן איז ער געקומען

צופאָרן צו זיין פאטער אין אַן אָרדינער פאַרוואָרפן ווינקעלע, אין ביכער, אין וועש, מיט אַ באָרד, וואָס איז שוין דריי וואָכן נישט געווען ראַזירט, און מיט אַ כמורנעם אויסדרוק אין פּנים.

דער אַלטער קאָמוניקאַציע-אויפזעער, אַ טרוקענער אַלטי-טשקער, האָט אונטערגעשוירן די ביימער ביי זיך אין גאָרטן פאַנאַגדערגעגאָסן דעם ווייַן אין פלעשער, פאַרריכט אין די שטובן די פּאָדלאָגע, געהאַקט האָלץ, געגאַנגען אַהין און אַהער און אַלץ אין לעבן צוגעגעבן אַ גרויסע באַדייטונג, פון אַלץ „געמאַכט אַ ווענן".

ער האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס, זעענדיק, ווי זיין זון וואַלגערט זיך גאַנצענע טעג אויפן גראָז מיט אַן אויסגע-לאָשענער פּייקע אין די ציינער און מיט אַ לעכערדיקן הוט, וואָס קריכט אים אַראָפּ ביז דער נאָז.

אַמאָל, נאָך מיטאָק, האָט דער אַלטער דערציילט זיין זון אַז ביי אים אויף דער האַנט האָט זיך געבילדעט אַ געשווילעכץ וועלכע פאַרשאַפט אים נישט קיין ווייטאָק, נאָר וואַקסט אָבער. ער האָט געפרעגט, וואָס ער זאָל טאָן דערצו.

— גאָרנישט, — האָט רעגע געענטפערט און זיך אָפּגע-קערט פונם פאָטער, וועלכער איז געווען שטאַרק אויפגעבראַכט פונם זונס אַרט באַהאַנדלען אים:

אָפט פלעגט דער אַלטער, ווי נישט בכיוון, דורכגיין מיט אַ לאָפּעטע און ביימער-שער פאַר די קופּעס היי וווּ זיין זון פלעגט ליגן, אויסגעצויגן אינם גראָז אויפן בויך. צייטנווייז פלעגט ער אים זאָגן:

— אויב דו ביסט קראַנק, לייג זיך אין בעט אַריין.

אָדער:

— אויב עמיצער וועט קומען, בעט איך דיך, צוליב דיינע אייגענע אינטערעסן, זיך האַלטן אַנדערש.

נאָך מיטאָק פלעגט רענע, געוויינטלעך, אַוועקגיין פון דער היים. אַוועקגיין פלעגט ער נישט ווייט, כדי זיך אויסצוציען צווישן די שילפערן אויפן הויכן ברעג פון אַ קליין טייכל.

ער האָט אַפילו נישט געטרוימט. אַלץ איז אים אויסגעקומען שווער, אומגעלומפּערט, מיאוס; זיינע לײדן האָבן נישט געהאַט אין זיך קיין רייץ און קיין שיינקייט. עטלעכע וואָכן האָט ער פאַרבראַכט אין אַזאַ צושטאַנד.

אַמאָל, ליגנדיק אַזוי און גענעצנדיק ביים וואַסער, האָט ער דערזען נאַקעטע קינדער, וועלכע זענען מיט נישט קיין גראַציעזע, נאָר ליבלעכע באַוועגונגען, געקראָכן אויף די שטיינער וואָס זענען געלעגן אויפן פּוסבעט פון טייך. דידאָזיקע קליינע געלהאָריקע און רויטפּנימדיקע באַשעפענישן, לאַכנדיק, שטופּנדיק איינער דעם אַנדערן, שרייענדיק און קלאַטשנדיק איבערן וואַסער, האָבן צוגעגעבן אַ לעבנסלוסטיקייט דעם טריבן פּייזאַזש. לאַנמארן איז פּלוצלינג איינגעפאַלן אַ געדאַנק. ער האָט צוגערופן די קינדערלעך. זיי האָבן זיך, הפנים, דערשראָקן, נישט געוואָלט צוגיין צו אים און זיך געלאָזט אַנטלויפן. נאָר אַנטלויפנדיק, האָבן זיי אָנגעהויבן זיך צו טשעפּען מיט די הענט און קניעלעך פאַר די מאָכיקע שטיינער, זיך אַראָפּגליטשן אויפן בלאָטיקן דנאָ, געמאַכט קאָזשאָלקעס אין וואַסער און קיינער האָט זיך צו אים נישט דערנענטערט.

איין יינגל, פאַרקלייבנדיק זיך אין אַ שפּאַלט פון פעלז, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן הויך איבערן טייך, האָט געמיינט, אַז ער האָט זיך דאָרט באַהאַלטן. רענע האָט אים דאָרט געפּאַקט און אַרויסגעשלעפּט פון לאָך, ווי אַ שלאַנג. רענעס פּנים איז, ווייזט אויס, נישט געווען בייז, ווייל דאָס קינד האָט זיך פאַר אים נישט דערשראָקן.

— הער נאָר אויס, יינעלע, — האָט אים דער כירורג געזאָגט, — אויב דו ווילסט פאַרבונדן נייענקע מטבעות, טאָ ברענג מיר זשאַבעס. דו קאָנסט דאָך געוויס כאַפּן זשאַבעס. איך ווין דאָרט, ביים פעטער לאַנמאַר.

באַקומענדיק זשאַבעס, האָט רענע שוין נישט פאַרלאָזן זיין צימער, וועלכער איז געווען אָנגעפילט מיט אַ ריח פון אַן אַפּטייק און פון טאַבאַק.

דער אַלטער לאַנמאַר, אונטערשערנדיק זיינע ביימער און קוסטעס, האָט געקוקט מיט אַן אויסזען פון צופרידנקייט אויפן קליין פענצטערל, ווו עס זענען אויף דראָטן געווען אויסגע־האָנגען צענדליקער זשאַבעס. איצט, ווען זיין זון האָט געאַר־בעט און איז געווען פאַרנומען מיט זיין מעדיצין, האָט דער אַלטער געהאַט צו אים דעם גרעסטן דרך־ארץ און זיך באַצויגן צו אים מיט אַ יראת־הכּבוד. ער האָט זיך באַמיט, מ׳זאָל אים נישט באַמערקן אין זיין אייגענעם הויז און איז געגאַנגען אי־בער די צימערן אויף די שפּיץ פינגער. ער האָט נישט גע־לאָזט די דינסטן צו רעכט מאַכן די בעטן כּל־זמן דער יינגער פּריץ איז נאָך געזעסן איבער זיין אַרבעט.

אַמאָל, ביים מיטאָק־טיש, אָפּשיילנדיק אַ באַרן, האָט ער געזאָגט צום זון:

— צי קאָן איך דיר אפשר העלפן ביים פּרעפּאַרירן די זשאַבעס? ווילסטו אפשר איך זאָל דיר אויסהיבלען די ברעט־לעך. כ׳וואָלט זיי דיר געקאָנט אויספּאַרבן און אַפילו צוקלעפּן צו זיי דינע שיכטן זאַמד.

— צו די ברעטלעך, זאָגסטו, צוקלעפּן שיכטן זאַמד? צו וואָס?

דער פאָטער האָט דערקלערט, אַז אים האָט זיך געדאַכט, אַז די זון מאַכט פון די זשאַבעס סטראַשידלעס, און שטעלט פון זיי צענויף קינסטלערישע גרופּן.

— כ׳האָב געזען אין פּאַריז, — האָט ער געזאָגט — אין די קראָמען ביי די נאַטוראַליסטן זייער קונציק צוגעגרייטע זשאַבעס; זיי האָבן געהאַט אַן אויסזען, ווי זיי וואָלטן זיך געשלאָגן און זיך געקריגט צווישן זיך, און אין די לאַפּקעס האָבן זיי געהאַט הילצערנע שווערדלעך; געווען זענען אויך דאָרט אַזעלכע, וואָס האָבן געשפּילט אין פּיקעט מיט קלייני־קע קערטלעך. כ׳האָב אויך דאָרט געזען זשאַבעס, וואָס האָבן געטרונקען ווייַן אין אַ אַלטאַנקע פון פּיצעלעך קעלישקלעך. דאָס איז זייער אַ טשעקאַווע זאַך, כ׳האָב געמיינט, זונדעלע, אַז דו ביסט אויך פאַרנומען מיט עפּעס ענלעכס צו דעם.

דער אַלטער איז אַנטטוישט געוואָרן, ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז זיין זון פאַרנעמט זיך בלויז מיט וויסנשאַפטלעכע עקספּערימענטן איבער זשאַבעס. אין זיינע אויגן איז דאָס אויסגעקומען, אַז ער מאַכט זיך צו נאַר, אַז דאָס איז קינדעריש, וואָס פּאַסט נאָר פאַר שול-קינדער.

זייט דעם האָט זיך ביים אַלטן דאָס פּנים ווידער אויסגעצויגן. און ווען ער האָט פון גאָרטן געוואָרפן אַ בליק פון אַ בעל-הבית אויף זיין גאַנץ הויז, און האָט באַמערקט די אויסגעהאָנגענע זשאַבעס אויף אַ דראָט, האָט ער פון רחמנות געשאָקלט מיטן קאָפּ.

אַמאָל אין דער פרי האָט רענע מיטגעטיילט זיין פאָטער אַז ער פאָרט אַוועק.

ביידע האָבן, געזעגנענדיק זיך, גערעדט טרוקן און אָפּגעהאַקט, גערעדט רויק, געהאַלטן זיך גלייך און זיך צעשיידט אָנגעבלאָזן און האַרט.

נאָר בעת דער פאָטער האָט, צוריקקומענדיק אַ היים, געוויינט, האָט דער זון, אויסציענדיק זיך אויף דער באַנק אין וואַגאָן דריטער קלאַס, זיך אויסגעריבן די אויגן און אָנגעפּאַקט מיט טאַבאַק די פּייקע.

אויף דער סטאַציע אין ריימס זענען צוויי יינגעלייט, לויטן אויסזען קלייט-משרתים, אַריינגעקומען אין קופּע. איינער פון זיי האָט געלייענט די „קליינע ציימונג" און מיטגעטיילט דעם אַנדערן די וויכטיקסטע נייעס.

— דער מיניסטאָרן-קריזיס דויערט ווייטער... אין דער ווינבוּנג פון גראָ-קאַיו איז פאָרגעקומען אַ שטאַרקער אויפרייס... היינט, זעקס אַ זייגער אינדערפרי, האָט מען אויפן מאַרק-פּלאַץ אין גראַנוויל אויסגעפירט דעם טויט-שטראָף איבער גרולטן.

— וואָס האט ער אָפּגעטאָן אַזעלכעס, דער דאָזיקער גרולט? — האָט דער אַנדערער געפרעגט.

— ער האָט דערהרגעט אַן אַלטן מענטש. מ'האָט אים אויך חושד געווען, אַז ער האָט פאַרסמט אַ רייכן ענגלענדער,

נאָר דידאָזיקע צווייטע באַשולדיקונג האָט דאָס געריכט אָנער־קענט אַלס נישט קיין דערוויזענע, די געדענקסט נישט גרולטס פּראָצעס?

— ניין, — האָט דער צווייטער געענטפערט.

שווייגנדיק אַ ווײַלע האָט ער געפרעגט:

— ס'זענען פאַראַן איינצלהייטן?

ער האָט זיך גענומען האַלב שטיל צו לייענען:

„שוין פיר אַ זייגער אין דער פרי האָט די פּאַטאַלע מאַשין...

דאָס איבעריקע האָט לאנמאַר נישט געהערט.

דער אינהאַבער פון דער צייטונג האָט זי צונויפגעלייגט און געזאָגט:

— ביז דער לעצטער רגע האָט ער זיך געשווירן, אַז ער האָט דערלאַנגט דעם קרבן אַ קלאַפּ אָן אַ שום כּונה. דאָס איז נישט וויכטיק. ער איז בכלל געווען אַן אויסגעשפּראָכענער געמיינער יינג... הער נאָר אויס, ווייסט, אַז איך וואָלט גע־וואָלט עפּעס צובייסן, און דו?

לאנמאַר האָט געוווינט אין פּאַריז אין אַ טעמפּער דער־שטאַרונג. פון דער פּענסיע, וואָס ער האָט פאַרדינט אין קאַ־כינכינע, איז אים פאַרבליבן עטלעכע הונדערט פראַנק, וועלכע האָבן אים באַפרייט פון דער נויטווענדיקייט מיט עפּעס זיך צו באַשעפטיקן, כּדי צו פאַרדינען אויף חיונה. ער פלעגט אויפשטיין נאָך צוועלף אַ זייגער, האַלבן טאָג, און אַוועקגיין אין לוקסעמבורגס־גאָרטן, ווו ער פלעגט זיצן אויף אַ באַנק צווישן טויטע בלעטער, וואָס פלעגן זיך דרייען אין האַרבסטיקן ווינט. ער פלעגט אַזוי אָפּזיצן שעהנווייז אָנשפּאַרנדיק זיין פּנים אויף די ביידע הענט. ער פלעגט אַזוי לאַנג אָפּזיצן אין אַזאַ פּאָזע, אַז אויף די באַקן זענען ביי אים געבליבן צייכנס פון די פויסטן. מיט די ערשטע קעלטן, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן אין האַרבסט, איז ער ענטגילטיקט אַריינגעפאַלן אין אַ גייסטיקע טעמפּקייט. די ווינטער טעג פלעגט ער פאַרברענגען אין די דושנע צימערן פון דער קליינער צוקערניע, נישט לייענענדיק

אַפילו קיין ציטונגען און נישט שפּילנדיק קיין ביליאַרד. פּרי־לינגצייט האָט ער דאָרט באַגעגנט אַן אַלטן באַקאַנטן, נוליאַק, אַ דיקער באַרדיקער מאַן, אַ האַלבער פּויער, וואָס האָט געפּוּנען געלט אין אַ הילצענעם קאַמאַש ביי זיין פאַרשטאָרבענעם פאָטער, אַ דאָרפס מאַן אין אווערן, האָט אויסגעגעבן דאָסדאָזיקע געלט מיט אַן אַפּעטיט פון אַ זולל־וסובהניק און מיט אַ קאַרגשאַפט פון אַ מענטש, וואָס שטאַמט פון נידעריקן שטאַנד. ער איז אַלט געווען לערך פערציק יאָר און האָט אָנגעהויבן ווערן אויסגערעכנט און געשעפטסמעסיק.

אויסקויפנדיק ביי זיך אין דער היימאַט אַ פאַרגעסענעם און פאַרלאָזטן הייל־קוואַל און אַ וואַסער־הייל אַנשטאַלט, וואָס איז פאַרשימלט געוואָרן, האָט ער געטראַכט און זיך געבראָכן דעם קאָפּ, ווי אַזוי צו צוציען אַהין געסט און צו פאַרוואַנדלען מיט דער צייט יענעם קוואַל אין אַ קוראָרט. זיינע טאַשן זענען געווען אָנגעפּולט מיט פלעשלעך מיט מינעראַל־וואַסער און מיט אַנאַנסן.

ער האָט דערלאַנגט איין פלאַש לאַנמארן און געזאָגט :

— מינעראַל־גאַזירט וואַסער, וואָס אַנטהאַלט אין זיך שוועבל זאָדע, אַרשעניק און בראָם־יאָד.

דערנאָך האָט ער דערציילט פון אָנהייב ביזן סוף די געשיכטע פון הייל־אַנשטאַלט.

דער אַנשטאַלט האָט זיך געפונען אויף אַ מרחק פון פופציק קילאָמעטער פון קלערמאָן. אויף אַ ברעג פון אַן אָזערע ביי אַ פוס פון אַ פּרעכטיקער באַזאַלטענער פּיראַמידע. דאָס דאָרף, ווו דער קוואַל געפינט זיך, איז באַוווינט פון צוויי צענדליק פּויערים, וואָס האָדעווען ציגן און פון דריי צענדליק מענטשן, וואָס זענען קראַנק אויף קראָפּ.

נוליאַק האָט באַקומען בירושה פון זיין פאָטער דריי־פיר באַטקעס. אויב מ'וועט זיי אויספאַרבן און אַרומצוימען, וועלן זיי גילטן אַלס קאַטעדזשן פאַר אויסלענדער. דער האָטעל „צעזאַר", וואָס ליגט ביים אַנשטאַלט, קאָן אַריינעמען פון דרייסיק

ביז פערציק געסט. שפּעטער וועט מען קאָנען טראַכטן וועגן אויסבויען אַ קאַזינאָ. אָנהייבן קומט אויס פון קליינס, נאָר ווייטער — ווער ווייסט?... סוף-כּל-סוף האָט נוליאַק געפרעגט לאַנמאַרן, צי וויל ער אפשר זיך באַטייליקן אין דערדאָזיקער אונטערנעמונג.

— לאָמיר צופאָרן אַהין, — האָט ער לאַנמאַרן געזאָגט, — איר וועט זיין דער דאָקטאָר פונם הייל-אַנשטאַלט.

נוליאַק האָט שטאַרק געהאַלטן פון מעדיצינישן טאַלאַנט פונם געוועזענעם מיליטערישן כירורג און אַלע זיינע באַקאַנטע, וועלכע האָבן אויך געהאַלטן לאַגמאַרן פאַר זייער אַ גוטן אַרצט, האָבן נאָך פאַרשטאַרקט נוליאַקס דרך-ארץ און אַכטונג פאַר זיינע מעדיצינישע קענטענישן און טאַלאַנט.

חוץ דעם האָבן לאַנמאַרס אַלע חברים אויך פון אים שטאַרק געהאַלטן און אָנערקענט, אַז ער באַזיצט זעלטענע פעיקייטן פון אַ דיאָגנאָסטיקער און האָט אַ האַנט פון אַ מייסטער ביים מאַכן אַן אָפּעראַציע.

לאַנמאַר האָט געענטפערט נוליאַקן:

— אייער קוואַל ליגט אין אַ לאָך, קיינער וועט קיינמאָל אַהין נישט אַריינשטעקן די נאָז, אַ חוץ עטלעכע אייראָפּעער, וואָס ליידן אויף שווינדזוכט וועלכע וועלן דאָרט אינגאַנצן פאַרשימלט ווערן: אויב איך וועל מיט אייך מיטפאָרן אַהין, וועל איך דאָרט לעבן אַ גאַנץ יאר.

ער איז איינגעגאַנגען אַהין צו פאָרן און אָנצונעמען דעם פּאָסטן אויף אַ קליינע פּענסיע, וועלכע נוליאַק האָט אים פאָרגעלייגט, האַלטנדיק, אַז אַ דאָקטאָר פון אַ הייל-אַנשטאַלט ווערט גוט באַלוינט דורך דער אינטערנאַציאָנאַלער קליענטור, וועלכע וועט זיך ביי אים, אָן ספק בילדן.

צומאָרגנס איז לאַנמאַר אַרויסגעגאַנגען איבער פּאַריז איינקויפנדיק אַביסל, אינסטרומענטן און ביכער, וועלכע ער האָט געדאַרפט צו האָבן. פינף אַזייגער אין אָוונט, גייענדיק אַראָפּ איבער די עליזעאום-פעלדער, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט פאַר

אַ באַלאַגאַן. אַ דרייפּאַכיקע ריי פון לײדיקגייער האָט זיך געשטופּט צו אַ שטריק, — וואָס איז געווען אויסגעצויגן צווישן די ביימער, מיט וועלכן ס'איז געווען אָפּגעצוימט אַ שטח אויף וועלכן ס'האָבן זיך געפונען געצאָלטע זיץ-ערטער און געוויינטלעכע ערטער.

פון הינטן האָבן קליינע קינדער אנטוישט באַקוקט, צווישן די פיס פון זעלנער, דאָס קלייד פון זייער ביאַניע.

לאַנמאר האָט צווישן המון צוקוקער באַמערקט פון דער ווייטנס אַן איינגעהויקערטן, מאַסיוון, פוכקן, פון נישט קיין געזונטער פעטקייט, אַלטן מענטשן, וואָס זיין אָפּגעבליאַקעוועט פנים איז געווען האָפנונגסלאָז גלייכגילטיק. דער אַלטער האָט געטראָגן אַ סורדוט, וואָס האָט געשפילט מיט אַ גלאַנץ פון אָפּגעניצטקייט. אויפן קראַגן און אויף די פּלייצעס. פון הינטן איז דער סורדוט געווען אַ קורצער און פון פאָרענט — אַראָפּגעהאָנגען אַראָפּ. דערדאָזיקער אַלטער האָט איינגעשטאָכן זיינע אויגן אויפן באַלאגאַן, אָדער, ריכטיקער געזאָגט, — אויף דער ריכטונג פונם באַלאגאַן. צווישן הימל און ערד און די אויגן זיינע זענען געווען אויסטערלישע.

לאַנמאר האָט אין אים דערקענט פּעלער דע סיסאַקן, איז געוואָרן אויפגערעגט און אַלע זכרונות האָבן זיך מיטאַמאָל אויפגעהויבן אויפן אויבערפלאַך פון זיין נשמה.

פּעלער האָט אים געדריקט די האַנט, זוכנדיק ווערטער אויסצודרוקן זיין פרייד, און נישט געפונען.

לאַנמאר האָט מיט עפּעס אַ רחמנות, מיט עפּעס אַ פּלוצלינגדיקער צייטלעכקייט אים געזאָגט!

— קומט, איך נעם אייך מיט מיט זיך.

פּעלער האָט געזאָגט, אַז ער וווינט אויף דער גאַס טראַפּאָ אויפן סאַמען עק פון באַטינאַיי.

— דאָס איז זייער נישט קיין צענטראַלער פונקט, — האָט ער צוגעגעבן, — נאָר אַ טראַמוויי-קאָמוניקאַציע...

זיי האָבן זיך אַנידערגעזעצט אין דעמערן אינם פאַרקאָפּטשעטן זאַל פ.ן אַ טראַקטיר אויפן מאָנמאַרטר. האָבן געקוקט

איינער אויפֿן אַנדערן, פֿאַרחידושט, נישט פֿאַרשטייענדיק. צו זיי האָבן זיך נישט געזען ערשט זייט איין טאָג, אָדער שוין גאַנצע הונדערט יאָר...

וועגן איר האָבן זיי נישט גערעדט. נאָר ביידע האָבן זי געזען נעבן זיך.

לאַנמאַר, האָט, קנאַקנדיק ניס, ווערצײלט וועגן זיין אי־בערציען זיך, קיין מאַנבאַר און אויך וועגן דעם, וואָס ער קלײבט זיך דאָרט טאָן.

ער האָט איבערגעחזרט מיט אַ פּשוטן טאָן:

— איך פֿיר אייך מיט מיט זיך.

דער אַלטער האָט דערשראָקן אַ פֿיר געטאָן מיט די אויגן.

— פֿאַרלאָזן פּאַריז! — האָט ער אַ געשריי געטאָן, — דאָס איז אוממעגלעך! און די געשעפֿטן? לעבן קאָן מען נאָר אין פּאַריז, לעבן זאָל עס און געזונט זאָל עס זיין.

פֿאַרכאַפּט דורך אַ רחמנות־געפֿיל צום אַלטן, האָט לאַנמאַר זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן אַ שמייכל צו טאָן.

פֿאָרט מיט מיר מיט, — האָט לאַנמאַר אים איינגע־רעדט, — דאָרט וועט איר זיין אַ אינספּעקטאָר, אַ קאָנטראָליאָר, אַ פֿאַרוואַלטער.

דידאָזיקע טיטולן האָבן געווירקט אויפֿן אָרעמען מאַרך פֿונם אַלטן און אים שטאַרק אימפּאָנירט. ער האָט דערקלערט, אַז ער איז גרייט מיטצוהעלפֿן אַ אונטערנעמונג, וועלכע... און פֿאַר וועלכער... מיט איין וואָרט, אויב זיין דערפֿאַרונג קאָן נאָר מיט עפּעס זיין נוצלעך דער אונטערנעמונג״...

זיי האָבן אָפּגערעדט זיך צו באַגעגענען צומאָרגנס.

לאַנמאַר, גייענדיק צוריק איבער דער בריק, האָט זיך געטראַכט.

— כ׳קאָן עס נישט בייקומען, מיר דאַכט זיך, אַז ער איז מיין שווער.

דער באַד־סעזאָן איז אויסגעפֿאַלן נישט קיין שלעכטער

פאַר נוליאקן. עטלעכע רוסן און איין פאַמיליע ..ון ליאָן, זענען געקומען צופאָרן זיך קורירן אין זיין אַנשטאַלט.

פעלער איז געשטאַנען פאַר דעם קוואַל און פרובירט דאָס וואַסער מיט אַן אויסזען פון אַ מבין. פליכטן האָט ער געהאַט נישט קיין גאַנץ באַשטימטע.

נוליאַק וואָלט, באַטירלעך, נישט איינגעלאַדן פעלערן אויף אַ פּאָסטן. אמת טאַקע, אַז ער האָט אים געצאָלט, נאָר גע-צאָלט האָט ער אים פון לאַנמארס פּענסיע...

— רעדט אים איין, אַז ער באַקומט ביי אונדז געהאַלט - האָט לאַנמאַר געבעטן נוליאַקן — און דער עיקר, כאַפּט זיך נישט אַרויס מיט אַ וואָרט, אַז ער באַקומט באַצאָלט פון מיין געהאַלט.

נוליאַק האָט דעם דאָקטאָר צוליב געטאָן און געזאָגט פעלערן ווי ער האָט אים געבעטן.

לאַנמאַר האָט געהיילט עטלעכע רוסישע רייזנדער און יעדן זונטיק פלעגט מען אים רופן אין די בערג „צורעכטצו-מאַכן״ די פיס ביי די, וועלכע האָבן זיי אויסגעלענקט ביי די טירן פון שענק.

די געסט זענען פאַרשוווּנדן געוואָרן פון הייל-אַנשטאַלט צוזאַמען מיט די שוואַלבן, נישט מחנהווייז. נאָר איינצלווייז און פּאָרנווייז, איינער נאָכן אַנדערן.

ס'איז אָנגעקומען דער ווינטער. דער שניי האָט באַדעקט די גאַנצע סביבה אויף די זייטן פון די בערג האָט דער נעפּל פאַרגרעסערט די סאָסנעס — אַזאַ איינדרוק האָט מען געהאַט קוקנדיק אויף זיי דורכן געדיכטן נעפּל. ער האָט זיי אויך צוגעגעבן אילוזאַריש, נישט דייטלעכע ליניעס. דער האָריזאָנט איז געווען איינגעשלאָסן דורך אַ ים פון האַלבפינצטערקייט. אויף די ווענט פונם הייל-אַנשטאַלט איז אָפּגעפּאַלן און אָפּגע-בליאַקעוועט געוואָרן די פאַרב אויף די רויטע און שוואַרץ-ברוינע אנטיקע-טענער.

אין נידעריקן זאַל פון האָטעל צעזאַר אַקעגנאיבער, האָט פעלער געשפּילט אין דאָמינע מיטן בעל-הבית. לענמאַר האָט

ארויפלייגנדיק די פיס אויף דער שטאכייט פון קאַמין, געריכצערט זיין פייקע. ער האָט צוגעלייגט דעם גראָבן פינגער פון דער רעכטער האַנט צום פולס אויף דער לינקער האַנט און חקירה־דיק אַליין מיט זיך, האָט ער געשטאַמלט:

— היץ, אַ ציטעדיקער און אַ שאַרפער ווייטאָק אונטערן אָרעם, אַ הוסט אַ געדריקטער שטימונג פון גייסט, ווייטאָקן פון די נערוון־קניפּן ווייטאָק אין דער רעכטער פלייצע. אַלע סימפּטאָמען זענען פאַראַן: כ׳האָב אַן אויסגעצייכנט לעבער אָנצינדונג.

און דאָס ערשטע מאָל אינמשך פון א יאָר, פיר חדשים און זעקס טעג, האָט ער אַ שמייכל געטאָן.

סוף

I

די סצענע איז פֿאָרגעקומען הינטער די קוליסן, אין דער גאַרדעראָבע פֿונם טעאַטער „אָדעאָן“. פעליציע באַנטייל איז געזעסן אונטערן עלעקטערישן לאָמפּ מיט אַ פּודירט געזיכט, אונטערגעשוואַרצטע אויגן, ראָז־געפֿאַרבטע באַק' און אַ שניי־ווייסן האַלז און אָרעמס. זי האָט אויסגעשטרעקט דעם פֿוס דער גאַרדעראָבע־אויפֿזעערין, פֿרוי מיכאָן, וועלכע האָט איר אָנגעטון קליינע שוואַרצע שיכלעך מיט רויטע אָפּצאַסן. דער טעאַטער־דאָקטאָר טרובלעט, דער שוישפּילערינס פֿריינט, האָט צוגעשפּאַרט זיין פֿליכעוואַט קאָפּ אויפֿן קאַנאַפּע־קישעלע. די הענט זענען ביי אים צונויפֿגעפֿלאָכטן געווען אויפֿן בויך און די קורצע פֿיס האָט ער געהאַלטן פֿאַרלייגט איינעם אויפֿן צווייטן. ער האָט אין דער פּאַוזע אַ פֿרעג געטון:

— און וואָס נאָך, טייער קינד?

— איך ווייס וואָס!? דושנעקייט, קאָפּ־דרייעניש... עפּעס אַ פלוצלינקער איינדרוק, ווי דער טויט וואָלט זיך דערנעענטערט.

— צי באַפֿאַלט אייך נישט אַ פלוצלינקער חשק צו לאַכן אָדער גאָר וויינען אָן אַ שום סיבה?

— איך קען דאָס אייך גענוי נישט דערקלערן, אין לעבן זענען דאָ אַזוי פֿיל סיבות צו לאַכן און וויינען!

— צי באַפאַלט אייך נישט אַ שרעק?

— ניין... נאָר שטעלט אייך פאָר, דאָקטאָר, אַז ביינאַכט קריג איך דעם איינדרוק, אַז איך זע צווישן דעם מעבל אַ קאַץ, וואָס קוקט מיך אָן מיט ברענענדיקע אויגן.

— באַמיט אייך נישט צו קלערן וועגן דעם — האָט זיך פרוי מיכאָן אָנגערופן, — דאָס איז אַ שלעכטער סימן... אַז מ'זעט אַ קאַץ אין חלום באַדייטעט עס אַ פאַראַט פון פריינט, און עס ווייזט אויך אָן אויף דער פאַרדאָרבנקייט פון דער פרוי.

— איך זע דאָך אָבער די קאַץ נישט אין חלום, נאָר וואַכעדיקערהייט.

דער דאָקטאָר טרובלעט, וואָס פלעגט האָבן זיין דיזשור אין „אָדעאָן" נאָר איין מאָל אין חודש, פלעגט דאָך גאַנץ פריוואַט דאָ אַהערקומען כמעט יעדן אָוונט. ער האָט זייער ליב געהאַט די שוישפּילערינס און פלעגט מיט זיי גערן רעדן. ער פלעגט זיי געבן פאַרשידענע עצות און זיי האָבן געהאַט צו אים דעם פולן צוטרוי. אויך יעצט האָט ער פעליציען צוגעזאָגט, איר באַלד אַ רעצעפּט צו פאַרשרייבן.

— מיר וועלן היילן אייער מאָגן, טייער קינד, — האָט ער געזאָגט — וועט איר אויפהערן צו זען קעץ צווישן מעבל.

די פרוי מיכאָן האָט איר יעצט דעם גאָרסעט צוגעצויגן. דער דאָקטאָר איז פלוצלינג ערנסט געוואָרן און אָנגעהויבן זיך צוקוקן, ווי זי שטייפט איר צו די שנירלעך.

— קנייטשט נישט אַזוי שטאַרק מיט די ברעמען, דאָקטאָר, — האָט זיך פעליציע אָנגערופן — איך שטייף זיך נישט צו אַזוי שטאַרק. ביי מיין פיגור וואָלט דאָס געווען אַן אַבסורד.

— דאָס איז נאָר גוט פאַר פאַגעטן — האָט זי צוגעגעבן, דערמאָנענדיק זיך אָן איר האַרציקער פריינדין — וועלכע האָט נישט קיין אָרעמס און נישט קיין לענדן... זי איז אינגאַנצן פלאַטשיק. מיכאָן, מעגסט נאָך אַ ביסל צוציען. יאָ, איך ווייס, דאָקטאָר, אַז איר זעט אַ שונא פון גאָרסעטן. שטעקט אריין, דאָקטאָר,

טאָר, די האַנט, וועט איר זיך איבערצייגן, אַז איך בין נישט צו שטייף צוגעצויגן...

ער האָט זיך אָנגעהויבן פאַרענטפערן, אַז ער איז נישט קיין שונא פון גראָרסעטן, ער באקעמפט נאָר בלויז דאָס צו שטאַרקע צושטייפן זיך. ער האָט אויך אויסגעדריקט זיין באַדויערן צוליב דעם, וואָס די פרויען האָבן נישט דעם מינדסטן פאַרשטאַנד פאַר די האַרמאָניע פון די ליניען, און דאָס איינשרומפן די טאַליע זעט זיי אויס צו זיין זייער שיין און פראַכטפול. זיי פאַרשטייען גאָרנישט, אַז די גאַנצע שיינקייט באַשטייט נאָר אין דעם אויסבויג פון די קערפער-ליניען, וועלכע ווערן נאָך אַ פראַכטפולער פונאַנדערבליונג פון די ברוסטן ביסלעכווייז שמעלער אונטערן בוזים, ביז זיי אַנטוויקלען זיך אין דער פולקייט פון די לענדן.

— די טאַליע — האָט ער צוגעגעבן — די טאַליע, אויב מען מוז זיך שוין דורכאויס באַנוצן מיט דעם באַנאַלן אויסדרוק, דאַרף זיין אַן איידעלער און ווייכער איבערגאַנג צווישן די צוויי פרעכטיקע טיילן פון דער פרויס קערפער: צווישן אירע ברוסטן און דער שויס, און איר פרעסט זיי צו אויף אַ זייער באַרישן אופן. איר דעפאָרמירט דעם ברוסט-קאַסטן: איר שאָדנט אייערע ברוסטן, מאַכט אייך קינסטלעך פלאַטשיק די לענדן און דריקט אייך אויס מיאוסע קאַרבן איבערן נאָפל. די מוזשינקיס, וואָס זעגן זיך צו די ציין אויף שפיציק און לעכערן זיך דורך די ליפן, כדי אריינצוציען אין זיי אַ הילצערן רינגל, דעפאָרמירן זיך נישט אויף אַזאַ באַרבאַרישן אופן ווי איר, ווייל מען קען נאָך פאַרשטיין, אַז די פרוי, וואָס האָט זיך דורכגעצויגן דורך די ליפן אָדער נאָז אַ רינגל, וואָס איז אפילו אַזוי גרויס, ווי אַ פאַסטאָ-שעכטל, פאַרמאָגט נאָך עפּעס פרויאישעס אין זיך. די אמתע פאַרניכטונג ווערט ערשט דאַמאָלס פאָלקאָם, ווען די פרוי מאַכט אָן אַ פאַרוויסטונג אינם מיטלפונקט פון איר קערפער.

אַנטוויקלענדיק ווייטער דאָס טעמאַ, וואָס איז אים געלעגן אויפן האַרץ, האָט ער כסדר אויסגערעכנט אַלע דעפאָרמירונגען פונם שקעלעט און די מוסקולן, וואָס דער גאָרסעט פאַראורזאַכט,

געבנדיק דערביי געניע באַשרייבונגען און מאָלנדיק פאַרשידענע טרויעריקע און קאָמישע סצענעס פון דעם. באַנטייל האָט געלאַכט, הערנדיק אים רעדן, זי האָט דערפאַר געלאַכט, ווייל זי איז אַלס פרוי געווינט געווען זיך גאָרנישט צו מאַכן פון פיזישער שוואַכקייט, און אויך דערפאַר, ווייל זי האָט יעדע זאַך באַטראַכט פון שוישפּילערישן ווינקל, און יעדע דעפאָרמירונג, וואָס דער דאָקטאָר האָט איר דערמאָנט, האָט איר אויפן געדאַנק געבראַכט עמעצן פון אירע חברטעס, וואָס איז גלייך אויסגעוואַקסן פאַר איר צו אַ קאַריקאַטור. ענדלעך, ווייסנדיק, אַז זי איז פיזיש גוט געבויט, האָט זי זיך זייער געפרייט מיט איר יונגן און געזונטן קערפּער. אַזוי לאַכנדיק, איז זי צוגעגאַנגען צום דאָקטאָר, נאָכשלעפנדיק נאָך זיך די פרוי מיכאָן, וואָס האָט געהאַלטן די שנירלעך אין אירע הענט ווי צוויי לייצן, און אויסגעזען ווי אַ מכשפה.

— שטייט שוין איין אויף אַן אָרט — האָט זי זיך אָנגערופן צו פרוי מיכאָן.

דערביי האָט זי באַמערקט, אַז די דאָרפישע פרויען, וואָס טראָגן נישט קיין גאָרסעטן, זענען נאָך מער דעפאָרמירט, ווי די שטאָטישע.

דער דאָקטאָר טרובלעט האָט איצט מיט פאַרביטערונג פאַרגעוואָרפן די מערב-ציוויליזאַציעס זייער פאַראַכטן און איגנאָרירן די שיינקייט פון די לעבעדיקע באַשעפענישן.

דאָקטאָר טרובלעט, וואָס איז דערצויגן געוואָרן אינם שאָטן פון די טורעמס פונם סט.-סולפּיציוש קלויסטער, איז אַלס אַ יונגער דאָקטאָר נאָך אַרויסגעפאָרן קיין קאַיראָ. פון דאָרט האָט ער צוריקגעבראַכט אַ ביסל געלט, א לעבער-קרענק און אַ באַקאַנטשאַפט מיט פאַרשידענע מענטשלעכע מנהגים. צוריקקומענדיק שוין אויף דער עלטער אין זיין היימלאַנד, האָט ער די אַלטע דעסיין-גאַס שוין נישט מער פאַרלאָזט, און געלעבט גאַנץ אומצופרידן פון דעם, וואָס די מענטשן לעבן שוין צייט 1800 יאָר נישט בשלום מיט דער נאַטור.

עמעצער האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. אַ פרויען-שטימע האָט זיך פון יענער זייט אָנגערופן:

— דאָס בין איך!

אַרויפכאַפנדיק אויף זיך אַ ראָזע קליידל, האָט פעליציע געבעטן דעם דאָקטאָר, ער זאָל די טיר עפענען. עס איז אַריינגעקומען די דיקע און צעגאָסענע פרוי דולק, וועלכער עס איז לאַנגע יאָרן געלונגען צו שפּילן מיט ווירדע אויף דער סצענע די ראָל פון אייגעלע מוטערס.

— גוט מאָרגן, טייערע... גוט מאָרגן, דאָקטאָר... פעליציע, דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב זייער נישט ליב צו מאכן קאָמפּלימענטן, איך האָב דיך אָבער נעכטן געזען, און איך גיב דיר מיין וואָרט, אַז אינם צווייטן אַקט פון די „באַגלייבטע מוטערס", באַווייזטו זייער שיינע זאַכן, וועלכע זענען גאָרנישט לייכט אויסצופירן.

אין נאַנטיילס אויגן האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל, און ווי עס קומט פאַר שטענדיק, האָט זי, הערנדיק יעצט דעם קאָמפּלימענט, געוואַרט אויף נאָך.

זייענדיק צופרידן פון פעליציעס שווייגן, האָט פרוי דולקו נאָך מער זי אָנגעהויבן לויבן.

— זייער שיינע זאַכן, אינדווידועלע זאַכן.

— אַזוי מיינט איר? אַך זייער גוט, ווייל איך פיל נישט אַזוי גוט די ראָלע. דערצו פּאַראַליזירט מיך נאָך די גרויסע פערי אינגאַנצן. איך זאָג אייך דעם אמת, אַז ווען איך זיץ ביי איר אויף דער שויס, באַקום איך דעם איינדרוק... איר קענט אייך גאָרנישט פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ שרעקלעכע זאַכן זי רוימט מיר איין, ווען מיר זענען אויף די סצענע. עפּעס אינגאַנצן ווי באַפאַלן פון אַ ש.עון... יאָ איך פאַרשטיי אַלץ, עס זענען אָבער דאָ זאַכן וואָס דערוועקן אין מיר אַן עקל... מיכאָן, גיט נאָר אַ קוק, צי עס קנייטשט זיך נישט אַמאָל דער סטאַניק אויף דער רעכטער זייט פלייצע?

— טייער קינד — האָט דאָקטאָר טרובעלט ענטוזיאַסטיש אַ געשריי געטון, דו האָסט איצט אַרויסגעזאָגט זייער אַוואונדערלעכע זאַך.

—וואָס פאַר אַ זאַך? — האָט נאַנטייל אַ פרעג געטון.

— דו האָסט געזאָגט: „איך פאַרשטיי אַלץ, עס זענען אָבער דאָ זאַכן, וואָס דערוועקן אין מיר אַן עקל“. דו פאַרשטייסט אַלץ. די געדאַנקען און טאַטן פון דער מענטשהייט באַהאַנדלסטו, ווי איינצלנע דערשיינונגען פונם אַלוועלטלעכן אָרגאַניזם און זיי דערוועקן נישט אין דיר, נישט קיין כעס און נישט קיין שנאה. עס זענען אָבער דאָ זאַכן, וואָס דערוועקן אין דיר אַן עקל. דו ביסט זייער שאַרפזיניק און מאָראַל איז אַ זאַך פון גוטן געשמאַק. איך וואָלט געוואָלט, טייער קינד, אַז די שילער פון דער אַקאַדעמיע פון מאָראַל-וויסנשאַפט, זאָלן האָבן אַזאַ געזונטן קוק אויף זאַכן, ווי דו האָסט, דו ביסט גערעכט. צו מאַכן אָבער דיין פריינדין פאַר-חאורפן פאַר די אינסטינקטן, וואָס דו האַלטסט, אַז זי באַזיצט זיי, וואָלט אַזוי געווען אומזיסט, ווי דאָס פאָרוואַרפן מילך-זויערקייט, פאַרוואָס עס איז אַ קוואַס, וואָס האָט אין זיך אַזעלכע און אַזעלכע ספּעציעלע אייגנשאַפטן.

— וואָס באַדייט דאָס? וואָס מיינט איר דערמיט?

— איך זאָג, אַז מיר טאָרן נישט לויבן און אויך נישט טאַדלען קיין שום מענטשלעכן געדאַנק אָדער טאַט פון דעם מאָמענט אָן, וואָס מיר זענען געוואויר געוואָרן, אַז דער טאַט אָדער געדאַנק איז אַ נויטווענדיקער פאַר אונז.

— וואָס הייסט עס, אַז איר אַפּראָבירט פרינס אויפפירונגען, איר, אַמענטש מיט אויסצייכנונגען! שיין!

— דער דאָקטאָר האָט זיך אַ ביסל אינטערגעהויבן אויף דער קאַנאַפּע און זיך אָנגערופן:

— הער מיך אויס עטלעכע מינוט מיט געדולד. איך וועל דיר דערציילן אַ זייער נוצלעכע געשיכטע.

„די מענטשלעכע נאַטור איז אַמאָל מיט יאָרן צוריק אַנדערש געווען ווי איצט. עס האָבן דעמאָלט עקזיסטירט נישט נאָר מאַנס-פּערזאָנען און פרויען, נאָר אויך אַנדרוגינוסן, דאָס הייסט, אַזעל-כע באַשעפענישן, וואָס האָבן אין זיך פאַראייניקט ביידע געשלעכ-טער. די אַלע סאָרטן מענטשן האָבן פאַרמאָגט צו פיר הענט, פיר פיס און צוויי פּנימער. זיי זענען זייער שטאַרק געווען און פלעגן זיך קאָלערן אַזוי ווי רעדער. פון דעם כח זייערן איז ביי זיי גע-

בוירן געוואָרן אַ בראַווער געדאַנק, און געמלעך: צו באַזיגן די געטער, ווי די ריזן האָבן עס אַמאָל געוואָלט. נישט קענענדיק פאַרטראָגן אַזאַ באַליידיקונג, האָט גאָט...

— מיכאָן, גייט נאָר אַ בליק, צי דאָס אונטערקליידל לאָזט זיך נישט אַמאָל נאָך אין דער לינקער זייט? — האָט באַנטייל אַ פרעג געטון.

— ... באַשלאָסן — האָט ווייטער גערעדט דאָקטאָר טרובּלעט — צו מאַכן דעם מענטש ווייניקער שטאַרק און בראַוו. ער האָט יעדן מענטש צעטיילט אויף צווייען, אַזוי, אַז ער האָט שוין נישט געהאַט מער ווי — נאָר צוויי הענט, צוויי פיס און איין קאָפּ, און — פון דאַמאָלס אָן איז דאָס מענטשלעכע געשלעכט געבליבן דאָס, וואָס עס איז יעצט. יעדער פון אונז איז אַלזאָ נאָר אַ האַלבער מענטש, וואָס איז צעטיילט געוואָרן, די העלפטן זוכן זיך קעגנזייטיק. די ליבע, וואָס מיר פילן איינער צום צווייטן, דאָס איז נאָר די קראַפט, וואָס טרייבט אונז די צוויי העלפטן צו פאַראייניקן, כדי זיי אויפצוּלעבן אויפסניי אין זייער אַמאָליקער גאַנצקייט. די מאַנספּערזאָנען, וואָס קומען אַרויס פון דעם טייל אַנדרוגינוסן, האָבן ליב פרויען, און די פרויען, וואָס קומען אַרויס פון דעם טייל ערשטע פרויען, לייגן נישט קיין גרויסן אַכט אויף די מענער און פילן נאָר אַ צוציאונג צו פרויען. דו דאַרפסט זיך אַלזאָ נישט צו וואונדערן, ווען דו זעסט...

— דאָס האָט איר, דאָקטאָר, אויסגעטראַכט די געשיכטע? — האָט אַ פרעג געטון באַנטייל, צושפּילענדיק אַ רויז צום קליידל.

דער דאָקטאָר האָט זיך אָנגעהויבן פאַרטיידיקן קעגן דעם חשד, אַז ער זאָל האָבן צוגעלייגט עפּעס צו דעם. פאַרקערט, ער האָט אפילו באַשטעטיקט, אַז ער האָט גאָר אַ סך דורכגעלאָזט.

— אַזוי איז עפּעס אַנדערש — האָט באַנטייל אַ זאָג געטון — ווייל איך וועל אייך זאָגן, אַז דער, וואָס האָט די געשיכטע אויסגעטראַכט, איז גאָר נישט קיין וויצלער.

— ער איז שוין געשטאָרבן — האָט זיך דאָקטאָר טרובּלעט אָנגערופן.

נאַנטייל האָט נאָכאַמאָל אויסגעדריקט דעם עקל, וואָס איר שותפטע האָט אין איר אַרויסגערופן. פרוי דולק אָבער, וואָס איז געווען פאַרזיכטיקער און פלעגט נאָכאַמאָל פרישטיק עסן ביי פערין, האָט דאָס געשפרעך אויף אַ צווייטן וועג אַרויפגעפירט.

— עס איז גאַנץ געגוג פון דיין זייט, טייערע, וואָס דו האָסט באַהערשט די ראָלע פון אָגניעשקען. געדענק נאָר וועגן דעם, וואָס איך האָב דיר שוין אַמאָל געזאָגט: די מאַניערן מוזן זיין באַשיידן און די פיגור אַביסל שטייפלעך. אין דעם באַשטייט דער גאַנצער סוד פון נאַאיוויטעט. היט דיך פאַר דיין איינגעבוי־רענער גראַציעזקייט. יונגע מיידלעך פון דיין גלייכן מוזן האָבן אין זיך אַביסל רייץ. אַזוי פאָדערט דער סטיל, דער קאָסטיום. וועגן דעם דאַרפסטו טאַקע געדענקען פאַר אַלעם, ווען די שפּילסט אין די באַגלויבטע מוטערס, וואָס איז אַן אַנטציקענדע פּיעסע.

— ווייסט איר וואָס, — האָט איר פעל ציע איבערגעריסן — מיר גייט נאָר אין אַ גוטער ראָלע. אויף דער קונסט פייף איך, און צווייטנס, האָב איך נישט זייער ליב מאַריוואַקסן... איר לאַכט, דאָקטאָר? אפשר האָב איך געזאָגט אַ נאַרישקייט? אפשר האָט נישט מאַריוואַקס פאַרפאַסט די „באַגלויבטע מוטערס״?

— יאָ.

— אַלזאָ! איר באַמיט אייך, דאָקטאָר, מיר כסדר זאָרג צו פאַרשאַפן... אַניעלאַ לאַנגווייליקט מיך, איך וואָלט געוואָלט עפּעס מער דייטלעכער... איבערהויפט הייגט נעמט מיך די ראָלע אַדורך מיט עקל...

— דאָס איז אַ באַווייז, אַז דו וועסט זי זייער גוט שפּילן — האָט זיך דולק אָנגערופן.

— קיינמאָל פאַרקערפערן מיר נישט אַזוי גוט אַ ראָלע — האָט זי צוגעגעבן — ווי ווען מיר שפּילן זי געצוואונגענערהייט, געגן אונזער ווילן. איך וואָלט דיר דערויף געקאָנט געבן פאַרשי־דענע ביישפּילן. איך צום ביישפּיל, האָב אַמאָל דעם גאַנצן זאַל אין פאַרוואונדערונג אַריינגעבראַכט מיט מיין דייטלעכן אַקצענטירן פריילעכקייט, בשעת מען האָט מיר אויף דער סצענע מיטגעטיילט, אַז מיין עלענדער דולק, דער אַזוי גרויסער אַרטיסט און גוטער

מענטש האָט באַקומען אַ פּאַפּלעקסיע-אַטאַק אינם אָפּערעטע-אַר־קעסטער, ווען ער איז צוגעגאַנגען נעמען זיין פלייט צום שפּילן.

— פאַרוואָס ווילן אָבער אַלע פון מיר, אַז נאָר איך זאָל זיין נאַיוו? — האָט נאַנטייל אַ פרעג געטון. זי האָט געוואָלט זיין אַ העלדין און שפּילן אויך אַנדערע ראָלן.

— און דאָס איז אויך אַ גאַנץ פאַרשטענדלעכע זאַך — האָט זיך פרוי דולק ווייטער אַריינגעמישט — די אַקטיאָרישע קונסט איז אַ קונסט פון נאָכמאַכן, און אַמבעסטן קען מען נאָכמאַכן דאָס, וואָס מען פילט נישט.

— הער אויף צו פאַנטאַזירן — האָט זיך דער דאָקטאָר אָנגערופן צו פעליציען. אויב מען איז נאַיוו, בלייבט מען שוין אַזוי אויף שטענדיק. יעדע שוישפּילערין ווערט גלייך געבוירן אין אַניעלאַ, דאָרענאַ אָדער פאַרלענאַ. אין טעאַטער זענען טייל שטענדיק אַלט צוואַנציק יאָר, טייל דרייסיק יאָר, אַנדערע ווידער זעכציק יאָר... דו, פריילין נאַנטייל, וועסט שטענדיק אַלט זיין נאָר ניינצען יאָר, און וועסט אויך שטענדיק נאַאיוו בלייבן.

— אמת. פון מיין שטעלע בין איך גאַנץ צופרידן, איך קאָנט אָבער נישט, דאָקטאָר, פאַרלאַנגען פון מיר, אַז אַלע נאַיווע ראָלן זאָל איך שפּילן מיטן זעלבן פאַרגעניגן. עס איז דאָ, צום ביישפּיל, איין ראָלע, וואָס איך וואָלט זי דורכאויס געוואָלט שפּילן. דאָס איז אַגניעשקאָ אין דער „פרויען-שולע".

דערמאַנענדיק זיך אָן נאָמען אַגניעשקאַ, האָט דער דאָקטאָר טרובלעז אָנגעהויבן צו שעפּטשען: צי האָב איך דען אַזוי פיל שלעכטס אין די אויגן, וואָס איך קאָן אַזוי פיל שאָדן ברענגען?

— דאָס איז אַזאַ שיינע ראָלע — האָט נאַנטייל געזאָגט — איך האָב שוין טאַקע געבעטן וועגן איר פראַדעלן.

דער טעאַטער-דירעקטאָר פראַדעל איז געווען אַן עלטערער, אָרנטלעכער און פאָרזיכטיקער שוישפּילער, אָן שום פאַנטאַזיעס און גרויסע פאַרלאַנגען. ער האָט ליב געהאַט רו, ביכער

און... פרויען. באַנטייל האָט זיך נישט געקאָנט קלאָגן אויף אים, גערעדט וועגן אים אָן באַליידיקונג, אָפן און פריי:

— „ער איז געווען געמיין, עקלהאַפט און מיאוס. ער האָט מיך נישט געוואָלט לאָזן שפּילן אַגניעשקאַס ראָלע, נאָר דערפאַר, וואָס ער האָט זי אָוועקגעגעבן שפּעטער פאַלעמפּינען. איך מוז אָבער מודה זיין, אַז איך האָב אים נישט צו שטאַרק געבעטן, דאַמאָלס, ווען פאַלעמפּין ווייסט, ווי אַזוי זיך צו נעמען צו אַ זאַך. און דאָס איז מיר אַלץ איינס. אויב פּראָדעל וועט מיך נישט לאָזן שפּילן „אַגניעשקאַ", וועל איך אים לאָזן שוויצן מיט דער גאַנצער בודע".

פרוי דולק האָט פאַרגעזעצט אירע דרשות, זי האָט גע־האַט גרויסע פאַרדינסטן פאַרן טעאַטער, זי איז שוין אָבער גע־ווען אַלט און אָפּגעניצט און פלעגט שוין אויף דער סצענע נישט אַרויסטרעטן, דערפאַר פלעגט זי אָבער דינען מיט עצות די יונגע שוישפּילערינס, פלעגט זיי זייערע בריוו שרייבן, און אַזוי אַרום פאַרדינען זיך אויף איר עסן. עסן פלעגט זי נאָר איין מאָל אין טאָג, אַמאָל מיטאָגצייט און אַמאָל אין אָוונט.

ווען פרוי מיכאָן האָט איר אַרומגעבונדן דאָס סאַמעטענע טאַשמעלע אַרום האַלז, האָט פעליציע אַ פרעג געטון דעם דאָקטאָר:

— איר זאָגט, דאָקטאָר, אַז מיינע קאָפּ־שמערצן קומען מיר פון מאָגן, איר ווייסט דאָס זיכער?

איידער דאָקטאָר טרובלעט האָט נאָך באַוויזן איר צו ענט־פערן, האָט פרוי דולקשוין דערקלערט, אַז קאָפּ־שמערצן קומען שטענדיק פון מאָגן און אַז זי האָט שטענדיק אַ צוויי, דריי שעה נאָכן עסן טאָקע אַזעלכע שמערצן, און דערביי געבעטן, דער דאָק־טאָר זאָל איר פאַרשרייבן אַ רעצעפּט.

פעליציע האָט דערווייל וועגן עפּעס געקלערט, זי פלעגט האָבן אַזאַ טבע שטענדיק צו קלערן.

— דאָקטאָר, — האָט זי פּלוצלינג אַ זאָג געטון — איך האָב איך געוואָלט אַ פראַגע שטעלן, עס קען זיין, אַז זי איז אַ קאָמי־שע... איך וואָלט אָבער דורכאויס געוואָלט וויסן, אויב דאָס, וואָס

איר ווייסט אַלץ אַזוי גענוי, וואָס עס געפינט זיך אינם מענטשלעכן קערפּער און אויך דאָס, וואָס איר האָט שוין אַליין געזען, די אַלע זאַכן, וואָס מיר טראָגן אין אונזער קערפּער אינעווייניק, צי דאָס שטערט אייך נישט צו האָבן באַציאונגען מיט פרויען. מיר שיינט, אַז דאָס דאַרף ביי אייך אַן עקל אַרויסרופן.

דאָקטאָר טרובּלעט האָט איר פונם קישן, ווו ער איז געזעסן, פונדערווייטנס אַ קוש צוגעוואָרפן:

— טייער קינד — האָט ער צ געגעבן — עס איז נישטאָ אויף דער וועלט קיין איידעלער, רייכערער און שענערער שטאָף, ווי די הויט פון דער פרוי. מיט אַ פּאָר מינוט צוריק האָב איך טאַקע, באַטראַכטנדיק דיין האַלז, געקלערט וועגן דעם. דו קאָנסט אַלזאָ גאַנץ לייכט פאַרשטיין, אַז אונטער דעם איינדרוק...

זי האָט מיט פאַראַכטונג זיך אַ קרים געטון.

— איר מיינט, אַז עס איז זייער קלוג צו ענטפערן מיט נאַרישקייטן אויף ערנסטע פראַגן?

— אויב דו ווילסט טאַקע דורכאויס וויסן, וועל איך דיר געבן אַ מער אינטערסאַנטן ענטפער, פון וועלכן דו וועסט זיך שוין קאָנען אַ סך אָפּלערנען: מיט צוואַנציק יאָר צוריק האָבן מיר אין פּראָזעקטאָריום פונם סט.-יוזעפס שפּיטאָל געהאַט אַן אַלטן משרת, אַ שיכור, ער איז געווען ראָסעס פאָטער, און פלעגט יעדן טאָג עסן פרישטיק אַרום עלף אַ זייגער, אויף דעם עק טיש, אויף וועלכן עס פלעגט ליגן אַ טויטער. ער האָט געגעסן, ווייל ער איז הונגעריק געווען. קיין שום זאַך אין דער וועלט קאָן קיין הונגעריקע נישט אָפּהאַלטן פון עסן, אויב זיי האָבן נאָר, וואָס צו עסן, און דאָך פלעגט דער זעלבער ראָסעס פאָטער כסדר זאָגן: איך ווייס נישט, צי די לופט פונם זאַל ווירקט אַזוי אויף מיר, איך קאָן נאָר עסן בלויז פרישע זאַכן, אַזעלכע, וואָס רייצן מיר דעם אַפּעטיט.

— אַהאַ, איך פאַרשטיי — האָט זיך פעליציע אָנגערופן — איר דאַרפט האָבן, דאָקטאָר, יונגע מיידלעך, בלומען-מאַכערקעס... דאָס טאָר מען אָבער נישט... איר ווייסט אַליין... איר זיצט

אָבער פּינקט ווי אַ טערק, און קיין רעצעפּט האָט איר מ׳ר נאָך אַלץ נישט אָנגעשריבן.

זי האָט אויף אים אַ וואָרף געטון אַ בליק, וואָס פאָדערט אַן ענטפער נאָך זיך.

— דער מאָגן טאַקע, אין אמתן?

די טיר איז אַ ביסל אָפן געווען. אַ שלאַנקער און זייער אינטעליגענטער יונגערמאַן האָט זי נאָך מער געעפנט, און איבערטרעטנדיק די שוועל אויף אַ צוויי טריט, האָט ער ערשט אַ פרעג געטון, צי ער קאָן אַריינגיין.

— אַ, דאָס זענט איר! — האָט באַנטיי אַ געשריי געטון.

זי האָט אים דערלאַנגט איר הענטל, וועלכעס ער האָט מיט פאַרגעניגן אַ קוש געטון. אין דעם קוש איז אויך געווען אַ ביסל איבערגעטריבענע העפלעכקייט.

די פרוי דולק האָט ער באַהאַנדלט אַן ספּעציעלער אויפמערק-זאַמקייט.

— וואָס מאַכט איר, דאָקטאָר סאָקראַטעס? — האָט ער אַ פרעג געטון.

טרובלעטן האָט מען טיילמאָל אַזוי גערופן — צוליב זיין פלאַטשיק געזיכט און זיין שאַרפזיניקן און פלינקן געדאַנק.

— הער דע-ליני, אָט שטייט פאַר אונז אַ יונג מענטשל, וואָס ווייסט נישט אויף זיכער, צי זי האָט אַ מאָגן. דאָס איז אַן ערנסט פּראָבלעם. מיר ראָטן איר, זי זאָל זיך ווענדן נאָך אַן ענטפער צו דעם יונגן מיידל, וואָס האָט געגעסן צופיל איינגעמאַכטס. די מוטער האָט איר פריער געזאָגט: „עס נישט אַזוי פיל, דו וועסט דיר דעם מאָגן קאַליע מאַכן", האָט זי דערויף געענטפערט: „מאָגנס האָבן נאָר דערוואַקסענע פריילינס, קליינע מיידלעך האָבן נישט קיין מאָגנס".

— אַך, מיין גאָט, ווי נאַריש איר זענט, דאָקטאָר! — האָט באַנטייל אַ געשריי געטון.

— ווען דיינע ווערטער וואָלטן כאָטש אמת געווען. ווייל נאַרישקייט איז אַ סימן פון גליק. עס איז דאָס גרעסטע פאַרגעניגן, און אויך די בעסטע זאַך אין דער פּאָליציי-געזעלשאַפט.

— איך אָפּערירט, דאָקטאָר, כּסדר מיט פּאַראַדאָקסן, (מיינונגען, וואָס זענען לחלוטין דער היפּך פון די איבעראַל־אָנגענומענע באַגריפן) — האָט דע־ליני באַמערקט, — פונדעסטוועגן שטים איך איין מיט אייך, אַז עס איז גלייכער צו זײַן נאַריש, ווי יעדער מענטש, איידער קלוג, ווי קיינער נישט.

— ראָבערט איז גערעכט — האָט נאַנטייל אָפנהערציק און פול מיט פּאַטאָס אַ געשריי געטון. דערנאָך האָט זי אַ ביסל פאַרקלערט צוגעגעבן:

— איין זאַך איז אָבער יעדנפאַלס זיכער, דאָקטאָר, און נעמלעך, אַז די נאַרישקייט שטערט אַ סך מאָל נאַרישקייטן צו טון. איך האָב שוין דאָס נישט איינמאָל באַמערקט. נאַריש פירן זיך אויך נישט דווקא די נאַרישסטע מענטשן. עס טרעפן זיך אויך אינטעליגענטע פרויען, וואָס זענען נאַריש אין זייער באַציִונג מיט די מענער.

— דו מיינסט זיכער יענע פרויען, וואָס קאָנען זיך נישט באַגיין אָן די מענער.

— פאַר אייך, סאָקראַטעס, קאָן מען גאָרנישט באַהאַלטן.

— אַך! — האָט די שטאַרקע פרוי דולק אַ זיפץ געטון — וואָס פאַר אַ שרעקלעכע קנעכטשאַפט דאָס איז! די פרוי, וואָס קאָן אירע לײַדנשאַפטן נישט באַהערשן, איז שוין אויף אייביק פאַרלוירן פאַר דער קונסט.

נאַנטייל האָט אַ באַוועג געטון מיט אירע שײנע, נאָך אַ ביסל שפּיציקע עלנבויגנס.

— זעט נאָר, מײַנע הערן! וואָס פאַר אַן עלטער־באָבע דאָס איז. כאַפּט זשע אייך נישט לערנען די יונגעטשקע! פּונקט ווי אין אייערע צייטן וואָלטן די שווישפּילערינס יאָ געווען באַהערשט זייערע... ווי אַזוי רופט איר דאָס? אוודאי! זיי האָבן אַבסאָלוט נישט באַהערשט זייערע לײַדנשאַפטן.

זעענדיק, אַז נאַנטייל ווערט אויפגערעגט, האָט זיך פרוי דולק פאַרזיכטיק און מיט ווירדע אַרויסגערוקט. פון פאָרצימער האָט זי איר ערשט אַ וואָרנונג צוגעוואָרפן:

— געדענק, מײַן ליבע, אַז די ראָלע פֿון אַניעלאַ דאַרף הערלעך-שיין געשפּילט ווערן. די ראָלע פֿאָדערט עס.

נאַנטײל, וואָס האָט זיך שוין צופֿיל געלאַנגווײליקט, האָט זי שוין אָבער נישט געהערט.

-- די אַלטע דולק רעגט מיך שרעקלעך אויף מיט איר מאָראַל — האָט זי אַ זאָג געטון, אַוועקזעצנדיק זיך צום טואַלעט-טישל, — עס דאַכט זיך איר אַלץ, אַז מען האָט שוין פֿאַרגעסן אי.ע געשיכטעס. זי האָט אָבער אַ טעות! פֿרוי ראַוואוט דערציילט זיי זעקס מאָל אין דער וואָך. אַלע ווייסן, אַז זי האָט איר מאַן, דעם מוזיקאַנט, צוגעבראַכט צו אַזאַ שטופּע פֿון אויסשעפּונג, אַז ער איז פּלוצלינג געשטאָרבן אין אַ געוויסן אָוונט ביי זײַן פּלייט. פֿון אירע געליבטע ווידער, מענטשן, וואָס זענען געווען געזונט און שטאַרק, האָט זי געמאַכט -- פֿרעגט מיכאָנען — אין פֿאַרלויף פֿון נישט קיין גאַנצע צוויי יאָר — שקעלעטן, שאָטנס.

אָט אַזוי אַרום האָט זי באַהערשט אירע... און ווען מען זאָגט דאָס איר אַליין, אַז זי איז שוין פֿאַר דער בינע פֿאַרלוירן!

דאָקטאָר טרובלעט האָט אויסגעשטרעקט צו נאַנטײלן זײַנע צעשפּרייטע הענט, ווי ער וואָלט זי געוואָלט צוהאַלטן!

— ווערט נאָר נישט אויפגערעגט, פֿרוי דולק איז אַן אָפּן-הערציקע. אַמאָל האָט זי ליב געהאַט מאַנספּערזאָנען, און אַצינד האָט זי ליב גאָט. יעדער מענטש ליבט דאָס, וואָס ער קאָן, ווי אַזוי ער קאָן און מיט וואָס ער קאָן. ווען זי האָט ענדלעך דערגרייכט איר געהעריקע עלטער, איז זי געוואָרן באַשיידן און פֿרום. אַלע רעליגיעזע צערעמאָניעס פֿירט זי אויס. זונטיק און אין די חגא-טעג גייט זי צו גאָטעס-דינסט...

— זי איז גערעכט, מיט דעם, וואָס זי גייט אין קלויסטער אַרײַן, — האָט נאַנטײל באַמערקט, — מיכאָן, צינד אָן, איך בעט דיך, אַ ליכט. מען דאַרף אָנוואַרעמען די ראָזע פֿאַרב, איך מוז מיר נאָכאַמאָל די ליפּן אָפּ... געוויס איז זי גערעכט,

וואָס זי גייט אין קלויסטער אַריין. די רעליגיע שטערט דאָך אָבער נישט צו האָבן אַ געליבטן.

— אַזוי מיינסטו? — האָט דער דאָקטאָר אַ פרעג געטון.

— די יסודות פון דער רעליגיע, קאָן איך, זיכער, בעסער פון אייך, דאָקטאָר!

עס האָט זיך דערהערט דער טריבער קלאַנג פון גלעקל, און אין קאָרידאָר האָט די טרויעריקע שטימע פונם אויפזעער אַ דונער געטון:

— דער איינאַקטער איז געענדיקט.

נאַנטייל האָט זיך אויפגעהויבן און אָנגעטון אויף דער האַנט אַ שוואַרץ שטיקל סאַמעט מיט אַ מעדאַליאָן.

פרוי מיכאָן האָט קנייענדיק גלייך געמאַכט די פאַלדן פון איר ראָזע קליידל אַלאַ וואַטאַ, אין מיט אַ מויל, פול מיט שפּילקעס, אַרויסגעזאָגט פאָלגנדן אַפאָריזם:

— די גוטע זייט פון דער עלטער באַשטייט אין דעם, וואָס מען הערט אויף צו ליידן פון די מענער.

ראָבערט דע-ליני האָט אַרויסגענומען פון טאַש זיין פּאַפּיראָסן-שאַכטל, און אַ פרעג געטון:

— איר וועט דערלויבן?

און איז צוגעגאַנגען צום ליכט, וואָס האָט געברענט אויפן טואַלעט-טישל.

נאַנטייל, וואָס האָט פון אים קיין אויג נישט אַראָפּגענומען, האָט ביי דער שיין פונם ליכט באַמערקט, פון אונטער זיינע וואַנסן אַפּער, זיינע פּורפּור-רויטע, ליידנשאַפלעכע ליפּ, וואָס האָבן דעם רויך דורכגעלאָזט. זי האָט דערפילט, ווי דאָס בלוט קומט איר אין פּנים אַריין.

זי האָט זיך געמאַכט זוכן איר צירונג, האָט אָנגערירט מיטן מויל דע-ליניס האַלז און אים דערביי שטיל איינגערוימט:

— וואַרט אויף מיר נאָך דער פאָרשטעלונג אין אַ דראָזשקע ביים עק פון דע-טאַרנאָן-גאַס.

אין קאָרידאָר האָבן זיך אין זעלבן מאָמענט דערהערט טריט

און אויך שטימען. די שווישפילער זענען נאָכן אייבאַקטער אַריינגע-גאַנגען אין זייערע גאַרדעראָבע-צימערן.

— דאָקטאָר, דערלאַנגט מיר, איך בעט אייך, די צייטונג.

— זי איז זייער לאַנגווייליק.

— עס מאַכט נישט אויס. גיט זי מיר.

זי האָט זי גענומען און געהאַלטן זי, ווי אַן אַבאַזשור איבערן קאָפּ.

— די אויגן טון מיר שוין ווי פון ליכטיקייט — האָט זי געזאָגט.

עס איז טאַקע אמת געווען, אַז זי פלעגט פון צו שטאַרקער ליכטיקייט באַקומען טיילמאָל קאָפּ-שמערצן. איצט אָבער, דערזע-ענדיק זיך אינם שפּיגל מיט די אָנגעפּאַרבטע אויגן, אָפּגעשוואַרצ-טע ברעמען, ראָז-אָפּגעפאַרבטע בעקלעך און אָפּגערויטלטע ליפּן, האָט איר אויסגעזען, אַז זי זעט אויס זייער מיאוס. זי האָט דערי-בער נישט געוואָלט, אַז דע-ליני זאָל זי איצט אָנקוקן.

אין דעם זעלבן מאָמענט, ווען זי האָט באַהאַלטן איר געזיכט אינם שאָטן, איז אין דער לאָזשע אַריינגעקומען אַ הויכער און דאָ-רער יונגערמאַן.

אונטער די טונקעלע אַראָפּגעלאָזטע אויגן, האָט ער געהאַט אַן אויסגעקרימטע נאָז, ווי דער שנאָבל ביי אַ וואָראָנע; דאָס מויל האָט ביי אים אויסגעזען, ווי עס האַלט ביי לאַכן; פון זיין לאַנגן האַלז האָט אַרויסגעשטאַרט, ווי אדם-הראשונס אַ גרויסער אַפּל. אָנגעטון איז ער געווען אין אַ לאַקייאישן אַנצוג.

— דאָס זענט איר שעוואַליער? וואָס מאַכט איר פּריינט! — האָט פרייליך אַ זאָג געטון דאָקטאָר טרובלעט, וואָס פלעגט אין אַלגעמיין ליב האָבן שווישפּילער, און נאָך מער די שווישפּילער פון דער צווייטער מדרגה. צו שעוואַליערן האָט ער אויך געהאַט אַ באַזונדערע סימפּאַטיע.

— אַלע זענען שוין דאָ! — האָט באַנטייל אַ געשריי גע-טון — דאָס איז נישט קיין גאַרדעראָבע, נאָר אַ ריינע מיל.

— אויב אַזוי, ווינש איך גליק דער מילנערין — האָט זיך

שעוואַליער אָנגערופן. — שטעלט אייך פאָר — האָט ער זיך גע־
ווענדט צו באַנטיילן — אַז אין זאַל זענען היינט דאָ אַ גרויסע
מאַסע אידיאָטן! איר וועט מיר גלויבן, אַז זיי האָבן מיר אַפּלאָ־
דירט?

— דאָס איז נאָך נישט קיין גענוגנדער באַווייז, אַז איר זאָלט
מעגן אַריינגיין, נישט אָנקלאַפּנדיק פריער — האָט באַנטייל נישט
ווילנדיק געענטפערט.

דער דאָקטאָר האָט דערביי באַמערקט, אַז דאָס האָט דע־
ליני די טיר אַזוי אָפן געלאָזט.

— אַזוי גאָר? דאָס האָט איר געמאַכט? — האָט זיך באַנ־
טייל געווענדט צו ראָבערטן מיט אַ פאָרוואורף — אַז מען גייט
אַריין דאַרף מען די טיר פאַרמאַכן פאַר אַ צווייטן. דאָס איז אַ זאַך,
וואָס יעדער פאַרשטייט עס.

זי האָט זיך איינגעהילט אין אַ ווייסן פלאַנעלענעם מאַנטל.

דער אויפזעער האָט גערופן די שוישפּילערינס אויף דער
סצענע אַרויף.

באַנטייל האָט אָנגענומען די האַנט, וואָס דע־ליני האָט איר
דערלאַנגט, און אָפּזוכנדיק מיט אירע פינגער זיין פּולס, האָט זי
אירע נעגל טיף אַריינגעשטעקט לעבן זיינע בלוט־אָדערן, דאָרט,
ווו די הויט איז צום איידלסטן, און איז פאַרשוואונדן אין טונקעלן
קאָרידאָר.

II

איבערטוענדיק זיך, האָט זיך שעוואַליער אָוועקגעזעצט אין אַ לאָזשע לעבן פרוי דולק. ער האָט זיך גוט צוגעקוקט צו פעלי־ציען, וואָס איז געשטאַנען ווייט פון אים אויף דער סצענע, און דערמאָנענדיק זיך, אַז ער האָט זי שוין אַמאָל געהאַלטן אין זיינע אָרעמס, אין זיין דאַך־שטיבל אויף דע־מאַרטירס־גאַס, האָט ער זיך אַזש צעוויינט פון ווייטיק און אויפרעגונג.

זיי האָבן זיך געהאַט געטראָפן פאָריקעס יאָר אויף דעם קאָנצערט, וואָס איז איינגעאָרדנט געווען אונטער דער אויפזיכט פון דעפוטאַט לעקאָרעל פאַר די אָרימע שוישפילערס פונם צענטן רעוויר. ער האָט זיך געדרייט אַרום איר אַ שווייגנדיקער, אויפגעקאָכט פון ליידנשאַפט, מיט צונויפגעבאַלטע פויסטן און ברענענדיקע אויגן. צוויי וואָכן האָט ער זיך כסדר נאָכגעשלעפט, קאַלטבלוטיק און רויִק. זי האָט זיך געמאַכט, ווי זי זעט אים גאָרנישט. פלוצלינג אָבער און אומגערעכט האָט זי זיך אים אָפּגעגעבן. ער איז דאַמאָלס געוואָרן אַזוי צעקאַכט, אַז אַוועקגייענדיק דאַמאָלס פון איר צעפלאַמט און אַ ביסל צעמישט, האָט ער אַן אומפּאַסיק וואָרט אַרויסגעזאָגט.

ער האָט דאַמאָלס אַ זאָג געטון צו איר:

— און איך האָב געמיינט, אַז דו ביסט פון פאַרצעלייִן.

אין משך פון דריי וואָכן האָט ער פאַרזוכט דעם טעם פון וואוילטאָג. דערנאָך אָבער איז פּעליציע וואָס אַמאָל אַלץ ווייטער און פרעמדער געוואָרן פון אים, און אָנגעהויבן אים אויסמיידן. היינט האָט זי אים שוין גאָרנישט ליב געהאַט. ער האָט געזוכט די סיבה דערפון און זי נישט געקאָנט געפינען. דערפאַר, וואָס זי האָט אים שוין נישט ליב, האָט ער שטאַרק געליטן, נאָך מער האָט ער אָבער געליטן פון אייפערזוכט. עס איז פאַר אים קיין סוד נישט געווען אפילו אין די ערשטע און שענסטע מינוטן פון דער ליבע, אַז פעליציע האָט שוין געהאַט אַ געליבטן, אַ געוויסן זשערמאַנדעל, אַ ביוראָ־ליסט פון מיניסטעריום. דאָס האָט אים זייער געקרענקט. נישט זעענדיק אים אָבער אָפּט, האָט זיך ביי אים אין געדאַנק ביסלעכווייז איינגעבילדעט אַזאַ נישט קלאָרע מיינונג וועגן אים, אַז זיין אייפערזוכט האָט אינגאַנצן אויפגעהערט. פעליציע האָט פאַרזיכערט שעוואַליערן, אַז זשערמאַנדעל האָט ביי איר קיין שום ראָלע נישט געשפּילט, ער האָט איר געגלויבט און דאָס האָט אים אויך זייער געפרייט. זי האָט אים אויך געזאָגט, אַז שוין לאַנג, גאַנץ לאַנגע חדשים צוריק, האָט זי מיט זשערמאַנדעלן נאָר אַלס גוטער פריינט געלעבט, און ער האָט דערין געגלויבט. באַזונדערס האָט ער דאָך אַצינד יענעם אָפּגענאַרט, און די איבערגעוויכט אַליין האָט אים שוין פאַרגעניגן פאַרשאַפט. ער האָט זיך שפּעטער דערוואוסט, אַז פעליציע האָט נאָכן ענדיקן דאָס צווייטע יאָר שטודירן אין דער דראַמאַטישער שולע, אויך דעם פּראָפעסאָר נישט אָפּגעזאָגט אין איר גענאָד. די ווייטיק אָבער, וואָס דאָס האָט אים פאַרשאַפט, איז אַ סך פאַרלייכטערט געוואָרן דורכן גרויסן פאַרגעניגן, וואָס ער האָט לעבן איר גענאָסן. איצט אָבער האָט ער אומנאַטירלעך געליטן, צוליב ראָבערט דעלינין, פון אַ געוויסער צייט אָן פלעגט ער אים כסדר טרעפן לעבן פעליציען. ער האָט אויך נישט געקאָנט צווייפלען אין דעם, אַז פעליציע ליבט ראָבערטן, און אויב ער האָט נאָך טיילמאָל געטראַכט וועגן דעם, אַז זי האָט זיך אים נאָך נישט אָפּגעגעבן, איז דאָס נאָר געווען אַן אומזין, וואָס ער האָט אַליין אויסגעטראַכט, כדי זיינע ליידן פון צייט צו צייט אַ ביסל צו פאַרלייכטערן.

אפלאָדיסמענטן האָבן זיך דערהערט אינם סעאַטער־זאַל, און די הערן אין די לאָזשעס האָבן שטיל מיט די הענט געפּאַטשט, איינרוימענדיק איינער דעם צווייטן עפּעס איינצייטיק. נאָנטייל האָט איצט אירע לעצטע ווערטער געזאָגט דער שוישפּילער־ פערין.

— בראַוואָ, בראַוואָ! די קליינע איז גרויסאַרטיק! — האָט פּרוי דולק אַ זיפץ געטון.

שעוואַליערן האָט דער שגעון פון אייפערזוכט באַהערשט, און פון אים אַ שלעכטן פּריינט געמאַכט.

ער האָט מיטן פינגער זיין שטערן אָנגערירט און אַ זאָג געטון:

— זי שפּילט מיט דעם, שפּילן דאַרף מען אָבער מיט דעם.

און ער האָט דערביי די האַנט אויפן האַרץ אַרויפגע־ לייגט.

— אַ דאַנק, אַ גרויסן דאַנק דיר מיין פּריינט — האָט פרוי דולק אים שטיל געזאָגט, ווייל זי האָט עס אָנגענומען פאַר אַ קאָמפּלימענט, וואָס איז ספּעציעל צו איר געווענדט.

ווייל זי פלעגט טאָקע שטענדיק דערקלערן, אַז נאָר דאַ־ מאָלס שפּילט מען גוט, ווען מען שפּילט מיטן האַרץ; זי פלעגט אויך זאָגן, אַז, אויב מען וויל אויסדריקן אַ ליידנשאַפט שאַרפער, דאַרף מען זי איבערלעבן, אַז מען דאַרף פילן אַלע איינדריקן, וואָס מען וויל שאַפן.

זי פלעגט טאָקע מיט פאַרגעניגן שטענדיק זיך אַלס ביי־ שפּיל שטעלן און דערציילן, אַז אין דער צייט, ווען זי האָט אַמאָל, שפּילנדיק אַלס טראַגישע קעניגין, אויסגעטרונקען אויף דער סצענע אַ בעכער סם, האָט זי זיך נאָכדעם אַ גאַנצע נאַכט געקאָרטשעט פון ווייטיק. דאָך פלעגט זי אויך זאָגן, אַז די דראַמאַטישע קונסט, איז אַ קונסט פון נאָכמאַכן, און צום בעסטן קאָן מען נאָר נאָכ־ מאַכן די געפילן, וואָס מען לעבט אַליין איבער. כדי צו שילדערן און איבערצייגן יענעם אין איר מיינונג, פלעגט זי־

שטענדיק געפינען בײשפּילן אין איר טריאומפירנדע קאַריע־רע.

זי האָט טיף אָפּגעזיפצט.

— די קלײנעקע איז אויסערגעװײנטלעך טאַלאַנטפול. עס איז נאָר אַ גרויסער שאָד, װאָס זי האָט אָנגעטראָפן אויף שלעכטע צײטן. אַצינד איז שוין נישטאָ נישט קײן פּובליקום, נישט קײן קונסט, נישט קײן טעאַטער און נישט קײן אַרטיסטן. די קונסט טרעט אַרײן אין איר אונטערגאַנגס־עפּאָכע.

שעװאַליער האָט מיטן קאָפּ אַ שאָקל געטון.

— דערבאַרעמט אײך נישט אַזױ איבער איר — האָט ער געזאָגט — זי װעט סײ װי דערגרײכן אַלץ, װאָס זי װעט נאָר װעלן, זי װעט האָבן דערפאָלג און אויך קאַפּיטאַל. זי איז אײן אַנטשלאָסענע און אַנטשלאָסנקײט ברענגט צו אַלצדינג, אין דער צײט, װאָס מענטשן מיט געפיל בלײבט איבער נישט מער, װי נאָר זיך אָנצובינדן אַ שטײן אין האַלז און אין טײך אַרײן זיך װאַרפן. איך אָבער װעל אויך הויך שטײגן און װעל אויך װערן אַנטשלאָסן און כיטרע.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט און איז אַרויסגעגאַנגען, נישט װאַרטנדיק ביזן סוף פון דער פאָרשטעלונג. אין פּעליציעס גאַרדע־ראָבע־צימער האָט ער איצט נישט געװאָלט אַרײנגײן, אויס מורא, ער זאָל נישט טרעפן דאָרט דע־ליני, װעמענס בליק עס איז אים געװען אומדערטרעגלעך, און אויך דערפאַר, װײל אַזױ אַרום האָט ער זיך געקאָנט אײנרעדן, אַז דע־ליני איז דאָרט איצט נישטאָ.

צוליב דעם, װאָס פּעליציעס דערװײטערן זיך האָט אים פאַרשאַפט פיזישע שמערצן, האָט ער אָנגעהויבן אויס אומגעדולד הין און צוריק צו שפּאַצירן דורך די לײדיקע און פינסטערע גאַ־לעריעס פון „אָדעאָן”. אַזױ געשפּרײזט האָט ער אַ פיר פינף מאָל, נאָכדעם איז ער אַראָפּגעגאַנגען פון די טרעפּ און זיך געװענדט אין דער ריכטונג פון דע־מעדיציס־גאַס, די סטאַנגרעטן האָבן גע־דרימלט אויף די קאָזשלעס פון די קאַרעטעס, צװאַרטנדיק, ביז די

פאָרשטעלונג וועט זיך ענדיקן, און די לבנה-שיין האָט זיך געגאָסן אויף די הויכע בוימער-שפּיצן.

מיט אַ קליין ביסל זיסע און אומזיניקע האָפענונגען איז ער די נאכט, פּינקט ווי אין די פריערדיקע נעכט, געגאַנגען אָפּוואַרטן פּאָליציען אין איר מוטערס וואוינונג. כמעט יעדן אָוונט פלעגט ער זי דאָרט אָפּוואַרטן.

## III

פרוי נאַנטייל האָט צוזאַמען מיט איר טאָכטער פאַרנומען אַ קליינע וואוינונג אויפן [illegible]טן שטאָק אויפן סט.-מיכעל-בול־וואַר. די פענסטער זענען אַרויסגעגאַנגען אין לוקסענבורג־גאָרטן אַריין. פעליציעס מוטער האָט שעוואַליערן העפלעך אויפגענומען, זייענדיק איס זייער דאַנקבאַר דערפאַר, וואָס ער האָט פעליציען ליב געהאַט, כאָטש זי האָט אים נישט געליבט. זי האָט אפילו גאָר־נישט געוואוסט, אַז שעוואַליער איז אַמאָל געווען איר טאָכטערס געליבטער. זי האָט אים אַריינגעבעטן אין עס-צימער, וואו עס האָט אין קוימען געברענט אַ פייער.

ביי דער שיין פון לאָמפּ האָבן פון דער וואַנט אַראָפּגעבלאַנקט רעוואָלווערן און שווערדן, מיט אָפּגעגילטע העפטלעך. זיי זענען געהאָנגען אַרום אַ פרויען־פּאַנצער, וואָס אויפן אָרט פון די ברוסטן איז ער געווען אויסגעקיילעכיקט. געווען איז עס פעליציעס גע־ווער, וואָס האָט נאָך פאַריקעס יאָר, זייענדיק אַ שילערין פון דער דראַמאַטישער שולע, געשפּילט די ראָלע פון זשאַננאַ ד'אַרק. פרוי נאַנטייל, וואָס איז געווען אַן אלמנה נאָך אַן אָפיציר און די מו־[illegible] פון אַ שוישפּילערין, האָט דאָס געווער ביי זיך איבערגעלאָזט אמתער נאָמען איז אָבער געווען נאַנטייל.

— פעליציע [illegible] נאָך נישט צוריקגעקומען. איך רעכט זי

נישט, אַז זי זאָל קומען פאַר האַלבע נאַכט. זי בלייבט שטענדיק אויף דער סצענע ביזן סוף פון דער פאָרשטעלונג.

— איך ווייס, איך האָב היינט אויך געשפּילט, נאָר בלויז אינם ערשטן אַקט. פונם טעאַטער בין איך טאַקע אַרויסגעגאַנגען נאָכן ערשטן אַקט.

געשפּילט האָט מען די „באַגלייבטע מוטערס".

— פאַרוואָס זענט איר טאַקע נישט געבליבן ביזן סוף, הער שעוואַליער? מיין טאָכטער וואָלט דערפון זייער צופרידן געווען. עס איז דאָך אַזוי גוט צו האָבן גוטע פריינט אינעם זאַל, בשעת מען שפּילט.

— גוטע פריינט פעלן קיינמאָל נישט — האָט שעוואַליער אָפּגעענטפערט.

— איר האָט אַ טעות, אמתע גוטע פריינט זענען אַ זעלטנ־הייט.

— פרוי דולק האָט זיכער געמוזט זיין, אמת? איז זי צו־פרידן געווען פון פעליציען?

— איך וואָלט מיך באמת גליקלעך געפילט — האָט זי באַ־שיידן צוגעגעבן — ווען פעליציע זאָל דערפאָלג האָבן. אין איר איצטיקער לאַגע איז זייער שווער זיך הויך צו דערהייבן אָן אונ־טערשטיצונג און פּראָטעקציע! דער עלנדער קליינטשיקער איז דערפאָלג זייער נוצלעך.

אין זיין איצטיקער שטימונג איז שעוואַליער נישט אימשטאַנד געווען מיטלייד צו האָבן אויף פעליציען.

— באַאומרויִקט איך נישט — האָט ער מיט פאַרוואורף גע־זאָגט, מאַכנדיק דערביי מיט די הענט — דאָס, וואָס זי וויל, וועט זי זיכער דערגרייכן, ווייל זי איז אַ שוישפּילערין פון בלוט און פלייש, זי וועט דעריבער זיכער בלייבן אין טעאַטער אויף אַ פעסטן מעמד און אויף זיכערע פיס.

פרוי נאַנטייל האָט ליבלעך אַ שמייכל געטון.

— די פּיסלעך אירע זענען גאָרנישט אַזוי שטאַרק. פעליציע איז וואָס אָן אמת נישט קיין שוואַכע, זי דאַרף זיך אָבער צופיל

אַנשטרענגען און מאַטערט זיך זייער. צייטנווייז האָט זי קאָפּ-דרייעניש און מיגרענע.

די דינסט איז אַרייַנגעקומען און אַוועקגעשטעלט אויפן טיש אַ שיסל וואַרשט, אַ פלעשל און עטלעכע טעלערס.

שעוואַליער האָט דערווייל געזוכט אַ געלעגנהייט, ווי אַזוי אַ פרעג צו טון פעליציעס מוטער וועגן עטלעכע זאַכן, וואָס זענען אים אויף דער צונג געלעגן, פון דעם מאָמענט אָן, וואָס ער האָט דאָ די שוועל איבערגעטרעטן. ער האָט דורכאויס געוואָלט וויסן, אויב פעליציע פאַרברענגט נאָך צוזאַמען מיט זשערמאַנדעלן, וועגן וועלכן מען האָט איצט גאָרנישט דערמאָנט. אונזערע וואונטשן פאַסן זיך שטענדיק צו צו דער לאַגע, אין וועלכער מיר געפינען זיך. געפינענדיק זיך איצט אין אַ גרויס פאַרלעגנהייט און זייענדיק זייער פאַרצווייפלט, האָט ער זייער געוואָלט, אַז פעליציע, וועלכע האָט אים אויפגעהערט צו ליבן, זאָל ליב קריגן זשערמאַנדעלן, וועלכן זי פלעגט נישט זייער ליב האָבן. זיין גאַנצע האָפענונג איז באַשטאַנען אין דעם, אַז זשערמאַנדעל באַזיצט זי איצט אינגאַנצן פאַר זיך אַליין און פאַר דע-ליניין וועט ער גאָרנישט איבערלאָזן. דער בלויזער געדאַנק, אַז פעליציע ליבט זשערמאַנדעלן, איז פאַר אים שוין געווען אַ דערלייכטערונג, און ער האָט נאָר געציטערט, ער זאָל זיך נישט דערוויסן, אַז זי האָט אים שוין אַוועקגעוואָרפן.

מען קאָן דאָך אָבער נישט אויספרעגן קיין מוטער וועגן איר טאָכטערס געליבטע! ער האָט אָבער דערצו אַן עצה געפונען: ער וועט גלאַט אַזוי אָנהויבן צו רעדן מיט פרוי באַנטייל וועגן זשערמאַנדעלן, ווייל ער איז זיכער געווען, אַז פרוי באַנטייל רעכנט זיך פאַר אַ גרויסע ערע צו האָבן געזעלשאַפטלעכע באַציאונגען מיט אַ מיניסטריאַלן באַאַמטן, וועלכער איז אַ רייכער מענטש, פאַרהייראַט און דער פאָטער פון צוויי פראַכטפולע טעכטער. ער האָט נאָר געדאַרפט אַ ביסל געפינען, ווי אַזוי זשערמאַנדעלס נאָמען אין געשפרעך אַרייַנצומישן. שעוואַליער איז אָבער געפאַלן אויף אַ געדאַנק, וואָס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער איז זייער געניאַל.

— אַ, איך האָב פאַרגעסן — האָט ער אַ זאָג געטון — אַז

איך האָב אויפן וועג אהער געטראָפן פאָרן זשערמאַנדעלן אין אַ דראָושקע.

פרוי נאַנטייל האָט דערויף גאָרנישט געענטפערט.

— געפאָרן איז ער דורכן סט.-מיכעל-בולוואַר. איך האָב אים גלייך דערקענט, איך האָב מיך זיכער נישט טועה געווען.

פרוי נאַנטייל האָט ווייטער גאָרנישט געענטפערט.

— זיין בלאָנדן בערדל, זיין רויט פּנים... זשערמאַנדעלן איז גאַנץ לייכט צו דערקענען.

פרוי נאַנטייל האָט ווידער קיין שום ענטפער נישט געגעבן.

— איר פלעגט, דאַכט זיך, מיט אים אַמאָל זיין אין זייער גוטע באַציאונגען, צי זעט איר אים איצט אויך אַלעמאָל?

— דעם הער זשערמאַנדעל? יאָ, מיר זען זיך מיט אים, — האָט פרוי נאַנטייל שוואַך אָפּגעענטפערט.

דערהערנדיק די ווערטער, האָט שעוואַליערן שיער נישט אַ פרייד אַרומגעכאַפּט. אין אמתן האָט אים פרוי נאַנטייל אָפּגענאַרט און נישט געזאָגט דעם אמת. זי האָט געזאָגט ליגנט צוליב אַמ־ביציע און אויך צוליב דעם, וואָס זי האָט נישט געוואָלט אַנט־דעקן אַ געוויסן סוד, וואָס וואָלט איר הויז זיכער קיין כּבוד נישט פאַרשאַפט. דעם אמת זאָגנדיק, האָט פעליציע אוועקגעוואָרפן זשערמאַנדעלן צוליב דע-ליניִן, און זשערמאַנדעל, וועלכער איז גע־ווען אַ באַאַמטער און אַ מענטש פון דער געזעלשאַפט, האָט זיך פון דאַמאָלס אָן מער נישט געוויזן.

אויס שטאַרקער מוטער-ליבע און אויך אויס מורא, אַז איר טאָכטער זאָל קיין נויט נישט ליידן, האָט פרוי נאַנטייל, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס זי איז שוין געווען אין דער שפּעטערער עלטער, זיך אָנגעהויבן אָפּגעבן מיט אַ געליבטן. זי האָט אויפסניי אָנגעקניפּט באַציאונגען מיט טאָני מייערן, דעם אַלטוואַרג-הענדלער פון דע-קלישי-גאַס. טאָני מייער האָט אָבער זשערמאַנדעלן נישט געקאָנט פאַרטרעטן: ער האָט ווייניק געלט געגעבן. פרוי נאַנטייל וואָס איז געווען זייער אַ קלוגע פרוי און אַ מבין אויף דעם ווערט פון יעדער זאַך, האָט גאָרנישט געמורמעלט. באַזונדערס איז זי

אַזוי אויך באַלוינט געוואָרן פאַר איר מקריב זיין זיך, ווייל אין־
זעקס וואָכן צייט, זינט זי איז אַ געליבטע געוואָרן, איז זי אויפֿס
ניי יונג געוואָרן.

— זשערמאַנדעל מוז שוין נישט זיין קיין יונגער? — האָט
שעוואַליער אַ פרעג געטון.

ער איז פאַרטון געוועזן אין זיינע געדאַנקען און געוואָלט
אַרויספירן דעם שמועס אויפן ריכטיקן וועג.

— ער איז נישט קיין אַלטער — האָט פרוי נאַנטייל אָפּגע־
ענטפערט — אַ פערציק־יעריקער מאַנספערזאָן הייסט נישט קיין
אַלטער.

— איז ער נאָך נישט קיין צופיל אָפּגעניצטער?

— ניין — האָט פרוי נאַנטייל רויק אַן ענטפער געטון.

שעוואַליער האָט זיך פאַרטראַכט און איז שטיל געבליבן.
פרוי נאַנטייל איז איינגעשלאָפן. ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט אַ
ביסל דערנאָך צוליבן אַריינקומען פון דער דינסט, וואָס האָט
אַריינגעבראַכט אַ זאַלץ־מעסט? און אַ קאַרפינקע, האָט זי אַ פרעג
געטון:

— און איר, הער שעוואַליער, זענט צופרידן?

אָבער ניין, ער איז גאָרנישט צופרידן געווען. די טעאַטער־
קריטיקער האָבן זיך צוזאַמענגערעדט אים די קאַריערע צוצונע־
מען. דער בעסטער באַווייז, אַז זיי האָבן זיך פאַרלייגט אויף אים,
איז דאָס, וואָס יעדער איינער פון זיי, האָט געהאַלטן אין איין אי־
בערחזרן דאָס זעלבע: „ער באַזיצט אַן אומדאַנקבאַרע מאַסקע“.
— וואָס הייסט אַן אומדאַנקבאַרע מאַסקע — האָט ער מיט
כעס אַ געשריי געטון — זיי דאַרפן זאָגן, אַן אומגליקלעכע מאַס־
קע... איך וועל עס אייך גלייך דערקלערן. איך זע צופיל זאַכן
און דאָס פאַרשאַפט מיר אַ סך שאָדן. אינם „23־טן אָקטאָבער“, פון
וועלכן די פּרוון קומען איצט פאָר, שפיל איך די ראָלע פון
פלאָרענטין: זעקס רעפּליקיס האָב איך צו זאָגן. דאָס געשטאַלט
האָב איך ריזן־גרויס געמאַכט, איבער דער מאָס. דורוויל איז
משוגע פון אויפרעגונג, און מאַכט מיר דעם גאַנצן עפעקט קאַליע.

דער רויקער און וואוילער פרוי נאַנטייל איז געלונגען עט-לעכע טרייסט-ווערטער פאַר אים צו געפינען.

— געוויס — האָט זי געזאָגט — זענען דאָ שטערונגען, צום סוף באַזיגט מען זיי אָבער שטענדיק. איר טאָכטער האָט זיך שוין אויך אָנגעשטויסן אויפן שלעכטן ווילן פון געוויסע קרי-טיקער.

— ס'איז שוין האַלב איינס — האָט שעוואַליער אַ ביסל טרויעריק אַ זאָג געטאָן — פעליציע וועט היינט שפעט אַ היים קומען.

פרוי נאַנטייל האָט אויסגעדריקט איר מיינונג, אַז דאָס האָט זי מן הסתם דולק פאַרהאַלטן.

— פרוי דולק — האָט זי געזאָגט — פאַרנעמט זיך גע-וויינטלעך מיט אָפּפירן אַ היים פעליציען, און איר ווייסט דאָך, אַז זי איילט זיך קיינמאָל נישט.

שעוואַליער האָט זיך אויפגעשטעלט און זיך געמאַכט, ווי ער וויל שוין אַוועקגיין.

פרוי נאַנטייל האָט אים פאַרהאַלטן.

— בלייבט נאָך אַ ביסל. פעליציע קומט באַלד צוגיין. זי וועט זיך דערפרייען, ווען זי וועט אייך דאָ דערזען. איר וועט צו-זאַמען מיט איר עסן אָוונט-ברויט.

פרוי נאַנטייל האָט ווידער איינגעדרימלט אויף דער שטול. שעוואַליער האָט זיך שווייגנדיק איינגעקוקט אינם זייגער, וואָס איז געהאָנגען אויף דער וואַנט. און וואָס מער דער ווייזער האָט זיך גערוקט פאַראויס, אַלץ מער האָט ער געפילט, אַז אַ ברענענדיקע וואונד צעוואַקסט זיך ביי אים אין דער ברוסט. יעדע באַוועגונג פון אומרו האָט אים טיף, טיף אָנגערירט און זיין איי-פערזוכט געוועקט. יעדער טיק-טאַק האָט אים אָנגעצייכנט די מי-נוט, וואָס נאַנטייל פאַרברענגט צוזאַמען מיט דע-לינין, ווייל ער איז שוין זיכער געווען, אַז זיי זענען אַצינד צוזאַמען. די שטיל-קייט פון דער נאַכט, וואָס איז נאָר איבערגעריסן געוואָרן דורכן קלאַפּן פון די דראָזשקעס, וואָס זענען אַדורכגעפאָרן איבערן בול-

האָר, האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט די בילדער און השערות, וועל־כע האָבן אים שרעקלעך געפּייניקט. ער האָט זיי גוט געזען.

אויפכאַפּנדיק זיי פּלוצלינג פון געזאַנג, וואָס האָט זיך דער־הערט פון דער גאַס, האָט פרוי באַנטייל ווייטער אַנטוויקלט איר געדאַנק, ביי וועלכן זי האָט זיך געהאַט פריִער אָפּגעשטעלט.

— איך זאָג דאָס אַלעמאָל פּאָליציען: מען דאַרף נאָר נישט דעם מוט פאַרלירן. עס טרעפן זיך אין לעבן שרעקלעכע טעג...

שעוואַליער האָט מיט אַ מאַך פון דער האַנט באַשטעטיקט, אַז עס זענען טאַקע דאָ שלעכטע טעג. די אָבער, האָט ער געזאָגט, וואָס ליידן, באַקומען דאָס, וואָס זיי האָבן זיך אַליין פאַרדינט; איין רגע איז אָבער גענוג, צו פטרן אַלע אומאָנגענעמלעכקייטן, וואָס קוועלן אונז, איז עס נישט אמת?

פרוי באַנטייל האָט דערמיט מסכּים געווען:

— געוויס טרעפן פּלוצלינגע דערפאָלגן, איבערהויפּט אין טעאַטער.

— אויב עס מיינט ווער, אַז איך ערגער מיך צוליבן טע־אַטער... — האָט ער מיט אַ פאַרשטיקטער שטימע אָנגעהויבן — וואָס אָנבאַלאַנגט דעם טעאַטער, בין איך גאַנץ זיכער, אַז איך וועל מיך דערשלאָגן צו זייער אַ גוטע שטופּ. וואָס קומט אָבער אַרויס פון דעם, וואָס מען איז אַ גרויסער אַרטיסט, אַז מען איז נישט גליקלעך. עס טרעפן נאַרישע אומאָנגענעמלעכקייטן, וואָס, זענען אָבער שרעקלעך. עס זענען דאָ אינם לעבן אַזעלכע ליידן וואָס שלאָגן אין די שלייפן, מיט גאַנץ קליינ: און מעסיקע באַ־וועגונגען, נישט שטאַרקער, ווי דער טיק־טאַק פונם זייגער, און וועלכע קאָנען דאָך דעם מענטש צו שגעון צוברענגען.

ער האָט אויפגעהערט צו רעדן. דער טרויעריקער בליק פון זיינע איינגעפאַלענע אויגן איז שטיין געבליבן אויפן געווער, וואָס איז אויף דער וואַנט געהאָנגען. דערנאָך האָט ער ווידער אָנגעהויבן:

אויב מען טראָגט לאַנג איבער די נאַרישע אומאָנגענעמלעכ־קייטן און קאָמישע ליידן, איז מען אַ פּחדן.

און האָט גלייכצייטיק מיט דער האַנט אָנגערירט דאָס שייטל פונם רעוואָלווער, וואָס איז געלעגן ביי אים אין קעשענע.

פרוי באַנטייל האָט אים רויִק אויסגעהערט. זי האָט זיך גלייכצייטיק באַמיט, נישט צו ווערן וויסן וועגן וואָס ער האָט איר געוואָלט דערציילן. דאָס איז געווען איר איינציקע קענטעניש אינם לעבן.

— אַ שרעקלעכע זאַך — האָט זי אַ זאָג געטון — איז אויך די קיך. פעליציען שמעקט עפּעס גאָרנישט. איך ווייס נישט, וואָס איך זאָל איר קאָכן.

דער שלעפעריקער שמועס האָט זיך פון איצט אָן נאָר געהאַלטן מיט איינצלנע ווערטער. פרוי באַנטייל, די דינסט, דאָס פייער, דער לאָמפּ און די שיסל מיטן וואָרשט, דאָס אַלץ, וואָס האָט אַזוי שלעפעריק און טרויעריק אויסגעזען, האָט איצט געוואַרט אויף פעליציען. דער זייגער האָט געשלאָגן אייגס. שוואָליערס ליידן זענען געוואָרן שרעקלעך, ער איז אָבער געווען רויִק און איז אויך גענוג זיכער געווען. דאָס קלאַפּן פון די אַלץ-ווייניקער דורכפאָרנדע דראָזשקעס איז דייטלעכער געוואָרן. איין דראָזשקע האָט זיך פאַרן הויז אָפּגעשטעלט. אין אַ מינוט אַרום האָט זיך דערהערט דאָס גרילצן פונם שליסל אין שלאָס, דאָס קלאַפּן מיט דער טיר און לייכטע טריט אינם קאָרידאָר. דער זייגער האָט געוויזן 23. 1. מיט אַמאָל האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ צעמישונג און צוגלייך אויך אַ האָפנונג. דאָס איז זי דאָך! ווער ווייסט, וואָס זי וועט זאָגן! עס קען זיין, אַז זי וועט פּרובירן דערקלערן איר פאַרשפּעטיקונג אויף אַ גאַנץ נאַטירלעכן אופן.

פעליציע איז אַריינגעקומען אינעם עס-צימער מיט צעוואָרפענע האָר, פינקלדיקע אויגן, פורפור-רויטע פאַרקנייטשטע ליפּן, אָפּגעמאַטערט, גלייכגילטיק, שווייגנדיק, גליקלעך און שיין. זי האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט אויסטערן מאַנטל, וואָס זי האָט געהאַלטן איןביידע הענט, באַהאַלטן איר איבעריק ביסל וואַרעמקייט און פאַרגעניגן.

— איך האָב שוין אָנגעהויבן אומרויִק ווערן — האָט די מוטער אַ זאָג געטון. — דו וועסט דיך נישט אויסטון?

— איך בין זייער הונגעריק — האָט זי אָפּגעענטפערט.

זי האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ שטול לעבן אַ קליין קיילעכדיק טישל. פאַרוואַרפנדיק דאָס מאַנטל אַ הינטער זיך, האָט זיך באַוויזן איר איידל-אָנגעצייכנטער ביוסט, וואָס איז צוזאַמענגעצויגן געווען אינם באַשיידענעם שוואַרצן קליידל, אין וועלכן זי איז געווען אָנגעטון, און אָנשפּאַרנדיק דעם לינקן עלנבויגן אויף דער צעראַטע, וואָס האָט דעם טיש פאַרדעקט, האָט זי אָנגעהויבן אַרייַנצושטעכן דעם גאָפּל אין די וואורשטלעך.

— האָט זיך היינט עפּעס גוט איינגעגעבן? — האָט פרוי באַנטייל אַ פרעג געטון.

— זייער גוט.

— זעסט: שעוואַליער איז געקומען מיט דיר אין געזעלשאַפט צו פאַרברענגען. פון זיין זייט איז עס זייער שיין, אמת?

— אַ, שעוואַליער... לאָז ער זיך זעצןביים טיש.

און בעת ענטפערנדיק מער אויף דער מוטערס פראַגן, האָט זי אָנגעהויבן עסן מיט חשק. דערנאָך האָט זי שוין אַוועקגערוקט פון זיך דעם טעלער, און אַרונטערבייגנדיק זיך איבער דער שטול, האָט זי מיט פאַרמאַכטע אויגן און אָפן מויל, זיך צעלאַכט מיט אַזאַ געלעכטער, וואָס איז זייער ענלעך געווען צו אַ קוש.

אויסטרונקענדיק איר ווייַן, האָט זיך פרוי באַנטייל אויפגעהויבן.

— איר וועט מיר אַנטשולדיקן, הער שעוואַליער — איך האָב איניקע רעכנונגען צו ענדיקן.

מיט די ווערטער פלעגט זי זיך שטענדיק באַנוצן, ווען זי פלעגט זיך וועלן גיין שלאָפן לייגן.

פאַרבלייבנדיק אליין אין צימער מיט פעליציען, האָט שעוואַליער האַסטיק און אויפגערעגט אַ זאָג געטון:

— דאָס איז נאַריש, נידערטרעכטיק, איך האָב דיך אָבער ליב ביז משוגעת... הערסט פעליציע?

— געוויס הער איך. דאַרפסט נישט שרייען אַזוי הויך.

— דאָס איז קאָמיש, אמת?

ניין, דאָס איז נישט קאָמיש, דאָס איז...

זי האָט נישט געענדיקט. ער האָט זיך צונויפגעצויגן ... זיך צוזאַמען מיט זיין שטול נענטער צוגערוקט צו איר.

— דו ביסט צוריקגעקומען אַ זייגער 25 ! דע-ליגי האָט זיך אָפּגעפּירט. דאָס ווייס איך זיכער. אין אַ דראָזשקע האָט ער דיך אָפּגעפּירט. איך האָב געהערט, ווי די דראָזשקע האָט זיך פאַרן הויז אָפּגעשטעלט.

זי האָט גאָרנישט געענטפערט.

— זאָג, אַז נישט!

זי האָט ווייטער געשוויגן.

— זאָג, אַז נישט — איז ער צוגעשטאַנען צו איר און אי-בערגעחזרט, כמעט בעטנדיק זיך.

ווען זי וואָלט געוועזן געוואָלט, האָט זי מיט איין וואָרט, מיט איין קליינער באַוועגונג פונם קאָפּ אָדער פון די הענט, געקעגט מאַכן אים פאָלקאָם באַפרידיקט, כמעט גליקלעך. זי איז אָבער גע-זעסן פאַרזונקען אין אַ שלעכטן הומאָר.

מיט צונויפגעפרעסטע ליפּן און קוקנדיק אינם ווייטן חלל, האָט זי אויסגעזען, ווי זי וואָלט פאַרזונקען געווען אין אַ שלאָף.

ער האָט אַ טיפן זיפץ געטון.

— וואָס פאַר אַ נאַר איך בין, וואָס איך האָב גאָרנישט קיין קלער געטון וועגן דעם, איך האָב גערעכנט, אַז דו וועסט אַהיים קומען, ווי שטענדיק, מיט פרוי דולק, אָדער גאָר אַליין... ווען איך זאָל געוועזן וויסן, אַז דו וועסט זיך לאָזן אָפּפירן דורך זעם פאַרשוין...

— וואָס וואָלסטו אַזעלכעס געווען געטון, ווען דו וואָלסט געווען געוואוסט?

— איך וואָלט אייך געווען נאָכגעגאַנגען.

זי האָט האַרט אַ קוק געטון אויף אים מיט אירע העלע אויגן.

— איך פאַרוואַר דיר דאָס, דו הערסט? ווען איך זאָל מיך אַמאָל ערקונדיקן, אַז דו האָסט מיר נאָכשפּאַצירט, וועסטו מיך שוין מער נישט אָנקוקן, פאַר אַלעם, האָסטו דערצו אויך נישט קיין

רעכט. איך מעג, דאַכט זיך, טון אַלץ, וואָס מיר גלוסט זיך נאָר.

— איך האָב נישט קיין רעכט? איך האָב נישט קיין רעכט? — האָט ער, ווערגנדיק זיך, קוים אַרויסגעשטאַמלט. — דו זאָגסט, אַז איך האָב נישט קיין רעכט?

— ניין, דו האָסט נישט קיין רעכט, און באַזונדערס — וויל איך נישט.

אויף איר געזיכט האָט זיך באַוויזן אַן אויסדרוק פון עקל.

— עס איז נידערטרעכטיק באַכצושפּיאָנירן אַ פרוי, אויב דו וועסט פּרוּוון אַפילו נאָר איין איינציק מאָל זיך צו וועלן ערקונדיקן וואוהין איך גיי, וועל איך דיך אַרויסוואַרפן היגטער דער טיר, און טאַקע באַלד.

— הייסט עס אַלזאָ — האָט ער דערשטיקנט אַרויסגעשעפּטשעט — אַז מיר זענען שוין איינער פאַר דעם צווייטן גאָרנישט. איך בין שוין פאַר דיר גאָרנישט... מיר האָבן נישט געלעבט צוזאַמען... פעליציע, דערמאָן זיך נאָר...

— וואָס האָב איך מיך צו דערמאַנען? — האָט זי אומרויִק אַ פרעג געטון.

— פעליציע, גיב נאָר אַ טראַכט וועגן דעם, אַז דו האָסט דיך מיר איבערגעגעבן.

— דו וועסט דאָך אָבער נישט פאַרלאַנגען, מיין טייערער, אַז אַ גאַנצן טאָג זאָל איך נאָר וועגן דיר קלערן. דאָס וואָלט דאָך געווען נישט ווי געהעריק.

איין מאָמענט האָט ער זי אָנגעקוקט מער נייגעריק ווי בייז, נאָכדעם האָט ער זיך, האַלב פאַרביטערט און האַלב ווייך, אָנגערופן:

— אָ, דו ביסט שוין איינמאָל האַרט! דו קענסט אַזוי בלייבן, פעליציע! ׳מעגסט זיין האַרט, וויפיל דו ווילסט נאָר! וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָט דאָס אָבער קעגן דעם, וואָס איך ליב דיך. דו געהערסט נאָר צו מיר. איך נעם דיך צוריק. דו מען און פאַרהאַלטן לעבן זיך. איך קאָן נישט ליידן, ווי אַן נע-דע חיה. הער מיך אויס: איך וועל אין אַלעם פאַרגעסן. אונזער עלנ-ליבע וועט אויפסניי זיך אָנהייבן, און פונם איצטיקן מאָל אָ, וועט

שוין אַלץ גוט זיין. אויף שטענדיק וועסטו שוין צו מיר געהערן נאָר צו מיר אַליין. דו ווייסט דאָך, איך בין אַן אָרנטלעכער מענטש. אויף מיר קאָנסטו דיך פֿאַרלאָזן. אַזוי ווי איך באַקום נאָר אַ שטע־לע, האָב איך מיט דיר גלייך חתונה.

זי האָט אויף אים אַ קוק געטון מיט אַן אויסדרוק פֿון דער־שטוינונג און פֿאַראַכטונג. שעוואַליער האָט דאָס אָנגענומען אַלס אַ צווייפֿל פֿון איר זייט, וועגן זיין דראַמאַטישער קאַריערע, ווילנ־דיק זי דעריבער אַ ביסל צעשטרייען, האָט ער, אויסגלייכנדיק זיך אויף זיינע צוויי גרויסע פֿיס, ווייטער אָנגעהויבן:

— דו גלויבסט נישט אין מיין שטערן, פּעליציע? דו טוסט דערמיט זייער שלעכט. איך פֿיל, אַז איך בין פֿעיִק צו גרויסע שאַפֿונגען. לאָז מען מיר נאָר געבן אַ וויכטיקע ראָלע, וועלן זיי זיך גלייך איבערצייגן. נישט נאָר קאָמעדיעס, טראָג איך אין זיך, נאָר אויך דראַמאַטן, טראַגעדיעס... יאָ, יאָ, טראַגעדיעס! איך קאָן אויך דעקלאַמירן, אין אַזאַ טאַלאַנט, איז היינט אַ זעלטנהייט. נאָר מיין נישט אויך, פּעליציע, אַז מיט מיין פֿאַרלייגן דיר חתונה האָבן, באַליידיק איך דיך! קיינמאָל אין דער וועלט נישט! אַ ביסעלע שפּעטער, ווען די זאַך וועט מעגלעך זיין, און ווען די צייט וועט פּאַסיק זיין, וועלן מיר חתונה האָבן. קיין שום זאַך יאָגט דאָך אונז אייגנטלעך נישט. מיר וועלן זיך דערווייל איינאָרדענען, אַזוי ווי דאַמאָלס אויף דער מאַרטירס־גאַס... געדענקסט, פּעליציע, ווי גליקלעך זענען מיר דאַמאָלס געווען. דאָס בעטל איז נישט ברייט געווען — עס שאַדט גאָרנישט, האָבן מיר ביידע געזאָגט. איך האָב איצט צוויי שיינע צימערן אויף דע־לאַ־מאָנטאַן סענט זשענעוויעווע־גאַס הינטער סענט עטיען דע־מאָן. אַלע וועגט זענען באַהאָנגען מיט דיינע פֿאָטאָגראַפֿיעס. דו וועסט דאָרט דאָס בעטל פֿון דע־מאַרטירס גאַס אויך טרעפֿן. האָרך אויס. איך האָב שוין צופֿיל געליטן... מער ליידן קאָן איך נישט. איך פֿאַרלאַנג, אַז די זאָלסט געהערן צו מיר, נאָר צו מיר אַליין.

אין דער צייט, ווען ער האָט אַזוי אָן אויפהער גערעדט, איז פּעליציע צום קוימען צוגעגאַנגען נאָך די קאָרטן, מיט וועלכע

איר מוטער פלעגט יעדע נאכט שפּילן, און האָט זיי אָנגעהויבן גלייך לייגן אויפן טיש.

— צו מיר אַליין... הערסט פעליציע?

— לאָז מיך צורו, איך לייג גלייך די קאָרטן צום פּאַס־יאַנס*)

— הער, פעליציע, איך פאַרלאַנג פון דיר, אַז דו זאָלסט מער נישט אויפנעמען אין דיין גאַרדעראָבע־צימער דעם שוטה...

— אַלע סטקעלע זעגען פון אונטן, — האָט זי, צוקוקנדיק זיך צו די קאָרטן, שטיל געזאָגט.

— אַזוי איז עס, דעם שוטה. ער איז אַ דיפּלאָמאַט, און דאָס גאַנצע אויסערן מיניסטעריום איז איצט אַן אַנשטאַלט פאַר עמי־הארצים.

ער האָט העכער אָנגעהויבן:

— פעליציע, אין דיין אינטערעס, צוגלייך ווי אין מיינעם, האָרך מיך...

— שריי נישט אַזוי, די מאַמע שלאָפט דאָך.

— געדענק, אַז איך וויל נישט, אַז דע־ליניי זאָל זיין דיין געליבטער — האָט ער שוין שטילער אַ זאָג געטון.

— און אויב, ער איז שוין מיין געליבטער?

ער האָט זיך צוגערוקט צו איר אויף איין טריט, מיט אַן אויפגעהויבן בענקל, און מיט אַ בליק פון אַ משוגענעם, האָט ער אויף איר אַ קוק געטון.

— אויב ער איז, וועט ער דאָס לאַנג נישט זיין.

ער האָט אַראָפּגעלאָזט דאָס בענקל.

פעליציען האָט אַ שרעק אַרומגעכאַפּט.

זי האָט געפּרוווט אַ שמייכל טון.

— דו זעסט דאָך, אַז איך שפּאַס. — האָט זי געזאָגט.

אָן איבעריקער אָנשטרענגונג, האָט זיך איר איינגעגעבן אים איבערצוצייגן, אַז געזאָגט האָט זי נאָר אַזוי, כּדי צו באַשטראָפן

---

*) אַ״אַ שפּיל.

אים, ווייל ער איז געווען אומ־ערטערעגלעך. ער האָט זיך באַרויקט. זי האָט אים אַ זאָג געטון, אַז זי איז זייער מיד, אַז זי פּאַלט פון מידעקייט. ערשט דאַמאָלס האָט ער זיך דעצידירט פון איר אַוועק־צוגיין. שוין אויף דער שוועל שטייענדיק, האָט ער זיך ערשט אויס־געדרייט און אַ זאָג געטון:

— פעליציע, אויב דו ווילסט אויסמיידן אַן אומגליק, ראַט איך דיר, דו זאָלסט זיך מער מיט די עלינין נישט זען.

— קלאַפּ אָן צום סטרוזש, וועט ער דיר עפענען — האָט זי אים דורך דער אָפּגעלענטער טיר נאָכגעשריגן.

# IV

אינם טונקעלן טעאַטער-זאַל, זענען די באַלקאָנען און לאָזשעס פאַרהאַנגען געווען מיט גרויסע שטיקער לייוונט, די שטולן זענען פאַרשטעלט געווען מיט אַ גרויסער פאָרהאַנג, וואָס איז אין די זייטן, אָבער, אַ ביסל אונטערגעהויבן געווען, כּדי די קליינע, צאָל מענטשלעכע פיגורן, וואָס מען האָט קוים אין דער פינסטערקייט דערקענט, ווי: שוישפּילערס, מאַשיניסטן, קאָסטיום-אַנטוערס, דעם דירעקטאָרס פריינט און די מיטערס און געליבטע פון די שוישפּילערס, זאָלן האָבן די מעגלעכקייטן צו זען דאָס, וואָס עס טוט זיך אויף דער בינע. אין דער טונקעלער פּאַרטער-אָפּטיילונג האָבן אויגן אין פאַרשידענע ערטער געפינקלט.

צום זעקס-און פופציקסטן מאָל האָט מען געגעבן די פּראָבע פון דער „נאַכט פונם 23-טן אָקטאָבער 1812 יאָר", אַן אַלטע וועלט-באַרימטע דראַמע, וואָס איז אין דעם טעאַטער נאָך נישט געשפּילט געוואָרן. די פּיעסע האָט מען שוין געקאָנט, און אויפן צווייטן טאָג איז באַשטימט געוואָרן די לעצטע גענעראַל-פּראָבע.

באַנטייל האָט אין דער פּיעסע קיין אַנטייל נישט גענומען. זי האָט אין דעם טאָג בלויז געהאַט אַ געוויסן ענין צו דערליידיקן אינם טעאַטער. און אַזוי ווי מען האָט איר געזאָגט, אַז מאַריאַ-קלאַראַ האָט זייער מיאוס געשפּילט איר ראָלע פון גענעראַל

מאַלעטס פרוי, איז זי אַ ביסל לענגער געבליבן, כדי זיך צו צו-
קוקן פונם לאָזשע-ווינקל, וואו זי איז פאַרשטעקט געווען.
ס'האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע סצענע פונם צווייטן אַקט.
די דעקאָראַציע האָט פאַרגעשטעלט אַ בוידעם-שטיבל אין אַ סאַ-
נאַטאָריום, וואו אַ פאַרשווערער איז געזעסן אַרעסטירט. אויף
דער סצענע האָט זיך באַוויזן דורוויל, וואָס האָט געשפּילט די ראָ-
לע פונם גענעראַל מאַלעט. געקליידט איז ער געווען אין אַ לאַנגגען
גראַנאַטענעם סורדוט מיט אַ הויכן קאָלנער, וואָס האָט אַזש אַי-
בער די אויערן דערגרייכט, און אין זאַמד-קאָלירטע הויזן מיט לאַמ-
פּאַס. דאָס פּנים איז שוין ביי אים געווען גרימירט: אַ גלאַטיק,
אינגאַנצן אַ זעלנעריש פּנים, פון דער קיסרישער עפּאָכע, מיט אַ
האָזן-ליפּ, וואָס איז איבערגעגאַנגען בירושה פון די זיגער ביי אויס-
טערליץ צו זייערע זין, שטאָט-איינוואוינער, פון דער יולי-עפּאָכע.
געשטאַנען איז ער אָנגעשפּאַרט מיטן רעכטן עלנבויגן אויף דער
לינקער האַנט און מיט דעם שטערן אויף דער רעכטער האַנט. אין
דער פּויזע האָט ער אַרויסגעוויזן די גאַנצע גאווה, וואָס האָט זיך
אָנגעזאַמלט אין אים, צוליב זיין טיפער שטימע און זיינע ענג-גע-
פּאַסטע הויזן.

— איינער אַליין, אָן געלד, גלייך פון טורמע אַרויס צו
וואַרפן זיך אויף דעם ריז, וואָס פירט אָן מיט אַ מיליאָן זעלנער,
פאַר וועלכן אַלע פעלקער און קעניגן פון איראָפּאַ ציטערן . . .
דער העלד וועט זיכער פאַלן!

פון דער טיף פון דער סצענע האָט זיך דערהערט די רעפּ-
ליקע פון אַלטן מאַריס, וועלכער האָט געשפּילט די ראָלע פונם פאַר-
שווערער זשאַקמאַן:

— אומפאַלנדיק קאָן ער אונז צערייבן.

אויבן זאָל האָבן זיך פלוצלינג דערהערט פאַרביטערטע און
טרויעריקע געשרייען. דאָס האָט זיך דער אויטאָר פון דער פּיעסע
אַזוי צעבייזערט. געווען איז ער אַ זיבציק-יעריקער מאַן, וואָס האָט
נאָך גענוג יוגנטלעכקייט און טעמפּעראַמענט פאַרמאָגט.

— וואָס זע איך דאָרט? — האָט ער געדונערט — דאָס איז
גאָר נישט קיין שוישפּילער נאָר אַ קיימען. מען וועט מוזן בעלי-

מלאכות אַהערברענגען אים צו צונעמען... מאָורי, רירט איך, צום טייוול!

מאָורי איז דורכגעגאַנגען דורך די סצענע.

— „אומפאַלנדיק קאָן ער אונז צערייבן". איך ווייס, אַז דאָס וועט נישט זיין דיין שולד, גענעראַל. דיין פּראָקלאַמאַציע איז הערלעך. דו זאָגסט זיי צו קאָנסטיטוציע, פרייהייט, גלייכהייט... דאָס איז מאַכיאַוועליזם!

— פונם ריינסטן וואַסער. די דאָזיקע נידערטרעכטיקע מענטשן גרייטן זיך צו פאַרגוואַלטיקן די שביעה, וואָס זיי האָבן נאָך נישט באַלייגט, און צוליב דעם, וואָס זיי זאָגן ליגנס, דאַכט זיך זיי, אַז זיי זענען מאַכיאַוועליסטן... וואָס־זשע וואָלט געווען אין אייערע הענט, די אַבסאָלוטע מאַכט, נאַראָנים?

— איר האָט נישט געכאַפּט דעם געהעריקן טאָן, דורוויל — האָט דער אויטאָר אָנגעהויבן צו קרעכצן.

— איך? — האָט זיך דורוויל איבערראַשט, אַ פרעג געטון.

— יאָ, איר, דורוויל. איר פאַרשטייט נישט קיין איין וואָרט, וואָס איר זאָגט.

כדי צו דערנידעריקן די שוישפּילערס און זייער גלאַנץ פאַרטונקלען, האָט דער דאָזיקער מענטש, וועלכער האָט נאָך אין זיין לעבן נישט געהאַט פאַרגעסן די פאַמיליען־נעמען פון אַ גאַסן־סוחרטע אָדער פון אַ לאַקיי, דאָך נישט איינגעוויליקט, צו געדענקען די פאַמיליען־נעמען פון די באַרימטסטע אַרטיסטן.

— דורוויל, הייב עס אָן, פריינט, נאָכאַמאָל פון אָנהייב.

ער האָט געקאָנט אַלע ראָלן שפּילן, אַלעמאָל אַנדערש, פריילעך, טרויעריק, גוואַלטיק, גערירט, באַפעלעריש, געצערטלט. ער האָט געקאָנט רעדן אויף אַ גראָב קול און באַלד איבערגיין אויף אַ דינס. ער האָט געזיפצט, געשריגן, געלאַכט און געוויינט.

ער האָט זיך געענדערט, ווי יענץ מענטשל אין דער פאָלקס־לעגענדע, דאָ איז פון אים געוואָרן אַ פייער, דאָ אַ טייך, דאָ איז ער געווען אַ פרוי און באַלד איז פון אים געוואָרן אַ טיגער.

די שוישפּילערס, וואָס זענען געשטאַנען צווישן די קוליסן, האָבן גערעדט צווישן זיך גאַנץ קורצע, נישט באַדייטנדיקע ווערטער. נישט קוקנדיק אויף זייער אייגנאַרטיקער פרייהייט פון אַרויסזאָגן זיך, נישט קוקנדיק אויף זייערע אויפפירונגען און געוואוינהייטן, האָבן זיי דאָך נישט געקאָנט נאָך לויז ווערן, פון דער געוויסער דאָזע היפּאָקריזיע, וואָס איז אַזוי נויטיק ביי יעדן צוזאַמענקומען זיך פון מענטשען, כדי זיי זאָלן קאָנען קוקן אויף זיך קעגנזייטיק אָן עקל אָדער פאַרדרוס. אין דער קונסט-געביידע האָבן אויך געהערשט אַלערליי סימנים פון שלום און האַרמאָניע, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן דורכן פעסטן אָדער שוואַכן געדאַנק פונם או טאַר. עס האָט געהערשט עפּעס אַזוי ווי אַ גייסט פון אָרדענונג, וואָס האָט באַפוילן אַלערליי ריוואַליזאַציעס און שלעכטן ווילן, איבערגעאַנדערשט צו ווערן אויף איידעלע צוזאַמענאַרבעט און גוטן ווילן.

ווען זי האָט זיך דערמאָנט, אַז שעוואַליער געפינט זיך זייער נאָנט לעבן איר, האָט זיך באַנטייל נישט גוט געפילט אין איר לאָזשע. ער האָט זיך איר פאָרגעשטעלט נאָך פון אייערנעכטן, פון יענער נאַכט, ווען ער האָט איר געוואָרפן אַ טרויעריקע דראָונג און די שרעק, וואָס זי האָט דאַמאָלס דערפילט, האָט אין איר איצט אויפגעלעבט. „פעליציע, אויב דו ווילסט אויסמיידן אַן אומגליק, עצה איך דיר, מער מיט דע-ליבין זיך נישט צו זען". וואָס זאָל דאָס באַדייטן? זי האָט זיך וועגן דעם גאַנץ ערנסט פאַרטראַכט. דער בחור, וואָס האָט ערשט נעכטן איר אויסגעזען אַזוי באַנאַל און גאָרנישט באַדייטנדיק, וועלכן זי האָט פון אויסנווייניק געקאָנט, וועמענס געזיכט זי האָט שוין געהאַט גענוג, האָט זיך איר איצט אויסגעוויזן אַזוי רעטעזלהאַפט און געהיימניספול. ערשט איצט האָט זי באַמערקט, אַז זי קאָן אים גאָרנישט. צו וואָס אייגנטלעך קאָן ער אַלץ פעיק זיין? זי האָט געפּרוווט טרעפן. וואָס רעכנט ער צו טון? גאָרנישט אוודאי. אַלע מענער, וועלכע מעגן וואַרפט אַוועק, דראָען אַזוי, אין אַ תּוך טוען זיי צום סוף גאָרנישט. איז אָבער שעוואַליער פּונקט אַזעלכער, ווי אַלע יונגעלייט? מען זאָגט אויף אים, אַז ער איז אַ משוגענער. אָבער אַזוי זאָגט מען דאָך נאָר.

זי ווייסט אָבער נישט אויף זיכער, צי געפינט זיך טאַקע נישט אין אים קיין משוגעת. זי האָט מיט אַ שטאַרקער נייגעריקייט וועגן אים אָנגעהויבן זיך צו טראַכטן. זייענדיק זייער אינטעליגענט, האָט זי אין אים קיינמאָל קיין גרויסע אינטעליגענץ נישט געפונען. ער האָט זי נאָר טיילמאָל פאַרוואונדערט מיט זיין שטאַרקן ווילן, מיט האַנדלונגען פון ווילדער ענערגיע. זייענדיק אייפערזיכטיק אויף אַ נאָרמאַלן אופן, האָט ער גאַנץ גוט געקאָנט פאַרשטיין געוויסע זאַכן. ער האָט טאַקע געוואוסט, צו וואָס פאַר אַ שרעקלעכע זאַכן אַ פרוי ווערט אַלץ געצוואונגען, כדי זיך צו קאָנען אַ שטעלע אין טעאַטער אויסאַרבעטן, אָדער כדי צו האָבן גענוג מיטלען אויף איינצוקויפן זיך טואַלעטן; ער האָט אָבער נישט געהאַלט זיין פאַראַטן אין ליבע. צי איז ער פעיִק אַ פאַרברעכן צו באַגיין, אַן אומגליק צַרויסצורופן? אָט דאָס האָט זי נישט געקאָנט דערגיין. זי האָט זיך דערמאָנט די ליבשאַפט, וואָס שעוואַליער פלעגט אַרויסצווייזן צו יעדער מין געווער. ווען זי האָט אים געהאַט באַזוכט אין זיין וואוינונג אויף דע-מאַרטירס=גאַס, פלע גט זי אים שטענדיק טרעפן אויסרייניקן אָדער צענעמען אַן אַלטע ביקס. אויף געיעג פלעגט ער אָבער נישט גיין. ער פלעגט זיך שטענדיק רימען, אַז ער שיסט אויסגעצייכנט און פלעגט ביי זיך טראָגן אַ רעוואָלווער. וואָס-זשע האָט דאָס אַלזאָ געקאָנט באַדייטן? נאָך קיינמאָל האָט זי וועגן אים אַזוי פיל נישט געטראַכט.

ווען זי איז אַזוי אומרויִק געזעסן, איז אין איר לאָזשע אַריינגעקומען די שוואַכע און דאַרע יעני פאַגעט. פאַגעט פלעגט ביינאַכט אָנשטרענגען אירע אויגן מיט שרייבן אַרטיקלען וועגן דער מאָדע אין די צייטונגען אַריין.

זי איז געווען אַ גאַנץ געוויינטלעכע שוישפילערין, אָבער זייער אַ ספריטנע פרוי און פעליציעס האַרציקסטע פריינדין. זיי פלעגן זיך קעגנזייטיק זייערע גרויסע טאַלאַנטן באַשטעטיקן, און אַלס די צוויי גרויסמאַכטן פון „אָדעאָן“ פלעגן זיי צוזאַמען אַרבעטן. נישט קוקנדיק אָבער אויף דעם, האָט פאַגעט אָנגעווענדט אַלע אירע מעגלעכקייטן אָפּצושלאָגן איר פריינדין דע-ליבין, נישט אַזוי אפשר צוליבן סענטימענט, ווייל אין דער אמתן, איז זי אין דער

נאַטור געווען זייער אַ טרוקענע, און מאַנסלייט פלעגט זי פאַראַכטן, נאָר דערפאַר, ווייל זי האָט געהאַפט, אַז דאָס שטיין אין באַציאונגען מיט אַ דיפּלאָמאַט קאָן איר געוויסע נוצן פאַרשאַפן. אַמערסטן אָבער איז איר געגאַנגען אין דעם, כדי ניט אויסצומיידן קיין געלעגנהייט צו באַווייזן איר פעיִקייט, נאַנטייל האָט וועגן דעם גאַנץ גוט געוואוסט. זי האָט אויך געוואוסט, אַז אַלע אירע חברטעס, ווי: עלען מידי, דוווערנעט, הערשל, פאַלעמפין, סטעלאַ און מאַריאַ-קלאַראַ באַמיִען זיך איר, דע-ליני, אָפּצושלאָגן. זי האָט געזען, אַז אויך לויזאַ דאַל, וואָס פלעגט זיין געקליידט, ווי אַ מוזיק-לערערין און פלעגט שטענדיק אויסזען, ווי זי שטייגט אַרויס פון אַן אָמניבוס, וועלכע האָט אפילו דאַמאָלס, ווען זי האָט אָנגעהויבן פאַרטשעפן מאַנסלייט, אָנגעשטעלט אַ פּנים פון דער ריינסטער טוגענד, פלעגט זיך אויך אויף גירע לאַנגע פיס, נאָכיאָגן נאָך דע-ליני און פאַרטשעפן אים מיט די בליקן פון אַן עלנדער פאַסיפּעע. זי האָט אויך נישט איינמאָל באַמערקט, ווי ראַווערדס אָרנטלעכע מוטער. ווען זי פלעגט זען, אַז דע-ליני קומט אָן, פלעגט זי אויפדעקן דאָס, וואָס איז איר נאָך געבליבן: אירע שייִנע אָרעמס.

מיט עקל האָט פאַגעט אָנגעוויזן אויף דער סצענע, איבער וועלכער עס האָבן זיך געדרייט דורוויל, דער אַלטער מאַרי און מאַריאַ-קלאַראַ.

— גיב נאָר אַ קוק אויף די פאַרשוינען. זיי זען דאָך אויס, ווי זיי וואָלטן געשפּילט זעכציק מעטער טיף אונטערן וואַסער.

— דאָס איז דערפאַר, ווייל די לייכטערס זענען נישט אָנגעצונדן.

— ניין, דאָס טעאַטער זעט שטענדיק אויס, ווי עס וואָלט געלעגן טיף אונטערן וואַסער, און ווען איך דערמאָן זיך, אַז באַלד וועל איך מוזן אַריינגיין אין דער סאַדזעווקע, כאַפּט מיך אָן אַ שרעק. נאַנטייל, דו דאַרפסט נישט פאַרבלייבן אין דעם טעאַטער מער פון דעם סעזאָן. דאָ ווערט מען דערטרינקען. גיב נאָר אַ קוק, גיב נאָר אַ קוק אויף זיי!

דורוויל, וועלנדיק זיך ווייזן דערהאַבענער און מער מענע-

רישער, האָט כמעט אויסגעזען, ווי אַ קונצן־מאַכער, וואָס רעדט דורכן בויך.

— פרידן, אַ הויכע געהאַלט פאַרן מיליטער. — אָט דאָס וועגען די מיטלען, וואָס מוזן אומבאַדינגט זיין.

אין דער לאָזשע איז אַריינגעקומען פרוי דולק.

אויפהייבנדיק איר מאַנטל, וואָס איז טראַגיש אונטערגעניית געווען מיט קרוליק-פוטערלעך, האָט זי געוויזן אַ קליין ביכעלע מיט פאַרבויגענע אויערלעך.

— פרוי דע־סעוויניעס בריוו — האָט זי אַ זאָג געטון. — געוויס ווייסט איר דאָך, אַז אינם קומענדיקן זונטיק וועל איך פאַר־לעזן דע-סעוויניעס שענסטע בריוו.

— וואו וועט דאָס פאָרקומען?

— אין רענאַרד-זאַל.

דאָס האָט געמוזט זיין אַ ווייטער און ווייניק-באַקאַנטער זאַל.

נאַנטייל און פאַגעט האָבן גאָרנישט געהערט וועגן אים.

— די פאָרלעזונג אָרגאַניזיר איך, אַלס איינקונפט פאַר די יתומים, וואָס זענען געבליבן נאָכן שוישפּילער לאַקור, וועלכער איז אַזוי טרויעריק דעם ווינטער געשטאָרבן אויף שווינדזוכט. איך רעכן אויף אייך, מיינע טייערע, אַז איר וועט אייך אונטערנעמען צו פאַרקויפן די בילעטן.

— די מאַריאַ-קלאַראַ איז ווירקלעך קאָמיש — האָט נאַנטייל אַ זאָג געטון.

אין דער לאָזשע האָט עמעצער אָנגעקלאַפּט. געווען איז עס קאָנסטאַנטי מאַרץ, דער יונגער אויטאָר פון דער פּיעסע „די קראַ־זע“, די פרובן פון וועלכער עס האָבן זיך אין קורצן געדאַרפט אָנהייבן אין „אָדעאָן“. קאָנסטאַנטי מאַרק, כאָטש ער איז געווען אַ דאָרפס־איינוואוינער און איז געווען צוגעוואוינט צו וואוינען אין די וועלדער, האָט שוין דאָך נישט געקאָנט איצט אַנדערש אָטע־מען, ווי מיט דער טעאַטער־לופט. נאַנטייל האָט אין דער פּיעסע געהאַט צו שפּילן די הויפּט-ראָלע.

ער האָט אויף איר געקוקט טיף גערירט, אַזוי ווי מען קוקט

אויף אַן אַלטפּרענקישן חפץ, רעכנענדיק זי אַלס באַשטימטע אויס-
צופירן זיין געדאַנק.

דורוויל האָט הייזעריק געזאָגט:

— און אויב פראַנקרייך קאָן געראַטעוועט ווערן נאָר פאַרן
פרייז פון אונזער לעבן און ערע, חזר איך דאָ איבער דאָס איי-
גענע, וואָס עס האָט אַמאָל געזאָגט יענער פונם דריי און ניינ-
ציקסטן יאָר: לאָז שוין בעסער אונזער אָנדענקונג אינגאַנצן פאַר-
לוירן גיין!

פּאַגעט האָט אַ ווייז געטון אויף דעם יונגן מענטש, וואָס
איז געשטאַנען צווישן די שטולן, מיט דער באָרד אָנגעשפּאַרט
אויף אַ שטעקן.

— ווער איז דער? איז עס נישט אַמאָל באַראָן דעץ?

— דו פרעגסט זיך נאָך! — האָט נאַנטייל אָפּגעענטפערט.
עלען מידי שפּילט דאָך. זי טרעט אַרויס אינם פירטן אַקט. באַ-
ראָן דעץ איז אַלזאָ געקומען זיך ווייזן.

— וואַרט אַ ביסל, טייערע קינדער. אַ פּאָר ווערטער מוז
איך זאָגן אָט דער שמאַטע, וואָס האָט מיך נעכטן געטראָפן אויפן
פרידנס-פלאַץ, און זיך נישט געגריסט צו מיר.

— ווער? באַראָן דעץ? ער האָט דיך נישט געמוזט זען.

— ער האָט מיך גאַנץ גוט געזען, נאָר ער איז געווען צו-
זאַמען מיט זיין פאַמיליע, נו, גוט — איך וועל אים שוין דאָס
נעזל אָפּרייבן — איר וועט זען.

— דעץ, דעץ! — האָט זי שטיל אַ רוף געטון.

דער באַראָן איז צוגעקומען, און שמייכלענדיק מיט צו-
פרידנהייט, האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט אין דער לאָזשע.

— הער דעץ! ווען איר האָט מיך נעכטן געטראָפן, האָט
איר זיך געמוזט געפינען אין אַן עלנדער געזעלשאַפט, און דער-
פאַר האָט איר זיך נישט געגריסט צו מיר?

דער באַראָן האָט אויף איר דערשטוינט אַ קוק געטון.

— איך? איך בין געווען מיט מיין שוועסטער.

— אַ!

און פון דער סצענע אַראָפּ האָט זיך דערהערט מאַריאַ-קלאַ-ראַס שטימע, וועלכע האָט זיך אָנגעהאָנגען אויף דורחילס האַלז.

— „גיי, זיג אָדער פאַל אין דער מלחמה! אין נצחון, אַזוי גוט ווי אין מפּלה, וועט דיין נאָמען גרויס און באַרימט בלייבן׳ וואָס עס זאָל זיך נאָר נישט טרעפן, וועל איך דער וועלט ווייזן, אַז איך בין ווערט צו זיין דעם העלדס פרוי".

— ביטע אַריבערגיין, פרוי מאַריאַ-קלאַראַ — האָט פראָדע? אַ זאָג געטון.

אויף דער סצענע איז אַריינגעקומען שעוואַליער. באַלד נאָך זיין אַריינקומען, האָט דער אויטאָר זיך אָנגעהויבן רייסן די האָר פון קאָפּ און שעלטן:

— דאָס איז נישט קיין אַריינקומען. דאָס איז אַן אַריינשטופּן זיך. דאָס איז אַ קאַטאַסטראָפע. דאָס איז אַ שרעקלעך אומגליק. אָך, מיין גאָט, ווען עס זאָל אַריינפאַלן אויף דער סצענע אַ פייער-דיקער מעטעאָר, אַ שטיק שטערן-שאָס, אַ גאַנץ שטיק לבנה, וואָלט עס נישט אָנגעמאַכט אַזאַ שרעקלעכן חורבן... איך נעם צוריק אַראָפּ די פּיעסע!... שעוואַליער, קומט נאָכאַמאָל אַריין, יונגל מיינס.

דער מאָלער מישעל, וואָס פלעגט אַרויסגעבן די פּראָיעקטן אויף די קאָסטיומען, אַ יונגער בלאָנדין מיט אַ מיסטיש בערדל, איז געזעסן אויף אַ פאָטעל-אָנלען אין דער ערשטער ריי. ער האָט זיך צוגעבויגן צום דעקאָראַטאָר ראָזשערס אויער:

— און אַז מען געפינט באַטראַכטן דאָס, וואָס דער אוי-טאָר וואַרפט זיך שוין אויף שעוואַליערן דאָס זעקס-און פופציק-סטע מאָל!

— שרעקלעך איז ער, דער שעוואַליער — האָט, נישט וואָק-לענדיק זיך, אָפּגעענטפערט ראָזשער.

— ער איז גאָרנישט אַזאַ שלעכטער — האָט נאָכגיביק אַ זאָג געטון מישעל — ער זעט נאָר אויס, ווי ער וואָלט געלאַכט, און פאַר אַ קאָמיק קאָן שוין קיין ערגערס נישט זיין. איך האָב אים נאָך געקאָנט אויפן מאָנט-מאַרטער, ווען ער איז נאָך זייער קליין געווען. „וואָס לאַכסטו?" פלעגן אים די לערערס אין דער

שולץ פרעגן. ער האָט אָבער גאָרנישט געלאַכט. ער האָט אפילו נישט אין זינען געהאַט צו לאַכן, מען האָט אים גאַנצע טעג געשלאָגן, די עלטערן האָבן אים דורכאויט געוואָלט אוועקגעבן אין אַ געוועלב אַריין. ער אָבער האָט נאָר געחלומט פון טעאַטער, און גאַנצע טעג פלעגט ער פאַרברענגען אין מאַלער מאָנטמאַ־לענטס אַרבעטס-צימער. מאָנטמאַלענט האָט דאַמאָלס גאַנצע טעג און נעכט געאַרבעט מיטן גרויסן מאַשין, איבער דעם „הייליקן לודוויגס טויט", וואָס מען האָט ביי אים באַשטעלט פאַר די קאַ־טעדרע אין קאַרטאַרזש.

אין אַ געוויסן טאָג האָט מאָנטמאַלענט צו אים הויך אַ זאָג געטון:

— ביטע רואיקער זיין! — האָט פראַדעל אַ זאָג געטון.

— ... שעוואַליער, אַזוי ווי דו האָסט איצט נישט וואָס צו טון, שטעל זשע דיך אַוועק אַלס מאָדעל פאַרן „דרייסטן פיליפ". „מיט פאַרגעניגן" האָט שעוואַליער געענטפערט. מאָנטמאַלענט האָט אים געהייסן אָננעמען אַ פּאָזע פון אַ מענטש, וואָס איז פון ווייטיק צוזאַמענגעבראָכן. נאָכמער, אויף דער באַק האָט ער אים צוגע־קלעבט 2 טרערן, אַזוי גרויס, ווי די ברילן-גלעזלעך. ער האָט גע־ענדיקט דאָס בילד, אוועקגעשיקט עס קיין קאָרטאַרזש און פון פרייד געשטעלט זעקס פלאַש שאַמפּאַניער. אין דריי חדשים אַרום האָט ער דערהאַלטן אַ בריוו פון קאָרנעמוס פאָטער, וועלכער איז דער שעף פון דער פראַנצויזישער מיסיע אין טוניס, אין וועלכן ער האָט אים מיטגעטיילט, אַז דאָס בילד פונם „הייליקן לודוויגס טויט", איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן דורכן קאַרדינאַל-אַרציביסקופס האָהייט, צוליב דעם נישט-אָנשטענדיקן אויסדריק פונם דרייסטן פיליפּס געזיכט, וואָס קוקט לאַכנדיק, ווי זיין פאָטער גוססט אויפן שטרוי. מאַנטמאָלענט האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען. ער איז געווען שטאַרק פאַרביטערט און געוואָלט פאַרפירן אַ פּראָצעס קעגן אַרצי־ביסקופּ. ער באַקומט דאָס בילד צוריק, פּאַקט עס אויף, קוקט זיך אייניקע מינוט שווייגנדיק דערין איין און גיט פּלוצלינג אַ געשריי: „אמת, דער דרייסטער פיליפּ זעט טאַקע אויס, ווי ער וואָלט חוזק גע־מאַכט, וואָס פאַר אַ נאַר איך בין! איך האָב אים געגעבן שעוואַ־

ליעס קאָפּ, איז די בהמה ועט שטענדיק אויס, ווי ער וואָלט גע־צכט".

— זייט שוין אַמאָל שטיל! — האָט פּראַדעל אַ געשריי געטון.

— פּראַדעל, טייערער, וואַרף זיי אַלע אַרויס הינטער דער טיר, — האָט דער אויטאָר אַ זאָג געטון.

ער האָט אומדערמידלעך רעזשיסירט.

— טראָוויל, אַ ביסל ווייטער רוקט אייך, דאָרט... שוואַ־ליער, איר גייט צו צום טיש, נעמט די פּאַפּירן איינס נאָכן אַנדערן און זאָגט: דער טאָג-באַפעל... טעלעגראַמען צו די דעפּאַרטאַמענ־טען... פּראָקלאַמאַציעס... איר פאַרשטייט?

— יאָ, מייסטער... דער טאָג־באַפעל, די טעלעגראַמען צו די דעפּאַרטאַמענטן.. פּראָקלאַמאַציעס...

— נאָ — מאַריאַ-קלאַראַ! מער רירעוודיק! גייט אַריבער... גוט, אויסגעצייכנט... יעצט גייט צוריק; גוט, זייער גוט, אַלזאָ דרייסטער... אָ, אומגליקלעכע! זי האָט אַלץ אויף דער ערד אַראָפּ־געוואָרפן.

— ראַמילי, — האָט ער אַ רוף געטון, — מאַכט ליכטיקער, מען זעט גאָרנישט. דורוויל, מיין טייערסטער, וואָס טוט איר דאָרט ביים סופלערסביידל? איר רירט אייך עפּעס גאָרנישט! קלאַפּט אייך שוין איין מאָל אַריין אין קאָפּ, אַז איר זענט נישט גענעראַל מאַלעטס קיין דענקמאָל, נור גענעראַל מאַלעט אַליין, און אַז מיין פּיעסע איז נישט קיין קאָלעקציע פון וואַקסענע פיגורן, נאָר אַ לעבעדיקע, רירנדע טראַגעדיע, וואָס רופט אַרויס טרערן אין די אויגן, און...

איידער ער האָט נאָך געענדיקט, האָט ער אָנגעהויבן צו יאָמערן, באַהאַלטנדיק דאָס געזיכט אין אַ טיכל. דערנאָך האָט ער אַ ברום געטון:

— צו אַלדע טייוול! פּראַדל! ראַמילי! וואו איז ראַמילי! אַ, ער איז דאָ, דער אַפּעריסט! ראַמילי, איך האָב דאָך אייך שוין נישט איינמאָל געזאָגט, אַז מען דאַרף צורוקן דעם אויוון צום

פענסטערל אויפן דאך. איר האָט אָבער אַזוי נישט געטון. וואָס מיינט איר אייגנטלעך?

דערווייל האָט זיך געמאַכט אַן ערנסטע שטערונג, וואָס האָט אַלעס איבערגעריסן. שעוואַליער האָט געדאַרפט, אַרייַנטראָגנדיק די פּאַפּירן, פון וועלכע עס איז אָפּהענגיק געווען דער גורל פון דער רעגירונג, פאַרשווינדן צו ווערן פון טורמע אַרויס דורכן דאַך-פענסטערל. דערווייל זענען די דעקאָראַציעס שלעכט געמאָלט געווען און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז צום פענסטערל איז גאָר קיין צוטריט נישט געווען.

דער אויטאָר איז האַסטיק אַרויפגעשפּרונגען אויף דער סצענע.

— ראָמילי, דער אויוון איז אויף אַ שלעכט אָרט. ווי אַזוי קאָן זיך שעוואַליער צוקריגן צום פענסטערל! רוקט אָפּ דעם אויוון אויף רעכטס.

— מיט פאַרגעניגן — האָט ראָמילי אָפּגעענטפערט, — מיר וועלן דאָך אָבער דערמיט די טיר פאַרשטעלן.

— ווי אַזוי? ווי אַזוי וועלן מיר פאַרשטעלן די טיר?

— נו, אוודאי.

דער טעאַטער-דירעקטאָר, דער סצענע-אויפזועער און די מאַשיניסטן האָבן זיך אַלע איינגעקוקט אין די דעקאָראַציעס, און דער אויטאָר האָט געשוויגן.

— זייט רויק, מייסטער — האָט שעוואַליער אַ זאָג געטון — עס איז נישטאָ צוליב וואָס זיך צו באַאומרויקן, מען דאַרף אויך גאָרנישט צו ענדערן. איך וועל אַריבערשפּרינגען.

אַרויפכאַפּנדיק זיך אויפן אויוון, האָט זיך אים טאַקע איינגעגעבן צו דערגרייכן די פּיטרינע פונם פענסטער און אָנצושפּאַרן זיך אויף די עלנבויגנס, וואָס האָט אינגאַנצן אויסגעוויזן צו זיין אוממעגלעך דורכצופירן.

אַ געמורמל פון פאַרוואונדערונג איז אַדורכגעלאָפן דורך דער סצענע, קוליסן און זאַל, פאַרגאַפט זענען אַלע שטיין געבליבן: שעוואַליער האָט באמת אַרויסגעוויזן אַן אומנאַטירלעכע קראַפט און פלינקייט.

— פראַכטפול ! — האָט מיט אַנטציקונג אַ זאָג געטון דער אויטאָר.

— הערלעך, שעוואַליער ! די בעסטיע איז פלינק, ווי אַ מאַלפע. קיינער פון אייך וואָלט דאָס זיכער נישט געקאָנט באַווייזן; ווען אַלע ראָלן זאָלן זיין אַזוי באַזעצט ווי פלאָרענטינס, וואָלט די פיעסע אַרויסגערופן אַן אומגעהייערן רושם.

אויך באַנטייל האָט אים פון איר לאָזשע אַרויס באַוואונדערט. ער האָט זיך איר אין דעם מאָמענט אויסגעוויזן, אַלס עפעס וויכטיקערס ווי אַ מענטש — אַ מענטש און אַ גאָריל (אַזאַ מאַלפע). און די שרעק, וואָס זי האָט געהאַט צוליב אים, האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט, זי האָט אים נישט ליב געהאַט, זי האָט אים קיינמאָל נישט געליבט; זי האָט אים גאָרנישט באַגערט. די מינוטן פון באַגערן אים זענען שוין לאַנג פאַרביי. זייט אַ גאַנצע ריי וואָכן האָט זי זיך נישט פאָרגעשטעלט קיין שום פאַרגעניגן מיט קיינעם, אויסער מיט דע-לינין; פונדעסטוועגן, ווען זי זאָל זיך איצט געוועןגעפינען איינע אַליין מיט שעוואַליערן, וואָלט זי זיך געפילט שוואַך, און וואָלט, מיט אַלע מעגלעכקייטן, זיך באַמיט אים מילד צו מאַכן, אפילו מיט איבערגעבן זיך אים, אַזוי ווי מען באַמיט זיך מילד צו מאַכן אַן איבערגע אַטירלעכע קראַפט.

אויף דער סצענע האָט מען אָנגעהויבן „סאַלאָן עמפיר". פון געריש, פון די איבערגערוקטע דעקאָראַציעס, האָט מען געהערט דעם אויטאָרס שטימע, וועלכער האָט דיריגירט מיט די שוישפילערס און סטאַטיסטן, עבנדיק יעדן פון זיי אָנווייזונגען און עצות.

— איר !... דיקע... קיכל-ד-הענדלערין ! נו, פרוי ראַוואוד ! צי האָט איר נאָך קיינמאָל נישט געהערט, ווי מען שרייט אויף די עליזעאישע פעלדער: „קיכלעך, די בעסטע קיכלעך" ! דאָס דאַרף מען זינגען. איר זאָלט אייך אויסלערנען אויף מאָרגן דעם טאָן ! פאַגעט, קינד מיינס, פאַרוואָס האָסטו נישט אָנגעטון קיין זאָקן מיט קיין גאָלדן שטערנדל. דאָס איז די לעצטע פיעסע, וואָס איך גיב אין דעם טעאַטער אַריין... וואו איז ווידער דער פולקאָווניק פונם צענטן רעגימענט? דאָס ביסט דו, פריינט טייערער,

דיינע זעלנער מאַרשירן דאָך, פּונקט ווי די חזרים. ... פּרוי מאַרי-יאַ-קלאַראַ, ביטע, רוקט אייך צו אַביסל. וועל איך אייך אויס-לערנען, ווי אַזוי מען דאַרף זיך בייגן.

ער האָט געהאַט הונדערט פּאָר אויגן, הונדערט מיילער און די הענט אומעטום.

אויפן זאַל האָט קאַמילי געדריקט הער גאַמבאַטס הענט. ער איז געווען אַ לערער אין דער אַקאַדעמיע פון מאָראַל-וויסנ-שאַפטן. אַריינגעקומען איז ער גלאַט אַזוי, אַלס שכן.

— זאָגט, וואָס איר ווילט, הער גאַמבאַט. עס איז אפשר נישט אינגאַנצן פּינקטלעך, פון פאַקטישן שטאַנדפּונקט. עס פאַרמאָגט אָבער אין זיך אַ סצעניש גערוו.

— מאַלעטס באַשווערונג — האָט הער גאַמבאַט אַ זאָג געטון — וועט אייביק פאַרבלייבן אַ היסטאָרישע רעטעניש. דער אוי-טאָר פון דער פּיעסע האָט אויסגענוצט דאָס, וואָס עס האָבן זיך דערין געפונען אומדייטלעכע מאָמענטן און דערין אַריינגעפירט דראַמאַטישע מאָמענטן. וואָס עס וועקט אָבער נישט אין מיר קיין שום צווייפל, איז דאָס, אַז גענעראַל מאַלעט, כאָטש ער איז פאַר-בונדן געווען מיט די ראָיאַליסטישע-פּאַרטיי, איז דאָך אַליין געווען אַ רעפּובליקאַנער, און האָט געאַרבעט, אין דער ריכטונג, איינצופירן אַ פאָלקס-רעגירונג. ווען מען האָט אים אויסגעפאָרשט, האָט ער אַרויסגעזאָגט הויכע טיפע געדאַנקען, ווען דער פּאָרזיצנדער פונם קריגס-ראַט האָט אים אַ פרעג געטון: „ווער זענען געווען אייערע מיטהעלפערס"? האָט ער געענטפערט: „גאַנץ פראַנקרייך, און איר, הער פּאָרזיצנדער, אויך, ווען עס וואָלט זיך מיר נאָר געווען איינגעגעבן".

אַ געוויסער אַלטער שניצער, שיין, ווי אַן אַלטפּרענקישער אָפּגאָט, איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אין נאַנטיילס לאָזשע און מיט פייכטע אויגן און אַ שמייכל אויפן מויל האָט ער זיך איינגעקוקט אין דער סצענע, אויף וועלכער עס איז געווען פול לעבן און באַוועגונג.

— איר זענט צופרידן פון דער פּיעסע, מייסטער? — האָט אים נאַנטייל אַ פרעג געטון.

און דער מייסטער, פאַר וועלכן עס האָבן נאָר עקזיסטירט ביינער און מוסקולן, האָט אָפּגעענטפערט:

— געוויס! עס איז דאָרט דאָ איין קלייניטשקע, מידי הייסט זי, וואָס האָט אַ וואונדערפולע פאַרבינדונג פון אירע אָרעמס.

ער האָט אָנגעצייכנט מיטן פינגער אַ שטריך, אין דער לופטן. טרערן האָבן זיך אים געשטעלט אין די אויגן.

שעוואַליער איז צוגעקומען און זיך געפרעגט, צי ער מעג אַריינגיין אין דער לאָזשע. ער איז איצט זייער צופרידן געווען, בישט אפשר אַזוי פיל צוליב זיין גרויסן דערפאָלג, ווי צוליב דעם, וואָס ער זעט פעליציען. אין זיין משוגעת, וואָס האָט אים פּלוצלינג אָנגעכאַפּט, האָט ער גערעכנט, אַז זי איז געקומען נאָר ספּעציעל צוליב אים, אַז זי האָט אים ליב, און אַז זי וויל זיך אים אויפסניי איבערגעבן.

זי האָט פאַר אים מורא געהאַט, אין זייענדיק בטבע אַ שרעקעוודיקע, האָט זי אים אָנגעהויבן חנפענען.

— איך ווינש דיר גליק, שעוואַליער. דו ביסט געווען אַנטציקנד, גלויב מיר. נישט נאָר איך אַליין זאָג אַזוי. פּאַגעט זאָגט, אַז דו ביסט וואונדערלעך שיין געווען!

— אין אמתן? — האָט שעוואַליער אַ פרעג געטון.

אין דער לופט איז דורכגעלאָפן אַ שאַרפע שטימע, ווי אַ פייף פון אַ לאָקמאָ-טיוו. געהערט האָט מען זי פונם דריטן שטאָק אַראָפּ:

— מען הערט אייך גאַנץ שלעכט, קינדער, רעדט העכער, און זאָגט דייטלעך אַרויס.

אין דער פינסטערניש האָט זיך באַוויזן דער איטאַר, ביים-סאַמע סופיט.

נאָך העכער האָט מען געהערט די שטימע פון די שוי-שפּילערס, וואָס זענען גרופירט געווען אין פאָדערגרונט, פון דער בינע אַרום אַ קאָרטן-שפּיל.

— דער קיסר וועט דעם מיליטער געבן אַ דריי-וואָכנדיקן

אורלויב, ווען זיי וועלן אַריינמאַרשירן קיין מאָסקווע, און דערנאָך וועט ער זיך, ווי אַן אָדלער, אַ וואָרף טון אויף פעטערבורג.

— פיק, טרעפל, טרומף, הייסט צווייפּונקטן.

— דאָרט וועלן מיר פאַרבלייבן אַ גאַנצן ווינטער, און מיטן קומען פונם פרילינג, וועלן מיר זיך דורך פּערסיען אַריינקריגן קיין אינדיען, און צו ענגלאַנדס גרויס-מאַכט וועט נעמען אַן עק.

— זעקס און דרייסיק.

— טויז טרומף.

— אָבער, מיינע הערן, וואָס זאָגט איר, וועגן קיסרס דעקרעט, וועגן די שוישפּילערס, וועלכער איז דאַטירט פון קרעמל. ער וועט איין עק מאַכן צום קאַמף פון פריילין מאַרס מיט פריילין לעוועדר.

— ביטע, אַ קוק געבן, ווי שיין פאַגעט זעט איצט אויס — האָט זיך באַנטייל אָנגערופן. זי גייט געקליידט אין דעם נייבלויען קלייד, וואָס איז געפּוצט מיט שענשילין.

פרוי דולק האָט פון אונטער איר פוטער אַפּערגעצויגן אַ פּעקל בילעטן, וואָס זענען שוין גוט צעקנייטשט געווען פונם אָפטן נעמען זיי אין דער האַנט אַריין.

— הער מייסטער, — האָט זי אַ זאָג געטון צו קאָנסטאַנטימאַרק — איר ווייסט דאָך געוויס, אַז קומענדן זונטיק וועל איך פאָרלעזן און קאָמענטירן פרוי דע-סעווינס שענסטע בריוו. דער פאַרדינסט דערפון איז באַשטימט פאַר די דריי יתומים, וואָס דער שוישפּילער לאָקור האָט נאָך זיך איבערגעלאָזט, דער, וועלכער איז אויף אַזאַ טרויעריקן אופן געשטאָרבן פאַריקן ווינטער.

— האָט ער עפּעס געהאַט טאַלאַנט? — האָט קאָנסטאַנטימאַרק אַ פרעג געטון.

— ניין, אַבסאָלוט נישט — האָט באַנטייל אָפּגעענטפערט.

— וואָס-זשע דען פאַר אַ טרויעריקייט איז דאָ אין זיין שטאַרבן?

— אַך, וואָס רעדט איר, הער מייסטער? מאַכט אייך נישט גלייך ווי איר וואָלט געווען אַ מענטש אָן אַ האַרץ.

— איך מאַך מיך גאָרנישט פאַר אַ זעלכן. עס זענען אָבער דאָ זאַכן, וואָס וואונדערן מיך שטאַרק, און געמליך: די פרייז, וואָס מיר גיבן די עקזיסטענצן, וואָס אינטערעסירן אונז דאָך מיט גאָרנישט. עס זעט אויס, ווי מיר וואָלטן געהאַלטן, אַז דאָס לעבן אַלס אַזעלכעס איז טייער. די נאַטור אָבער לערנט דאָך אונז גאָר עפּעס אַנדערש, און בעמלעך, אַז קיין שום אַנדערע זאַך, ווי דאָס לעבן איז אויף דער וועלט נישטאָ, און קיין שום זאַך איז נישט ווערט אַזוי פיל פאַראַכטעט צו ווערן, ווי דאָס לעבן. אַ מאָל איז די מענשהייט ווייניקער אָנגעשטעקט געווען מיט סענטימענטאַליזם. יעדער איינער האָט זיין לעבן באַטראַכט, אַלס אַ זאַך, וואָס איז אומגעהייער טייער, און דאָך פלעגט דער זעלבער נישט פאַרמאָגן אין זיך די מינדסטע אַכטונג פאַר דעם צווייטנס לעבן. וואָס אַן אמת, געווען איז עס אַ גאַנץ נאַטירלעכע זאַך, מיר זענען דאָך עפּעס באַשאַפן געוואָרן איינער דעם צווייטן אויפצופרעסן. אונזער שוואַכע, דעגענערווירטע און פיל מיט היפּאָקריזיע ראַסע, האָט זיך איינגעליבט אין קאַניבאַליזם, אויפפרעסנדיק זיך קעגנזייטיק, האַלטן מיר אין איין באַקאַנטמאַכן עפנטלעך, אַז דאָס לעבן איז אַ הייליקע זאַך, און מיר האָבן נישט דעם מינדסטן מוט מודה צו זיין, אַז דאָס לעבן איז אַ מערדעריי.

— דאָס לעבן איז אַ מערדעריי — האָט שעוואַליער, זייענדיק פאַרקלערט, נאָכגעזאָגט, נישט פאַרשטייענדיק אַליין, וואָס ער זאָגט. ערשט דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן אַרויסצוזאָגן פאַרפלאָנטערטע געדאַנקען:

— אַ מערדעריי און אַ שחיטה קאָן זיין! אָבער אַ פריילעכע שחיטה און אַ קאָמישע מערדעריי. דאָס לעבן איז אַ פאַרווײַלונגס-קאַטאַסטראָפע, אַ שרעקלעכער קאָמיזם, עס איז אַ קאַרנאַוואַל-מאַסקע אויף די מיט בלוט-פאַרלאָפענע באַקן. אָט דאָס איז דאָס לעבן פאַר אַן אַרטיסט, אַן אַרטיסט אינם טעאַטער און אַן אַרטיסט אין דער טעטיקייט.

די זייער פאַרדאַגהטע נאַנטייל האָט געפּרוּווט דערגיין די באַדייטונג פון די אומדייטלעכע ווערטער.

דער אויפגערעגטער אַרטיסט האָט ווייטער גערעדט:

— דאָס לעבן איז נאָך עפּעס: עס איז אַ מעסער און אַ בלום. עס איז פיינטשאַפט און ליבע, אַ וואונדערלעכע פיינטשאַפט פון פאַרגעניגן און אַ באַרבאַרישע ליבע.

— הער שעוואַליער — האָט אים קאָנסטאַנטי מאַרק אין אַ גאַנץ רויקן טאָן אַ פרעג געטון — צי באַשטעטיקט איר דען נישט, אַז אַ מערדער צו זיין איז אַ גאַנץ נאַטירלעכע זאַך, און אַז נאָר די בלויזע מורא, אַז מיר זאָלן נישט אַליין געהרגעט ווערן, שטערט אונז צו הרגענען אַ צווייטן?

— ניין — האָט שעוואַליער געענטפערט. — נישט די שרעק פאַרן טויט וואָלט מיר געשטערט עמעצן צו דערמאָרדן. פאַרן טויט האָב איך אַבסאָלוט קיין מורא נישט. איך האָב אָבער אַכטונג פאַר דעם צווייטנס לעבן. איך בין מענטשלעך, און דאָס געפיל איז שטאַרקער פון מיר אַליין. וועגן דער פראַגע, וואָס איר האָט מיר געשטעלט, האָב איך שוין זייט אַ געוויסע צייט, גאַנץ ערנסט געטראַכט. גאַנצע טעג און נעכט פלעג איך וועגן דעם קלערן, און איצט ווייס איך שוין אויף זיכער, אַז איך וואָלט פאַר קיין שום פאַל נישט פעיק געווען וועמען עס איז צו דערהרגענען.

באַנטייל, וועלכע איז איצט ווי גליקלעך געוואָרן, האָט אויף אים געוואָרפן אַ בליק פול מיט פאַראַכטונג. איצט האָט זי פאַר אים שוין מער קיין מורא נישט געהאַט. זי האָט אים גאָרנישט געקאָנט שענקען דאָס, וואָס ערשט דאָ נישט לאַנג האָט ער זי אַזוי איבערגעשראָקן.

זי האָט זיך אויפגעשטעלט.

— צום ווידערזען, דער קאָפּ טוט מיר עפּעס זייער וויי... ביז מאָרגן, הער מאַרק.

און איז אַרויסגעגאַנגען מיט אַ לייכטן טריט.

שעוואַליער איז איר נאָכגעגאַנגען אין קאָרידאָר אַריין און האָט זי דעריאָגט לעבן סטרוזשסביידל.

— פעליציע, קום היינט מיט מיר עסן מיטאָג אין רעסטאָראַן אַריין. דו וואָלסט מיר דערמיט אַזוי פיל פאַרגעניגן פאַרשאַפט! גוט?

— אָך, ניין.

— פאַרוואָס ווילסטו נישט?

— אַך, לאָז מיך צורו. דו פאַרמאַטערסט מיך.

זי האָט געוואָלט אַנטלויפן, ער האָט זי אָבער צוריקגע־האַלטן.

— איך האָב דיך אַזוי ליב! פייניק מיך נישט.

זי האָט זיך צו אים אַ ביסל נענטער צוגערוקט, און דורך אירע צוזאַמענגעפרעסטע ציין, האָט זי אים גלייך אין אויער אַריין איינגערוימט:

— צווישן אונז איז אַלץ געענדיקט, געענדיקט! געענדיקט! דו הערסט! איך האָב דיך שוין איבערגענוג!

— לאָמיר כאָטש צום לעצטן מאָל זיך דורכשמועסן — האָט ער זייער ערנסט און מילד אַ זאָג געטון — הער אויס, פעליציע, איך וויל דיך וואָרנען, איידער עס וועט געשען אַן אומגליק. איך קאָן דיך נישט צווינגען, אַז דו זאָלסט מיך ליב האָבן. איך וויל אָבער נישט, אַז דו זאָלסט ליב האָבן אַ צווייטן. צום לעצטן מאָל ראָט איך דיר, אַז דו זאָלסט דיך מער מיט דע־לינין נישט זען. איך וועל נישט דערלאָזן, אַז דו זאָלסט צו אים געהערן.

— דו וועסט נישט דערלאָזן? דו? אַך! דו עלנדער!

— איך וויל אַזוי און אַזוי וועל איך טון — האָט ער נאָך מילדער אָפּגעענטפערט. — אַ מענטש דערגרייכט דאָס, צו וואָס ער שטרעבט. ער מוז נאָר דערפאַר געהעריק באַצאָלן.

## V

פעליציע האָט אַהיימקומענדיק ספּאַזמירט. זי האָט אַליין אינאיינעם געזען שעוואַליערן, בעטנדיק זי הכנעהדיק מיט דער מינע פון אַ בעטלער און מיט אַ טרויעריקער שטימע. זי האָט שוין אַזאַ אויסדרוק פון אַ פּנים אַמאָל געזען און אַזאַ טרויעריקע שטימע געהערט, ביי די בעטלערס, וועלכע שטייען דאָרט, וואו די וועגן צעשיידן זיך, אין די אַנטיבן, וואו איר מוטער האָט זי געהאַט אַהין געפירט, ווען זי איז פאַרזאָרגט געווען וועגן אירע לונגען. אַ גאַנצן ווינטער האָט זי דאָרט געהאַט פאַרברענגט ביי איר רייכער מומען. זי האָט איצט פאַראַכטעט שעוואַליערן, צוליב זיין מילדקייט און רויקייט. דאָס בלויזע דערמאָנען זיך וועגן זיין פּנים און קול האָט איר אָבער שרעקלעך וויי געטון. זי האָט גאָרנישט געקאָנט עסן. עס איז איר ענג געווען אינם האַלז. ביינאַכט האָט זי אַרומגעכאַפּט אַזאַ אומרויקייט, אַז זי האָט געמיינט, זי שטאַרבט אַוועק. זי האָט גערעכנט, אַז די דענערווירונג אירע שטאַמט אפשר פון דעם, וואָס זי האָט שוין ראָבערטן גאַנצע צוויי טעג נישט געזען. עס איז איצט געווען ביין אַ זייגער. זי האָט אים באַך געקאָנט טרעפן אין דער היים. זי האָט אָנגעטון דעם הוט.

— מאַמאַ, איך מוז היינט גיין אין טעאַטער אַריין. איך לויף שוין.

אויס אַכטונג צו איר מוטער, פלעגט זי שטענדיק עפּעס אַן אויסרייד אויסזוכן.

— גיי קינד, און קום נישט צוריק זייער שפּעט.

דע־ליני האָט געוואוינט ביי זיינע עלטערן. אין אַ שיין פּאַ־לאַצל, אויף ווערבעט־גאַס, האָט ער אינדערהייך געהאַט אַ קליין קאַוואַליערסקע צימערל, מיט קייל־עכדיקע פענסטערלעך. ער האָט עס אַ נאָמען געטון „דער אויגן־קראַפּ״. פעליציע האָט אים דורכן שווייצער צו וויסן געטון, אַז עס וואַרט עמעצער אויף אים אונטן אין אַ דראָזשקע, דע־ליני האָט נישט ליב געהאַט, אַז פרויען זאָלן זיך צופיל אַרומדרייען אין זיין פאַמיליען־הויז. זיין פאָטער, אַ דיפּלאָמאַט פונם פאַך, וועלכער איז זייער פאַרנומען געווען מיט דער אויסערלעכער פּאָליטיק פון פראַנקרייך, האָט קיין שום אַנונג נישט געהאַט וועגן דעם, וואָס פלעגט זיך ביי אים אין הויז טון. פרוי דע־ליני, דאַגעגן, פלעגט אויפּאַכט געבן אויף דער אָפּהיטונג פון די גוטע מדות. און דער זון אירער פלעגט זיך באַמיִען זי צופרידן צו שטעלן און מקיים צו זיין די פאָדערונגען, וועלכע פלעגן, וואָס אַן אמת, ווערן נאָר אויסגעפירט דורך דער בלויזער פאָרם, נישט צוקומענדיק קיינמאָל צו דער עצם זאַך אַליין.

אין דער ליבע פלעגט זי אים פולע פרייהייט איבערלאָזן, געבנדיק אים נאָר גאַנץ זעלטן צו פאַרשטיין, אַז עס איז דורכ־אויס בויטוועגדיק, אַז יונגע לייט זאָלן האָבן באַציִונגען, נאָר מיט דאַמען פון דער געזעלשאַפט. ראָבערט האָט דעריבער טאַקע אָפּ־געהאַלטן פעליציען פון צו באַזוכן אים אויף ווערבעט־גאַס, און האָט דערפאַר ספּעציעל געדונגען אַ קליין הייזל אויפן דע־ווי־לערס־בולוואַר, ווי זיי האָבן זיך שוין געקאָנט געבוג און פריי זען. איצט אָבער, נאָך צוויי טעג פון צעשיידונג, האָט ער זיך זייער דערפרייט מיט דעם אומגעריכטן וויזיט, און איז גלייך אַראָפּגע־גאַנגען.

דורך גאַסן און בולוואַרן, אין פינסטערניש און שניי, זענען זיי אַזוי געפאָרן, צוגעטוליעט איינער צום צווייטן, און די טונ־קעלע נאַכט האָט אין איר מאַנטל זייער ליבע איינגעהילט

— צום ווידערזען, ביז מאָרגן — האָט ער איר אַ זאָג געטון, אָפּפירנדיק זי אַהיים.

— יאָ, ביז מאָרגן אויפן דע־ליוועֶרס־בולוואַר, קום, וואָס פריִער.

ביים אַרויסשטייגן פון דער דראָזשקע האָט זי זיך אויף אים אָנגעשפּאַרט, פּלוצלינג האָט זי זיך גוואַלטיק אַ וואָרף געטון אַהינטער.

— דאָרט! דאָרט! צווישן די ביימער... ער האָט אונדז געזען... ער האָט אונדז אָפּגעוואַרט.

— ווער איז ער דאָס?

— אַ מאַנספּערזאָן... וועמען איך קאָן נישט.

זי האָט גלייך דערקאָנט שעוואַליערן.

זי איז אַראָפּגעגאַנגען, האָט אָנגעקלונגען, און ציטערנדיק כסדר, געוואַרט, זייענדיק איינגאַנצן איינגעהילט אין ראָבערטס מאַנטל. ווען די טיר האָט זיך געעפנט האָט זי אים אָנגעכאַפּט.

— ראָבערט, קום מיט מיר אַרויף אויבן, איך שרעק זיך.

ער איז איר אומגעדולדיק נאָכגעגאַנגען אויף די טרעפּ. שעוואַליער האָט צוזאַמען מיט פרוי נאַנטייל געוואַרט אויף פּעליציען אינעם עס־צימער קעגנאיבער זשאַנאַ ד'אַרקס געוועזער, וואָס איז אויף דער וואַנט געהאָנגען. נאָכדעם איז ער אַראָפּגעגאַנגען אונטן און געטשאַטעוועט אויף איר אויפן טראָטואַר, און ווען ער האָט דערהערט, אַז די דראָזשקע האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַרן טויער, האָט ער זיך באַהאַלטן הינטער אַ בוים. ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז זי קומט אָן צוזאַמען מיט דע־ליניִן. ווען ער האָט זיי אָבער צוזאַמען דערזען, האָט זיך אים געדאַכט, אַז די ערד צעטיילט זיך אונטער זיינע פיס, און כדי נישט אַנידערצופאַלן האָט ער זיך געמוזט אָנכאַפּן אינעם בוים. געשטאַנען איז ער דאָרט ביז דע־ליני איז אַרויסגעגאַנגען פונעם הויז. ער האָט זיך צוגעקוקט, ווי דע־ליני איז צוריק איינגעזעסן אין דער דראָזשקע און האָט געמאַכט צוויי טריט, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט וואַרפן אויף אים,

פינדעסטוועגן האָט ער זיך גלייך אָפּגעשעלט און אָנגעהויבן גיין מיט גרויסע טריט לענגאויס דעם בולוואַר.

ער איז געגאַנגען, זייענדיק געטריבן דורכן רעגן און ווינט. עס איז אים צו הייס געוואָרן, ער האָט אויסגעטון דעם הוט און געפילט מיט אַן אמת פאַרגעניגן, ווי די קאַלטע טראָפּנס טאַנצן אים אויפן שטערן. ער האָט זיך אַ גאַנץ שוואַכן רעכנונג אָפּגעגעבן וועגן דעם, אַז ער מיידט אויס הייזער, בוימער, פּלויטען און לאַמטערן, ער איז געגאַנגען אָן אויפהער און געטראַכט.

נישט וויסנדיק אפילו מיט וואָס פאַר אַ וועג ער איז דאָ אהערגעקומען, האָט ער זיך פּלוצלינג דערזען שטיין אויף אַ בריק, וואָס ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געהאַט געזען. אין מיטן דער בריק איז געשטאַנען אַ גרויסע פרוי ען-סטאַטוע. ער איז שוין איצט רויק געווען. ער האָט עפּעס באַשלאָסן. דאָס איז געווען אַ געדאַנק, וואָס האָט געשטאַמט נאָך פון גאַנץ לאַנג צוריק, וואָס ער האָט איצט געפּרוווט אַריינקלאַפּן זיך אין קאָפּ אַריין, ווי מיט טשוועקעס, אַ געדאַנק, וואָס האָט דורכגענומען זיין גאַנץ וועזן. ער האָט שוין איצט נישט געטראַכט וועגן דעם, צי דער געדאַנק איז גוט אָדער שלעכט, ער האָט נאָר קאַלט באַטראַכט דעם אופן, ווי אַזוי אויסצופירן דאָס, וואָס ער האָט באַשלאָסן. ער איז אָן אויפהער געגאַנגען פאָראויס פאַרטראַכט און גלייכצייטיק רויק.

אויף דע אַרטס-בריק האָט ער באַמערקט, אַז אַ הונט גייט אים נאָך, געווען איז עס אַ גרויסער דאָרפישער הונט מיט לאַנגע האָר, זייבע מילדע אויגן האָבן אויסגעדריקט באַגרענעצטע פאַרצווייפלונג.

— דו האָסט גאָרנישט קיין האַלז-בענדל? — האָט שוואַיער צו אים אַ זאָג געטון. — איך קאָן גאָרנישט טון פאַר דיר עלענדער.

אַרום פיר אַ זייגער פאַטראָג, איז ער אָנגעקומען אויפן אָבסערוויר-געסל. באַמערקנדיק די הייזער פונם סט.-מיכאַל-בולוואַר, האָט ער דערפילט אַ ברענענדיקן קראַמף און האָט זיך אויסגעדרייט אין דער ריכטונג פון אָבסערוואַטאָריום. דער הונט איז פאַרשוואונדן. נישט ווייט פון ליאָן-דע-בעלפאָרט האָט זיך

שעוואַליער אָפּגעשטעלט ביי אַ טיפן רינשטאָק, וואָס איז געלאָפן לענגאויס דער גאַס. דערלעבן איז ביי אַ לייוונטן ביידל געזעסן אַן אַלטער מאַן, וואָס איז געווען אַ שומר. אָנגעטון איז ער געווען אין אַ פוטערן היטל מיט אויערן. די נאָז זיינע איז געווען רויט. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ; זיינע פאַרוויינטע אויגן האָבן אויסגעזען אינגאַנצן ווייס, אָן אויגן-אַפּלען, אַ רייפל פון רויטקייט ווי פייער און טרערן האָט זיי אַרומגענומען. ער האָט פונקט אַריינגעשיט טיטון. דער טיטון איז געמישט געווען מיט ברויט-קריש-קעלעך, דער מישמאַש האָט אָבער די פייקע אפילו ביז דער העלפט נישט פול געמאַכט.

— דו ווילסט טיטון, אַלטער? — האָט אים שעוואַליער אַ פרעג געטון.

דער אַלטער האָט זיך נישט געאיילט מיט קיין ענטפער. ער האָט זיך נישט שנעל אָריענטירט, און שעוואַליערס העפלעכקייט האָט אים שטאַרק געוואונדערט. ענדלעך האָט ער אַן עפן געטון זיינע פאַרשוואַרצטע ליפּן:

— איך וועל נישט אָוועקוואַרפן — האָט ער אַ זאָג געטון.

ער האָט זיך אַ ביסל אונטערגעהויבן. אויף איין פוס האָט ער געהאַט אַן אַלטן שיך, דער צווייטער פוס איז אַרומגעוויקלט געווען מיט פאַרברודיקטער לייוונט. לאַנגזאַם האָט ער אָנגעשטופּט די פייקע מיט זיינע אומגעשיקטע הענט. עס האָט געשנייעט און געדעגנט צוזאַמען.

— איר דערלויבט? — האָט אים שעוואַליער געפרעגט און האָט זיך אַרונטערגערוקט אונטערן ביידל. פון צייט צו צייט האָבן זיי איינער דעם צווייטן עפּעס אַ וואָרט געלאָזט פאַלן.

— אַ שרעקלעך וועטער!

— אין דער צייט איז שטענדיק אַזוי, דער ווינטער איז שווער. זומער איז בעסער.

— הייסט עס, אַלטער, אַז איר היט ביינאַכט די וועגן?

דער אַלטער האָט אויף זיינע פראַגן געגעבן ענטפערס.

— הײנט טו איך דאָס, מאָרגן עפּעס אַנדערש! וואָס עס לאָזט זיך נאָר!

— איר זענט נישט קײן פּאַריזער?

— געבוירן בין איך אין קרויז און האָב געאַרבעט אַלס קוילן־גרעבער אין דעפּאַרטאַמענט וואַסגעז. אַרויסגעפאָרן פון דאָרט בין איך ערשט דאָס יאָר, ווען די דײטשן און אַנדערע פעלקער זענען דאָרט אַרײן. גאַנצע מיליאָנען זעלנער האָבן זיך דאָרט צו־זאַמענגעצויגן. עס איז אפילו שווער צו פאַרשטײן, פונוואַנען עס האָבן זיך אַזוי פיל דערנומען... דו האָסט אוודאי געמוזט הערן וועגן דער מלחמה מיט די דײטשן.

ער האָט לאַנג געשוויגן, נאָכדעם האָט ער זיך אָנגעהויבן אויספרעגן, ווער שעוואַליער איז.

— איך בין אַן אַרטיסט!

דער אַלטער האָט נישט פאַרשטאַנען.

— וואו איז דײן וואַרשטאַט? — האָט ער אַ פרעג גע־טון.

שעוואַליער האָט געוואָלט דעם אַלטן פאַרוואונדערן.

— איך טרעט אַרויס אינם גרויסן טעאַטער. איך בין אײ־נער פון די ערשט־קלאַסיקע אַרטיסטן פון „אָדעאָן". איר קאָנט „אָדעאָן"?

דער שומר האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ. ער האָט נישט געקאָנט „אָדעאָן".

נאָך אַ לאַנג שווײגן האָט ער ווידער אַ זאָג געטון:

— גײסטו נישט צוריק אין דײן וואַרשטאַט אַרײן?

— לעזט מאָרגן איבער די צײטונג — האָט שעוואַליער אָפּ־געענטפערט — וועט איר דאָרט מײן נאָמען געפינען.

דער אַלטער האָט געפּרוווט פאַרשטײן די באַדײטונג פון די ווערטער, עס איז אָבער פאַר אים צו שווער געווען. ער האָט אַלזאָ רעזיגנירט און אומגעקערט זיך צו זײן טעמא.

ווען עס האָט שוין געבליט, איז שעוואַליער צוריקגעגאַנ־גען אין וועג אַרײן. דער הימל איז בלאַס געווען. דאָס שווע־רע קלאַנג פון די רעדער האָט דעם שאָסײ אויפגעוועקט. דאָ אין דאָרט

האָבן זיך אָנגעהויבן אָנרופן שטימען. עס האָט או[illegible]
שנייען. שעהוואַליער איז אָן אויפהער געגאַנגען, ניסט [illegible]
וואוּאַהין ער גייט. דאָס דערוואַכנדע לעבן האָט אים אַר[illegible]
ברענגט כמעט אין אַ פריילעכער שטימונג. אויף דע-אַרטס ב[illegible]
האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און לאַנג צוגעקוקט זיך צו דער סעק-
וואַנע, נאָכדעם איז ער ווייטער געגאַנגען. אויפן האַוור-פּלאַץ האָט
ער דערזען אַן אָפענע קאַוויאַרנע, די שוואַכע שיין פונם זון-אויפ-
גאַנג האָט אויף די שויבן אַ רויטע ליכטיקייט געוואָרפן. די קעל-
נער האָבן געריי‌ניקט די פּאָדלאָגע און גלייך געשטעלט די טיש-
לעך.

ער האָט זיך האַסטיק אַ וואָרף געטון אויף אַ שטול.

— קעלנער, גרינס!

## VI

אין אַ דראָזשקע, וואָס איז געפאָרן איבערן ליידיקן בולוואַר, זענען געזעסן צוגעטוליעט אײנער צום צװײטן פעליציע און ראַנערט.

— האָסט נישט ליב דײַן פעליציען — זאָג? עס טוט דיר נישט הנאה דאָס, וואָס דו האָסט אַ פרוי, וועלכער מען האַלט אין אײן אַפּלאָדירן, וואָס מען שרײַבט וועגן איר אין די צײַטונגען? מײַן מאַמע קלעבט אײַן אין אַלבאָמען אַלע צײַטונגס־אַרטיקלען וועגן מיר. דער אַלבאָם איז שוין פול.

ער האָט איר געענטפערט, אַז ער האָט זיך מיט איר אַנטציקט נאָך אײדער זי האָט זיך געהאַט דערוואָרבן אַזאַ דערפאָלג. און אין אמתן זענען זײ טאַקע באַנט געװאָרן נאָך דאַמאָלס, ווען זי האָט ערשט אָנגעהויבן צו שפּילן אין „אָדעאָן”, ווען קײנער האָט נאָך וועגן איר נישט געוואוסט.

— ווען דו האָסט מיר געזאָגט בײַם ערשטן מאָל, אַז דו ווילסט מיך באַזיצן, האָב איך דיך נישט געלאָזט לאַנג וואַרטן, אמת? צו אינטעליגענץ ביסטו, אַז דו זאָלסט מיר פאַר אומגוט נעמען דאָס, וואָס איך האָב נישט אָפּגעשלעפּט, נאָר באַלד זיך דיר איבערגעבן! ווען איך האָב דיך צום ערשטן מאָל דערזען, האָב איך זיך גלײַך דערפילט, אַז איך וועל דײַנע בלײַבן. צו וואָס האָט מען געדאַרפט זומען? איך באַדויער עס נישט, און דו?

די דראָזשקע האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר די קראַטעס, וואָס האָבן אַרומגעצוימט דעם גאָרטן.

די קראַטעס, וואָס זענען שוין לאַנג נישט געפאַרבט, זענען אַרויפגעזעצט געווען אויף אַ נידעריקער אונטערמויערונג, וואָס איז אָבער געווען גענוג ברייט, אַזוי, אַז קיין קינדער זאָלן זיך נישט קאָנען אַרויפכאַפּן. די קראַטעס זענען ביז אין דער העלפט אַריין פאַרקלאַפּט געווען פון אינעווייניק מיט ברעטער, און זייערע פאַרזשאַווערטע שפּיצן האָבן בלויז דערגרייכט מער, ווי דריי מעטער פון דער ערד. אין דערמיט, צווישן צוויי געמויערטע זאַלן מיט האַזאַנעס אין דער הייך, האָבן די שטאַכעטן געבילדעט אַ טיר מיט טאָפּעלע פליגלען, וואָס זענען פון אונטן און אויך פון אינעווייניק מיט ברעטער פאַרקלאַפּט געווען.

זיי זענען אַרויסגעשטיגן. לענגאויס דעם בולוואַר האָבן זיך געצויגן פיר רייען גאַקעטעביימער. אין דער אַלגעמיינער שטילקייט האָט מען כסדר אַלץ מער געהערט דאָס שטילע אָפּקלאַפּן פון זייער אַוועקפאָרנדיקער דראָזשקע. און די געווײנטלעכע טריט פונעם פערד, וואָס איז געגאַנגען אין דער ריכטונג פון דער שטאָט.

— אַך, ווי טר יעריק עס איז אין דאָרף! — האָט זי אינגאַנצן ציטערנדיק אַ זאָג געטון.

— אָבער טייערע, דע-ווילייערס בולוואַר איז דאָך נישט קיין דאָרף!

ער האָט נישט געקאָנט דאָס טויער אויפמאַכן, און דער שלאָס האָט געסקריפּעט.

— עפן שוין אַמאָל אויף, כ'בעט דיך — האָט זי אומרויק אַ זאָג געטון, דאָס סקריפּען רייצט מיר די נערוון.

זי האָט באַמערקט, אַז די דראָזשקע וואָס איז אָנגעקומען פון דער זייט פון פאַריז, האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן זייער הויז, ווייט פון אים אפשר אַ צען ביימער. זי האָט אַ קוק געטון אויפן אויסגעדאַרטן פערדל, אויפן אָפּגעריסענעם פורמאַן און אַ פרעג געטון דע-ליבין:

— וואָס פאַר אַ דראָזשקע איז דאָס?

— אַ געוויינטלעכע דראָזשקע, טייערע.

— זי האָט זיך דאָך נישט אָפּגעשטעלט דאָ, נאָר ביים שכנותדיקן הויז.

— דאָרט איז דאָך גאָרנישט קיין הויז, נאָר אַ ליידיקער פּלאַץ.

— נו, וואָס־זשע איז? האָט זי זיך אָפּגעשטעלט פאַרן ליי־דיקן פּלאַץ, וואָס נאָך קאָן איך דיר זאָגן?

— איך זע נישט עס זאָל ווער פון איר אַרויסשטייגן.

— דער פורמאַן וואַרט אוודאי אויף אַ פּאַסאַזשיר.

— פאַר אַ ליידיקן פּלאַץ?

— ווייזט אַזוי אויס... דאָס שלאָס איז שוין פאַרזשאַווערט געוואָרן.

— זי איז, באַהאַלטנדיק זיך אונטער דיביימער, צוגע־גאַנגען אַזש ביז דעם אָרט, וואו די דראָזשקע איז געשטאַנען, נאָכ־דעם צוריקגעגאַנגען צו דע־ליבין, ווען עס האָט זיך ענדלעך איינגעגעבן צו עפענען דאָס טויער.

— ראָבערט, די פאַרהענגלעך זענען אַראָפּגעלאָזט.

— נו, איז וואָס? מן הסתם זיצט דאָרט אַ ,עליבט פּאָרל.

— דו באַמערקסט דען נישט, אַז די דראָזשקע איז עפּעס אַ וואונדערבאַרע?

— זי איז נישט שיין, אַלע דראָזשקעס זענען מיאוס, גיי אַריין.

— איז דאָס נישט אַמאָל איינער, וואָס שפּיאָנירט אונז נאָך?

— ווער האָט דען אונז באַכצושפּיאָנירן?

— איך... איך ווייס נישט... אוודאי איינע פון דיינע פרויען.

זי האָט נישט געזאָגט דאָס, וואָס זי האָט געהאַט אויפן גע־דאַנק.

— גיי שוין אַריין, טייערע.

— מאַך גוט צו דעם האַק־שלאָס, ראָבערט.

פאַר זיי האָט זיך פונאַנדערגעשפּרייט אַן אָוואַלער פּלאַץ. אין דער טיף איז געשטאַנען אַ הייזל מיט זעקס פענסטער, מיט אַ באַלקאָנדל און דריי שטיי גלעך אַרויף צו גיין דערויף. דער דאַך איז געדעקט געווען מיט דאַכעווקעס.

דע־ליני האָט דאָס הייזל אָפּגעדונגען אויף אַ יאָר, ביי אַן אַלטן באַקאַנטן, וועמען עס איז דערעסן געוואָרן דאָ צו וואוינען, ווייל מען האָט ביי אים כּסדר צוגעגנבעט די הינער און קראָליקעס. פון ביידע זייטן טראָטואַר האָבן צוויי מיט זאַמד אויסגעשיטע סטעזשקעס צום הייזל צוגעפירט. זיי זענען געגאַנגען מיט דער אַלטע רעכטס. דאָס זאַמד האָט אונטער זייערע פיס געסקריי־פּעט.

— פרוי סימאַנאַ האָט ווידער פאַרגעסן די לאָדנס צו פאַר־מאַכן — האָט דע־ליני אַ זאָג געטון.

פרוי סימאַנאַ איז געווען אַ פרוי פון ניילי, וואָס פלעגט יעדן אינדערפרי קומען אויפרוימען. די שוואַרצע און אויסגעקרימ־טע צווייגן פונם גרויסן בוים האָבן אַזש געגרייכט ביזן ראַ־לעט.

— איך האָב נישט ליב דעם בוים — האָט פעליציע אַ זאָג געטון — זיינע צווייגן זען עפּעס אויס, ווי די שלאַנגען. איין צווייג דערגרייכט אַזש אַריין אין אונזער צימער.

זיי זענען אַראָפּגעגאַנגען מיט די שטיגן אויפן באַלקאָנדל, און אין דער צייט, ווען ראָבערט האָט ביי זיך אין טאַש געזוכט דעם שליסל פון דער טיר, האָט פעליציע אָנגעשפּאַרט איר קאָפּ אויף זיין אַקסל. די רויִקייט, מיט וועלכער פעליציע האָט זיך אויס־געטון, האָט זי געמאַכט באַצויבערנד. זי האָט איצט אַרויסגעוויזן אַזוי פיל נישט באַטריבטן שטאָלץ, אַז דאָס העמד, וואָס איז איר בעלעגן לעבן די פיס, האָט אויסגעזען ווי אַ ווייסע פּאַווע.

זי האָט זיך איצט געוויזן ראָבערטן נאַקעט און פלאַמענ־דיק...

— דו הייסט דיך אפילו גאָרנישט בעטן — האָט ער אַ זאָג געטון. — עס איז זייער וואונדערלעך. עס זענען דאָ פרויען, וואָס ווען מען בעט זיי אפילו נישט, טון זיי דאָך אַלץ, וואָס מען קאָן

באַר טון, און דערלויבן דאָך נישט בשעת אַזעלכע באַציאונגען צו זען אפילו איין קליין שטיקעלע פון זייער קערפּער.

— פאַרוואָס? — האָט אים פעליציע אַ פרעג געטון, שפּילנדיק זיך מיט אירע האָר.

ראָבערט דע־ליני האָט געקאָנט פרויען, ער האָט פונדעסט־וועגן נישט דערפילט איצט, ווי פאַלש די פראַגע איז געווען. דער־צויגן אויפן גרונט פון די מאָראַלע יסודות, פלעגן שטענדיק פון זיינע ענטפערן אַרויסרעדן זיינע אַמאָליקע פּראָפעסאָרן.

— דאָס, זעט אויס, איז אָפּהענגיק פון דער דערציאונג, פון די יסודות פון דער רעליגיע, פון געוויסע אייגנשאַפטן, צו וועלכע מען איז צוגעוואוינט, וועלכע פאַרווישן זיך קיינמאָל נישט...

ער האָט נישט געדאַרפט אַזוי ענטפערן, ווייל פעליציע האָט מאַכנדיק מיט די עלנבויגנס און אָנשפּאַרנדיק אירע הענט אויף אירע לענדן, אים גלייך איבערגעריסן:

— דו ביסט נאַיוו... דאָס באַווייזט נאָר, אַז זיי זענען מיאוס געבויט... דערציאונג! רעליגיע! דאָס קאָן איך רויק נישט הערן... צי בין איך דען ערגער פון אַנדערע דערצויגן געוואָרן? אָדער אפשר בין איך ווייניקער רעליגיעז? זאָג מיר נאָר, ראָבערט, וויפיל פרויען האָסטו שוין געזען שיין־געבויטע? צייל איבער אויף די פינגער... יאָ, יאָ, אַ גאַנצע מאַסע פרויען זענען דאָ, וואָס באַ־ווייזן קיינמאָל נישט זייערע אָרעמס, און איך גאָרנישט! פאַגעט, צום ביישפּיל, ווייזט נישט איר קערפּער אפילו פאַר קיין פרויען. זען זי טוישט איבער איר העמד, האַלט זי מיט די ציין צו יענץ, וואָס זי טוט אויס. ווען איך זאָל זיין אַזוי געבויט ווי זי, וואָלט איך אפשר אויך אַזוי געטון.

זי איז שטיל געבליבן, האָט זיך באַרויקט און האָט לאַנגזאַם די הענט דורכגעפירט איבער איר שויס און אירע פיס.

נאָכמער וויכטיק איז, וואָס נישט קיין סך וועסטו אַזעלכע געפינען — האָט זי מיט שטאָלץ אַ זאָג געטון.

זי האָט גאַנץ גוט געוואוסט וויפיל הערלעכקייט עס האָט איר צוגעגעבן די עלעגאַנטע שלאַנקייט פון איר קערפּער.

איר קאָפּ, וואָס איז איצט פאַרוואָרפן געווען אַהינטער, איז פאַר־ױונקען געווען אינם ים פון אירע בלאָנדענע האָר, וואָס זענען צע־וואָרפן געווען אויף אַלע זייטן. איר שיין־אַנטוויקלטער קערפּער, וואָס איז איצט אַביסל אונטערגעהויבן געווען אויפן קישעלע, וואָס איז אַראָפּגערוקט געווען אונטער אירע פּלייצעס, האָט בערוט אומבאַוועגלעך. לענגאויס דער זייט פונם בעט האָט געבלאַנקט איר אויסגעצויגענער פוס, וואָס איז אונטן פאַרענדיקט געווען, ווי מיט אַ שפּיץ פון אַ שווערד, מיט אַ פיינעם פּיענטעלע.

די שיין פונם פייער, וואָס האָט אינם קוימען געברענט, האָט איר קערפּער גאָלד־פאַרביק געמאַכט. די ליכטיקייט צוגלייך מיטן שאָטן האָבן זיך געשפּילט אויף איר, צוגעבנדיק איר שיינ־קייט און עפּעס סודותדיקעס, בשעת אירע קליידער און וועש, וואָס זענען צעוואָרפן געווען אויפן מעבל און פּאָדלאָגע, האָבן גע־דולדיק געוואַרט.

זי האָט זיך מיט דער הילף פונם ע לנבויגן אַביסל אונ־טערגעהויבן און אָנגעשפּאַרט די באַק אויף דער האַנט:

— דו ביסט, אין אמתן, דער ערשטער. איך זאָג דיר נישט קיין ליגנט: אַנדערע האָבן פאַר מיר ווי גאָרנישט עקזיס־טירט.

ער איז נישט אייפערזיכטיק געווען וועגן דער פאַרגאַנגענ־הייט און האָט אויך קיין מורא נישט געהאַט פאַר פאַרגלייַ־כונגען.

— און ווער זענען די אַנדערע געווען? — האָט ער געפרעגט.

— פאַר אַלעם קאָן מען נאָר אין באַטראַכט נעמען צוויי: מיין פּראָפעסאָר, אַז דער רעכנט זיך דאָך געוויס נישט, און דער צווייטער איז דער, וועגן וועלכן איך האָב דיר שוין געזאָגט: אַ פּריוואַטער מענטש, וועלכן מיין מאַמע האָט מיר געשאַפט.

— און מער קיינער נישט?

— איך שווער דיר.

— און שעוואַליער?

— שעוואָליער? ניין, ניין! דו קלערסט דאָך אוודאי נישט, אַז...

— און די אָנגעזועענע פּערזאָן, וואָס דיין מאַמע האָט דיר אויסגעקליבן, רעכנט זיך אויך נישט?

— איך גיב דיר מיין וואָרט, אַז מיט דיר בין איך גאָר אַן אַנדערע פרוי. דו ביסט, וואָס אַן אמת, דער ערשטער, וואָס האָט מיך שוין געהאַט... עס איז אָבער דאָך וווּנדערבאַר! דיך, אַזוי ווי איך האָב דיך נאָר אָנגעקוקט, האָב איך דיך גלייך פאַרלאַנגט. איך האָב געטראַכט וואָס, ניין אפשר? איך וואָלט דערויף גאָרנישט אימשטאַנד געווען צו ענטפערן... איך האָב גאָרנישט אפילו אי־בערגעלייגט. דו ביסט מיר געפעלן מיט דיינע גוטע מאַניערן, מיט דיין אויפפירן זיך... איצט וואָלט איך שוין אָן דיר נישט געקאָנט לעבן! אָ, ניין, איך וואָלט נישט געקאָנט:

ער האָט איר געענטפערט, אַז לעבן איר האָט ער דערפילט דעם אמתן טעם פון פאַרגעניגן, איבעראַשונגען. ער האָט איר שיינע און צערטלעכע ווערטער געזאָגט, אַלץ אַזעלכע ווערטער, וואָס זי האָט נאָך פאַר אים געהערט.

זי האָט זיין קאָפּ אַריינגענומען אין אירע הענט:

— ציין האָסטו ווי אַ וועלפל, בנאמנות. דאַכט זיך, אַז צו־ליב דיינע ציין האָב איך גלייך דעם ערשטן טאָג, ווען איך האָב דיך דערזען, דעם חשק באַקומען דיך צו באַזיצן. גיב מיר אַ ביס...

ער האָט זי צוגעדריקט צו זיך און דערפילט, ווי דאָס שלאַנקע און קרעפטיקע פיגורל האָט אָפּגעענטפערט שטום אויף זיין צודריקן, פּלוצלינג האָט זי זיך אַרויסגערוקט פון זיינע אומאַר־מונגען:

— דו הערסט, ווי דאָס זאַמד קנאַקט?

— ניין.

— האָרך, איך הער דאָס רוישן פון טריט אינם גאָרטן. איינגעבוגן איז זי געזעסן און זיך איינגעהאָרכט.

ראָבערט איז געווען אויפגערעגט, אומגעדולדיק און געריצט אין זיין אייגן־ליבע!

— וואָס איז מיט דיר? ס'איז דאָך קאָמיש!

— זיי נאָר שטיל — האָט זי שאַרף אַ געשריי געטון.

זי האָט דערהערט אַ שטילן און נאָענטן גערויש, ווי דאָס גערודיש פון צעבראָכענע צווייגן.

פלוצלינג איז זי אַרויסגעשפרונגען פונעם בעט. אַזוי לעבעדיק און פלינק, ווי אַ יונג חיהלע, אַזוי, אַז דע-ליני, כאָטש ער איז זייער ווייניק פּאַטעטיש געשטימט געווען, איז זי אים דאָך פאַרגעקומען, ווי אַ קעצל, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פרוי.

— ביסט משוגע געוואָרן! וואָאהין גייסטו?

זי האָט אויפגעהויבן דעם עק פון דער פאָרהאַנג, האָט אָפּגעווישט אַ שטיקל שויב און אַרויסגעקוקט דורכן פענסטער. אַ חוץ דער פינסטערניש האָט זי גאָרנישט באַמערקט. דאָ איז שטיל געוואָרן.

דע-ליני האָט אומצופרידן אַ ברום געטון:

— טו וואָס די ווילסט, דו קאָנסט אָבער אַ קאַטאַר באַקומען.

זי האָט זיך צוריק אַריינגערוקט אין בעט.

אין אָנהייב האָט ער זי אַ ביסל אויסגעמיטן; זי האָט אים אָבער באַלד פאַרשיכורט מיט אַ גרויסער פאַרגעניגן-צערטלעכקייט.

ווען זיי זענען צום באַוואוסטזיין צוריק געקומען, האָבן זיי זיך מיט איבעראַשונג איבערצייגט, אַז עס איז שוין זיבן אַ זייגער.

ראָבערט האָט אָנגעצונדן דעם באַט-לאָמפּ, וואָס איז זייער ענלעך געווען צו אַ קאָלומנע, מיט דער קרישטאָלענער באַניע, אין וועלכער די קנויט האָט זיך געשלענגלט, ווי אַן עכטע שלאַנג. פעליציע האָט זיך שנעל אָנגעטון. זיי האָבן געמוזט אַראָפּגיין פונעם ערשטן שטאָק דורך שמאָלע פינסטערע האָלצערנע טרעפּ. דע-ליני איז געגאַנגען פאָראויס מיטן אָנגעצונדענעם לאָמפּ אין דער האַנט. אין קאָרידאָר האָט ער זיך אָפּגעשטעלט.

— גיי אַרויס, טייערע, איידער איך לעש אויס

זי האָט געעפנט די טיר און זיך גלייך צוריקגעצויגן, געבנ־דיק דערביי אַ שרעקלעכן געשריי. אויפן באַלקאָנדל האָט זי דער־זען שעוואַליערן. ער איז געשטאַנען אַ לאַנגער, אַ שוואַרצער, ווי אַ צלם, מיט די הענט איבערגעלייגט איי.ע אויף דער צווייטער. אין דער האַנט האָט ער געהאַלטן אַ רעוואָלווער. דאָס געווער האָט נישט געגלאַנצט און פונדעסטוועגן האָט עס פּעליציע גלייך דער־קאָנט.

— וואָס איז געשען? — האָט דע־ליני אַ פרעג געטון, אַרויס־דרייענדיק די קנויט פונם לאָמפּ.

— פאָלגט מיך און רוקט אייך נישט צו איינער צום צווייטן — האָט שעוואַליער מיט אַ שטאַרקער שטימע אַ געשריי געטון. — איך פּאַרוועך אייך צו געהערן צו זיך, אַזוי איז מיין לעצטער ווילן. זיי געזעגנט פּעליציע!

און ער האָט אַרייַנגעשטעקט אין זיין מויל די לופע פון רעוואָלווער.

זי האָט, זייענדיק צוגעדריקט צו דער וואַנט פונם קאָרידאָר, צוגעמאַכט אירע אויגן. ווען זי האָט זיי צוריק געעפנט, האָט זי דערזען שעוואַליערן ליגן אין דער ברייט פון דער טיר, זייענדיק אויסגעדרייט אויף אַ זייט. די אויגן זענען בײַ אים געווען ברייט געעפנט, עס האָט אויסגעזען, ווי ער קוקט און לאַכט. אַ שמאָל טייַ־כעלע בלוט איז אים גערונען פון מויל אויף דער שטיינערנער פּאָ־סאַדזקע פונם באַלקאָנדל. די האַנט האָט נאָך בײַ אים קאָנוואול־סיוו געציטערט. נאָכדעם איז ער געבליבן ליגן, נישט רירנדיק זיך מער, און זייענדיק איינגעבויגן אין דער העלפט, האָט ער אויסגעזען קלענער, ווי ער איז באמת געווען.

אויפן רעוואָלווער־קלאַפּ איז דע־ליני צוגעלאָפן. אין דער פינסטער האָט ער אונטערגעהויבן דעם קערפּער, ער האָט אים אָבער גלייך צוריק אַנידערגעלייגט און געפרוווט אָנצינדן אַ שווע־בעלע, וואָס דער ווינט האָט יעדעס מאָל פּאַרלאָשן. ענדלעך האָט אויפגעבליצט אַ קליינע ליכטיקייט, אין דער שיין פון וועלכער ער האָט דערזען, אַז די קויל האָט אַרויסגעריסן אַ שטיק שאַרבן פונם קאָפּ, און דורכן לאָך, וואָס איז אַזוי גרויס געווען ווי אַ פויסט,

האָט מען אײנגאַנצן אַרױסגעזען די געהירן. דאָס לאָך איז געװען פֿון אַ נישט רעגלמעסיקער פֿאָרם און האָט דערמאָנט די קאָנטורן פֿון אַפֿריקע, װאָס די שול־יוגנט צייכנט לויט די אַטלאַסן.

דע־ליני האָט צו דעם פֿאַרשטאָרבענעם פּלוצלינג דערפֿילט אַ גרויסע אַכטונג. אויף אַ דעליקאַטן אופֿן האָט ער אים אַרײַנגע־שלעפּט אינעם פֿאָדערצימער אַרײַן. דאָרט האָט ער אים געלאָזט ליגן און איז געלאָפֿן אָפּזוכן פּעליציען. ער האָט זי אָן אויפֿהער גערופֿן.

געפֿונען האָט ער זי אין שלאָפֿצימער. מיטן קאָפּ אײַנגע־גראָבן אינעם נישט־אויפֿגעבעטן בעט, שרײַענדיק אַלעמאָל: „טאַטע, מאַמע" און זאָגנדיק תּפֿילות.

— קום אַרויס פֿון דאַנען, פּעליציע.

זי איז מיט אים אַראָפּגעגאַנגען פֿון די טרעפּ.

— דו װייסט דאָך, אַז מען קאָן נישט אַדורכגיין — האָט זי אים אין קאָרידאָר אַ זאָג געטון.

ער האָט זי אַרויסגעפֿירט דורך דער קיך־טיר.

## VII

בלייבנדיק אַליין אינעם שטילן הויז, האָט דע־ליני אָנגע־
צונדן אַ לאָמפּ. פּלוצלינג האָט ער דערפילט, אַז ערגעץ טיף אין
זיין נשמה האָבן זיך אָנגעהויבן אָגרופן ערנסטע און פייערלעכע
שטימען. זייענדיק פון דער קינדהייט אָן דערצויגן אויף די גרונד־
געזעצן פון דער מאָראַלישער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, האָט ער אָנ־
געהויבן פילן אין זיך עפּעס אַ פיינלעכע ווייטיק, וואָס איז ענ־
לעך געווען צו געוויסנסביסן. טראַכטנדיק וועגן דעם, אַז ער האָט
דאָס צוגעברענגט צום טויט פון דעם מענטש, האָט ער, נישט
קוקנדיק אויף זיין ווילן און וויסנשאַפט, געפילט זיך אויף אַן
אמת נישט איינגאַנצן אומשולדיק. די דערי בערונגען פון זיין רע־
ליגיעזער און פילאָזאָפישער וויס־שאַפט האָבן זיין געוויסן אָנגע־
הויבן אַביסל צו באַרויקן. די געדאַנקען פון די מאָראַליסטן און
מוסר־זאָגערס, וואָס ער האָט אַמאָל קאָנען געלערנט אין דער שו־
לע און וואָס האָבן דאָרט ערגעץ אין דער טיפעניש פון זיין זכרון
גערוט, האָבן פּלוצלינג אויפסניי אין אים אויפגעלעבט, ציטירט
דורך יענע אינערלעכע שטימען. זיי האָבן זיך אָנגערופן אין אים
מיט דעם זעלבן סטיל פון אַ געוויסן אַלטן מוסר־זאָגער:

„אָפּגעבנדיק זיך די תאוות, וואָס זאָגן לויט דער מענטש־
לעכער מיינונג אַמווייניקסן ווערט אפילו באַשטראָפט צו ווערן,
איז דער מענטש גרייט אָפּצוטאָן די ערגסטע מעשים. שרעקלעכע

ביישפּילן לערנען אונז, אַז לײַדנשאַפט פירט צו מערדעריי".

די יסודות, וועגן וועלכע ער האָט זיך נאָך קיינמאָל נישט אָפּגעשטעלט אַ טראַכט צו טון, האָבן איצט באַקומען פאַר אים אַ גוואַלטיקע באַדייטונג. ער האָט זיך ערנסט פאַרטראַכט וועגן זיי. צוליב דעם אָבער, וואָס זיין געדאַנק איז נישט געווען דורך און דורך רעליגיעז און אויך נישט פעיִק צו איבערגעטריבענע ספקות, איז אַלזאָ דער רעזולטאַט פון זיין איבערלייגן זיך געווען די אָפּשוואַכונג פון זיינע ערשטע געפילן, וואָס ער האָט איצט אָפּגעמשפּט אַלס אַ זאַך אָן אַ זין און אַלס אַזעלכע, וואָס לאָזן זיך נישט צופּאַסן צו דער לאַגע... אָפּגעבנדיק זיך די תאוות, וואָס זענען לויט דער מענטשלעכער מיינונג אַמווייניקסטן ווערט אפילו באשטראָפט צו ווערן... שרעקלעכע ביישפּילן לערנען אונז... די זאַצן, וואָס ערשט מיט עטלעכע מינוטן צוריק האָבן זיי זיך צעשפּרייט אין זיין נשמה ווי אַ דונער־קלאַפּ, האָבן אים איצט צום באַוואוסטזיין צוריקגעברענגט, אַזוי ווי די לעקציעס פון זיינע אַמאָליקע פּראָפעסאָרן און גלחים און האָבן זיך אים אפילו אויסגעוויזן אַביסל קאָמיש. מיט דער קראַפט פון זיין אָנגעשטרענגטן און קאָנצענטרירטן פאַרשטאַנד האָט ער זיך דערמאָנט אַ זאַך פון אַן אַלטער רוימישער דערציילונג, וואָס ער האָט אַמאָל געליינט, נאָך זייענדיק אין דער צווייטער קלאַס. אין דער דערציילונג האָט זיך גערעדט וועגן אַ פרוי, וואָס איז אָנגעקלאָגט געוואָרן, אַז זי האָט געוואָלט אונטערצינדן רוים. אמת איז טאַקע — האָט דער היסטאָריקער געשריבן — אַז דער מענטש, וואָס זינדיקט און טרעט אַרויס קעגן דער גוטער אויפפירונג, איז פעיִק צו יעדן פאַרברעכן. דערמאָנענדיק זיך דאָס, האָט ער אין זיך אַ שמייכל געטון און דערביי געטראַכט, אַז די מאָראַליסטן האָבן אָך קאָמישע אַנשויאונגען וועגן לעבן.

דער לאָמפּ האָט זיך שלעכט געברענט און אָנגעהויבן קאָפּטשען, און צוליב דעם, וואָס דעליני האָט אים נישט אין אָרדנונג געברענגט, איז אַנטשטאַנען אינם צימער אַ שרעקלעכער עקלהאַפּטער גערוך פון נאַפט.

ראָבערט איז שוין איצט, וואָס אַנבאַלאַנגט זיין שולד, פּאָלקאָם רויִק געווען. זיינע געוויסנסביסן זענען פאַרשוואונדן. ער האָט אפילו נישט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי ער האָט איין מינוט געקענט פילן זיך פאַראַנטוואָרטלעך פאַר שעוואַליערס טויט. די זאַך אַליין איז אים אָבער דאָך געווען אומאָנגענעם.

— אפשר לעבט ער נאָך? — האָט ער פלוצלינג אַ טראַכט געטון.

מיט עטלעכע מינוטן צוריק האָט ער אין שיין פון שוועבעלע געזען אין משך פון אַ סעקונדע דעם שוישפּילערס דורכגעלעכערטן שאַרבן. אפשר האָט ער שלעכט געזען?

אפשר איז דאָס נאָר געווען אַוועקגעשאַרפּעטע הויט? צי קאָן זיך דען אַ מענטש אָפּגעבן אַ רעכענונג אין ערשטן מאָמענט, ווען ער ווערט דערשראָקן? די וואונד קאָן טאַקע שרעקלעך זיין, אָבער דאָך נישט שטערבלעך, און אַפילו נישט געפערלעך. עס האָט זיך אים טאַקע געדאַכט, אַז דער מענטש לעבט שוין מער נישט. איז ער דען אָבער אַ דאָקטאָר, אַז ער זאָל דאָס קאָנען באַשטעטיקן, זייענדיק דערין פאָלקאָם זיכער?

ער האָט זיך זייער באַאומרויִקט צוליב דעם קאָפּטשענדן לאָמפּ און שטיל געשעפּטשעט צו זיך:

— דער לאָמפּ פאַרסמט די לופט.

און דערמאַנענדיק זיך דעם דאָקטאָר סאָקראַטעסעס געוויינלעכן אויסדרוקן האָט ער זיי נאָכגעזאָגט וואָרט ביי וואָרט:

— דער לאָמפּ שטינקט, ווי הונדערט טייוולאָנים צוזאַמען.

עס האָבן אים אָנגעהויבן אַרויפקומען אויפן געדאַנק פאַרשיידענע נישט געלונגענע זעלבסמאָרדן, ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט געלעזן אין אַ צייטונג וועגן אַ מאַן, וואָס האָט דערמאָרדעט זיין פרוי, האָט זיך נאָכדעם ווי שעוואַליער געשאָסן אין מויל אַריין און זיך בלויז צעהאַקט די קינבאַק. ער האָט זיך אויך דערמאָנט, אַז אין קלוב האָט אַ געוויסער באַקאַנטער ספּאָרטסמאַן נאָך אַ סקאַנדאַל ביי אַ קאָרטן־שפּיל זיך דאָס לעבן געוואָלט גע-

מען און האָט דערבײַ נאָר איין אויער פֿאַרלוירן. די בײַשפּילן האָבן זיך געלאָזט צופּאַסן אויך צו שעוואַליערן.

„אפשר לעבט ער נאָך?"

קענן יעדער וואַרשײַנלעכקייט האָט ער פֿאַנטאַזירט, אַז דער אומגליקלעכער האָט נאָך נישט אויסגעהאַכט זײַן לעצטן אָטעם און קאָן נאָך אָפּגעראַטעוועט ווערן. ער האָט איצט געטראַכט וועגן אָפּזוכן אַ שטיקל לײַוונט, וואָס זאָל טויגן צו מאַכן דערפֿון דעם אומגליקלעכן דעם ערשטן באַנדאַזש, וועלענדיק נאָכאַמאָל באַטראַכטן דעם מענטש, וואָס איז געלעגן אינם פֿאָדערצימער, האָט ער אויפגעהויבן דעם לאָמפּ אַזוי הויך, אַז ער האָט זיך אַזש אויסגעלאָשן.

געפֿינענדיק זיך פֿלוצלינג אין דער פֿינסטער, האָט ער אָנגעוואוירן דאָס געדולד און אָנגעהויבן שעלטן:

— צו אַלדע רוחות!

אָנצינדנדיק אויפסנײַ דעם לאָמפּ, האָט ער זיך דערפרייט מיטן געדאַנק, אַז שעוואַליער וועט קומען צום באַוואוסטזײַן, ווען מען וועט אים נאָר ברענגען אין שפּיטאָל אַרײַן, און וועט ווייטער לעבן. און זעענדיק אים גײן אויף זײַנע לאַנגע פיס. אַ שרײַענדיקן, אַ הוסטנדיקן, אַ לאַכנדיקן, האָט ער שוין ווײניקער אָנגעהויבן פֿאַרלאַנגען, אַז ער זאָל געזונט ווערן, ער האָט אים אפילו אויפגעהערט אײַנגאַנצן צוריק פֿאַרלאַנגען, באַטראַכטנדיק אים פֿאַר אַ זאַך, וואָס איז פֿאָלקאָם אומנוצלעך און אויך אומבאַקוועם.

— וואָס וועט דאָס עלענדע קאָמענדיאַנטל טון אויף דער וועלט? — האָט ער זיך אַליין מיט אומרויִקייט געפרעגט. ער וועט צוריקגײן אין „אָדעאָן"? ער וועט זיך אָפּשירן מיט זײַן גרויסן העפּט אויפן פּנים? ער וועט זיך ווייטער דרייען אַרום פּעליציען?

ער איז צוגעגאַנגען צום קערפּער מיטן אָנגעצונדענעם לאָמפּ און ווידער דערזען די בלוטנדע וואונד, וואָס איר געשטאַלט האָט אים נאָכאַמאָל דערמאָנט אָן דער אַפריקע פון זײַנע שילער־אַטלאַסן.

דער טויט האָט מאָמענטאַל געמוזט קומען, און ער האָט איצט באַרנישט געקאָנט פאַרשטיין, ווי אַזוי ער האָט אַפילו איין אייינציקע מינוט געקאָנט צווייפלען דערין.

ער איז אַרויס אין דרויסן און אָנגעהויבן גיין מיט גרויסע טריט הין און צוריק איבערן גאָרטן. דאָס געשטאַלט פון דער וואונד האָט זיך אים כסדר פאַרגעשטעלט פאַר די אויגן, ווי דער איינדרוק פון אַ צו שטאַרקער ליכטיקייט, דאָ האָט זי זיך פאַרגרעסערט און דאָ פאַרקלענערט. עס האָט אים אויסגעזען, ווי זי וואָלט זיך געלייגט אויפן טונקעלן הימל, אויפן ווייסן פלעק פונם האָריזאָנט, פון וועלכן עס זענען אַרויסגעשפּרונגען קליינע מוזשינען באַוואָפנט מיט פייל און בויגנס.

ער האָט באַשלאָסן, אַז פריִער פאַר אַלעם מוז ער דאָ אַהער רופן פּרוי סימאָנאַ, וואָס האָט געוואוינט נישט ווייט, ביים בינאַ-בולוואַר, אינם זעלבן הויז, וואו די קאָוואַרציע איז געווען. ער האָט פלייסיק צוגעמאַכט די קראַטן און געגאַנגען נאָך איר זייענדיק אויף דער גאַס, האָט ער ערשט צוריק באַקומען זיין גלייכגעוויכט. ער האָט איצט שלום געמאַכט מיט דעם צושטאַנד פון דער זאַך, אַזוי ווי זי איז געווען, ער האָט נאָר פאַרגעוואָרפן זיין גורל געוויסע איינצלנע אומשטענדן, אויב עס האָט שוין טאַקע געמוזט זיין אַ טויטער.

— גוט, ער האָט דערמיט איינגעשטימט, ער וואָלט אָבער געווען געוואָלט עפּעס אַ צווייטן. טאַקע בנוגע דעם האָט ער דערפילט אַ געפיל פון עקל און אָפּשיי.

— איך אָנערקען דעם זעלבסטמאָרד — האָט ער זיך געטראַכט — פאַרוואָס עפּעס אַ זעלבסטמאָרד אַ קאָמישער, וואָס איז אויסגערעכנט אויף עפעקט? צי האָט דער מענטש זיך נישט געקאָנט דערמאָרדן ביי זיך אין דער היים? צי האָט ער זיין באַשלוס, אויב ער האָט אַזוי געהאַט באַשלאָסן, נישט געקאָנט דורכפירן מיט ווירדע און גאַנץ דיסקרעט? אַזו וואָלט געטון אויף זיין אָרט אַן אמתער דזשענטלמאַן. אַלע וואָלטן אים באַוואונדערט און געאַכטעט זיין אָנדענק.

ער האָט זיך דערמאָנט דאָס גאַנצע געשפּרעך, וואָרט ביי וואָרט, וואָס ער האָט מיט אַ שעה צוריק פאַר דעם פאַרפאַל געהאַט מיט פּאָליציען אינם שלאָף־צימער. ער האָט זי דאַמאָלס געפרעגט, אויב זי האָט נישט אַ געוויסע צייט צוזאַמען געלעבט מיט שוואָליערן. ער האָט זי געפרעגט, נישט כדי געוואויר צו ווערן, ווייל אין דעם האָט ער קיין איין רגע אויך נישט געצווייפלט, ער האָט נאָר אַזוי אַרום געוואָלט אונטערשטרייכן, אַז ער ווייסט עס און זי האָט אים דאַמאָלס אויפגערעגט געענטפערט: וואָס, ער? ניין, ניין! דו רעכנסט דאָך זיכער נישט, אַז...

דאָס, וואָס זי האָט ליגנט געזאָגט, האָט ער איר נישט גענומען פאַר אומגוט. אַלע פרויען זאָגן ליגנט. פאַרקערט, ער האָט זיך נאָך דערפרייט דערמיט, וואָס זי האָט דעם יונגענמאַן אַזוי שנעל אויסגעשטראָכן פון איר פאַרגאַנגענהייט. עס האָט אים נאָר פאַרדראָסן דאָס, וואָס זי האָט זיך איבערגעגעבן אַזאַ נישטיקן אַקטיאָרל. דאָס האָט גערייצט זיין גוטן געשמאַק. זי האָט זיך גאָרנישט גערעכנט מיט קיין שום אויסוואַל? פאַרוואָס האָט זי עפּעס גענומען געליבטע פון אַזעלכע ספערן? וואָס, עס האָט איר אויסגעפעלט אַ גוטער געשמאַק? זי האָט זיך אויפגעפירט ווי יעדעם מיידל! זי האָט נישט פאַרמאָגט אין זיך דאָס געפיל פון ריינקייט. וואָס דיקטירט די פרויען דאָס, וואָס איז זיי דערלויבט צו טון און וואָרנט זיי פאַר דעם, וואָס עס איז זיי נישט דערלויבט צו טון. זי האָט זיך נישט געקאָנט אויפפירן אָנשטענדיק? אָט צו וואָס אַ שלעכטע אויפפירונג קאָן צוברענגען. שוואָליער האָט אים קאַליע געמאַכט פּאָליציען. ער האָט זי איצט פאַראַנטוואָרטלעך געמאַכט פאַר דעם אומגליק, וואָס איז געשען, און האָט דערמיט אַ גרויסע דערלייכטערונג דערפילט.

פרוי סימאַמאַנא איז נישט געווען אין דער היים. ער האָט זיך אָנגעהויבן נאָכפרעגן אויף איר ביי די יונגלעך פון דער צוקערניע, פונם קאָלאָניאַל־געשעפט, ביי די מיידלעך פון דער וועשעריי און ביי די וואַך־פּאָליציאַנטן.

ענדלעך, גייענדיק לויט די אָנווייזונגען, וואָס אַ געוויסע שכנטע האָט אים געגעבן, האָט ער זי געפונען, צולייגנדיק קאָ־

פרעסן אַ פרוי. סימאַנאַ איז געווען אַ קראַנקע וועכטערין. איר געזיכט איז געווען פורפור-רויט און מען האָט געפילט פון איר בראָנפן. דע-ליני האָט זי אַהין געשיקט זי זאָל וואַכן ביים טויטן. ער האָט זי געהייסן צודעקן אים מיט אַ לײַלעך און וואַרטן אויף דער דיספּאָזיציע פונעם פּאָליציי-קאָמיסאַר און דאָקטאָר, וואָס וועלן קומען אַ פּראָטאָקאָל צוזאַמענשטעלן. זי האָט אים, זייענדיק אַ ביסעלע באַליידיקט, געענטפערט, אַז זי ווייסט אַליין, וואָט צו דאַנקען, וואָס זי האָט צו טון. און אין אמתן האָט זי טאַקע געוואוסט, ווייל זי איז אויפגעוואַקסן אין אַזאַ סביבה, וואָס וואַרפט זיך אונטער די פון געזעץ באַשטימטע אויטאָריטעטן און אַכטעט די פאַרשטאָרבענע. ווען זי האָט זיך דערוואוסט פון דע-ליניִן, אַז ער האָט דעם טויטן קערפער אַריינגעשלעפט אין פּאָדערצימער אַריין, האָט זי אים מודיע געווען, אַז ער האָט זייער אומפּאָרזיכטיק געטון און אַז אַזאַ האַנדלונג קאָן אים פאַרשאַפן געוויסע אומאָנגענעמלעכקייטן.

— איר האָט נישט געדאַרפט אַזוי טון — האָט זי געזאָגט — קיין זעלבסטמערדער טאָר מען נישט רירן פון אָרט ביז די פּאָליציי קומט.

דערנאָך איז דע-ליני געגאַנגען צו וויסן טון דער פּאָליציי. ווען זיין ערשטע אויפגעבראַכטקייט איז שוין געהאַט פאַרשוואונדן, האָט ער זיך ערשט רויִק דערפילט, זיכער צוליב דעם, ווייל אַלע געשעענישן, וואָס זענען אויס אויסערגעוויינטלעך, ווערן באַלד נאַטירלעך אין דעם מאָמענט, בשעת זיי זענען שוין אָפּגעטון געוואָרן, דאָס הייסט, זיי ווערן אַזעלכע, ווי זיי זענען אין דער ווירקלעכקייט, און צעפאַלן זיך אויף אַ גאַנצער ריי קליינטשיקע פאַקטן ביז זיי ווערן ענדלעך פאַרזונקען אין דער געוויינטלעכקייט פונעם אַלטעגלעכן לעבן. זיין אויפמערקזאַמקייט איז איצט אָפּגעצויגן געוואָרן פונעם טראַגיזם פון שעוואַליערס טויט דורך די בלויזע אומשטענדן פונעם טויט, דורך דעם אָנטייל, וואָס ער איז אַליין געצוואונגען געווען צו נעמען אין אים און דורך דער באַשעפטיקונג, וואָס דער טויט האָט אים פאַרשאַפט. גייענדיק איצט אינעם פּאָליציי-קאָמיסאַריאַט, האָט ער זיך אַזוי רויִק געפילט, ווי ער וואָלט

איצט געגאַנגען אין מיניסטעריום אַרײַן אָפּשיפרירן דעפּעשן.

אַרום צען אַ זײגער אין אָװנט זענען אָנגעקומען אין גאָרטן אַרײַן דער פּאָליצײ-קאָמיסאַר מיט זײַן סעקרעטאַר און אַ געהײם-אַגענט. דער שטאָט-דאָקטאָר העברי איז אָנגעקומען אַ ביסל שפּעטער. אינם גאַנצן הױז האָט מען שױן, צוליב פרוי סימאָנאַ, געשפּירט קאַרבאָל. די ליכט זענען געװען אָנגעצונדן. פרוי סימאָנאַ האָט זיך אױך שטאַרק מי געגעבן, אַז מען זאָל ברענגען דעם טױטן אַ קרוציפיקס. בײַם שײַן פון אַ ליכט האָט דער דאָקטאָר באַטראַכט דעם טױטן קערפּער.

געװען איז ער אַ דיקער מאַנספּערזאָן מיט אַ רױטער געזיכטס-פאַרב און אַ שװערן אָטעם. ער האָט גאָר װאָס געהאַט אָפּגעגעסן מיטאָג.

— די קױל, װאָס איז פון אַ גרױסן קאַליבר -- האָט ער געזאָגט — האָט דורכגעהאַקט דאָס מױל-לאָך, איז דורכגעלאָפן די געהירן און האָט צעטראַסקעט דעם קאָפּ-שאַרבן, אױסרײַסנדיק דערבײַ אַ גאַנץ שטיק פון אים. דער טױט איז געקומען מאָמענטאַל.

דאָס ליכט האָט ער אַװעקגעגעבן פרוי סימאָנאַ און האָט װײַטער פאָרגעזעצט:

— די שטיקלעך פונם שאַרבן זענען צעשפּרונגען געװאָרן אױף אַ גענוג װײַטן שטח. מען װעט זײ קאָנען געפינען אין גאָרטן. די קױל האָט געמוזט זײַן קײַלעכדיק. אַ לענגלעך-קײַלעכדיקע װאָלט נישט געװען צוגעמאַכט אַזאַ גרױסן חורבן.

דער קאָמיסאַר אָבער, הער יאָסע אַרבריסל, אַ הױכער, אַ דאַרער, מיט גרױסע גרױע װאָנסן, האָט אױסגעזען, װי ער װאָלט באָרגישט געזען און געהערט. הינטער די קראַטן האָט אַ הונט געװאָיעט.

— די ריכטונג פון דער װאונד — האָט דער דאָקטאָר װײַטער געזאָגט — װי אױך די נאָך אײַנגעבױגענע פינגער בײַ דער רעכטער האַנט באַשטעטיקן גענוג קלאָר, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ זעלבסטמאָרד.

ער האָט פאַרױכערט אַ ציגאַר.

— אַלץ, וואָס האָט צו אונז געהערט, האָבן מיר שוין פערשפּילט — האָט דער פּאָליציי-קאָמיסאַר באַקאַנט געמאַכט.

— עס איז מיר זייער נישט אָנגענעם, וואָס איך האָב אייך געמוזט באַמיִען — האָט זיך דע-ליני אָנגערופן — און איך דאַנק אייך זייער פאַר דער פּלייסיקייט, מיט וועלכער איר האָט אייער פליכט דערפילט.

דער פּאָליציי-סעקרעטאַר און דער אַגענט האָבן, אונטער דער אָנפירונג פון כרוי סימאָנאַ, אַראָפּגעטראָגן דעם טויטן קערפּער אויפן ערשטן שטאָק.

הער יאָסע אַרבריסעל האָט זיך געביסן די נעגל און געקוקט פאַר זיך אין ווייטן חלל.

— אַ דראַמע אויפן באָדן פון אייפערזוכט — האָט ער אָנזאָג געטון — אַ גאַנץ-געוויינטלעכע זאַך, וואָס טרעפט ביי אונז כמעט יעדן טאָג. מיר האָבן דאָ אין נייל אַ גרויסע צאָל זעלבסטמאָרדן, פון דעם קומען דרייסיק פּראָצענט פאָר צוליב אַזאַרד-שפּיל און די איבריקע צאָל זענען ליבעס-אַנטוישונגען, נויט און נישט אויסהיילבאַרע קראַנקהייטן

— דאָס איז דאָך, דאַכט זיך, שעוואַליער? — האָט דער דאָקטאָר היברי, וואָס איז געווען אַ גרויסער טעאַטער-ליבהאָבער, אַ פרעג געטון — טאַקע, שעוואַליער? וואַרט נאָר איין מאָמענט, מיינע הערן. איך האָב אים, דאַכט זיך, דאָ נישט לאַנג צוריק געזען אויף עפּעס אַ בענעפיס... יאָ, יאָ... ער האָט אַ מאָנאָלאָג געזאָגט.

הינטער די קראַטן האָט אַלץ דער הונט געוואָיעט.

— עס איז זייער שווער זיך פאַרצושטעלן — האָט דער קאָמיסאַר זיין געשפּרעך ווייטער געצויגן — וואָס פאַר אַ פאַרוויסטונג דער אַזאַרד-שפּיל מאַכט אָן אין דעם רעוויר. עס וועט נישט זיין קיין שום גוזמאָ, אויב איך וועל זאָגן, אַז דרייסיק פּראָצענט פון די זעלבסמאָרדן קומען פאָר אויף דעם באָדן. אַלע שפּילן דאָ. נישט לענגער ווי מיט איין וואָך צוריק האָט זיך אינם וואַלד אויפגעהאָנגען דער סטרוזש פון אַ הויז, אויף דער דו-רול-גאַס, ז״י אַרבעטער, די דינערשאַפט און די קלענערע באַאַמטע דאַרפן

זיך נאָך נישט אזוי גענומען דאָס לעבן, זיי ציִען זיך נאָר איבער אין א צווייטער גאַס אַריין. זיי ווערן פאַרשוואונדן. א מענטש אָבער אויף א שטעלע, א באַאַמטער, ווען דאָס שפּילן האָט צו־געבראַכט צו רואינאַציע, ווען ער דאַרף באַצאָלן חובות און עס דראָט אים נאָך די תפיסה, דער קאָן שוין נישט אַנטלויפן.

— אַהאַ, איך ווייס שוין — האָט דער דאָקטאָר העכער א זאָג געטון — ער האָט דאַמאָלס דעקלאַמירט „דעם דועל אין סאָ־וואַנאַ". די מאַנאַלאָגן זענען שוין דערעסן געוואָרן, דער, אָבער, האָט שטענדיק יעדן געוויילט. איר געדענקט מיינע הערן? „איר ווילט אייך שלאָגן אויף שווערדן"? „ניין". „אויף פּיסטאָלעטן"? „ניין". „אויף מעסערס"? „ניין". „אַהאַ. איך ווייס שוין, וואָס איר ווילט, א דועל אין דער סאַוואַנאַ. איך בין מסכים. מיר וועלן פאַרטרעטן די סאַוואַנאַ מיט א פינף שטאָקיק הויז, איר מעגט אייך פאַרשטעקן ערגעץ דאָרט אינעם גראָז". שעוואַליער האָט דאָס זייער קאָמיש דעקלאַמירט. ער האָט מיך האַרציק געוויילט. וואָס דער ...מת איז, בין איך א דאַנקבאַר פּובליקום. איך פאַרגעטער דאָס טעאַטער.

דער פּאָליציי־קאָמיסאַר האָט זיינע ווערטער גאָרנישט גע־הערט. ער איז פאַרטון געווען אינעם לויף פון זיינע געדאַנקען.

— עס איז אוממעגלעך גענוי צו באַצייכענען, וויפיל עקזיס־טענצן דער אַזאַרד־שפּיל דערהרגעט יעדעס יאָר. זיינע קרבנות לאָזט ער שוין נישט אָפּ. דאַמאָלס, ווען ער האָט זיי שוין אַלע צוגענומען, בלייבט נאָר איבער איין איינציקע האָפנונג...

ער האָט אויפגעהערט צו רעדן און אָנגעשטעלט זיין אויער אויפן געשריי פונם צייטונגס־פאַרקויפער, וואָס מען האָט פונדער־ווייטנס געהערט, ער האָט זיך גלייך א וואָרף געטון נאָך דעם צייטונגס־פאַרקויפערס פאַרבייפליִענדער סילוועטקע. ער האָט אים נאָכגעשריגן, געקויפט ביי אים א צייטונג און אָנגעהויבן זי דורכ־קוקן, ביים שיין פון דער לאַמטער, זוכנדיק אין איר די נעמען פון זיינע פערד „פלער דע פּאַי", „לאַ שאַטעליין", „לוקרעציוש". פון זיינע ציטערדיקע הענט איז אים די צייטונג אַרויסגעפאַל. זיינע אויגן האָבן באַקומען א טריבן אָנבליק. זיין פערד האָט ני...

געוואוינט. און דאָקטאָר היברי, וועלכער האָט אים פונדערווייטנס אָבסערווירט, האָט געמיינט, אַז אַלס שטאָט-דאָקטאָר וועט ער אין קורצן אַרויסגערופן ווערן צו קאָנסטאַטירן דעם פּאָליציי-קאָמיסאַרס טויט, און האָט פּאַראויס באַשלאָסן, צו קאָנסטאַטירן, אויב עס וועט נאָר מעגלעך זיין אַן אומגליקס-צופאַל.

פלוצלינג האָט ער אַ כאַפּ געטון זיין רעגן-שירם.

— איך אַנטלויף. איך האָב געקריגן אויפן הייזטיקן אָוונט אַן אָרט אין דער קאָמישער אָפּערע. עס וואָלט אַ שאָד געווען צו פאַרלירן עס.

פאַרן אַרויסגיין פון דער שטוב האָט דע-ליני אַ פרעג געטון פרוי סימאָנאַ:

— ווי האָט איר אים געלייגט?

— אויפן בעט — האָט זי געענטפערט — אַזוי איז צום פּאַסיקסטן.

ער האָט זיך נישט קעגנגעשטעלט. אויפהייבנדיק די אויגן צום דאַך, האָט ער דערזען אין די פענסטער פון זיין שלאָף-צימער, דורך די מושלין-פאָרהענגלעך, די שיין פון צוויי ברענענדע ליכט, וואָס פרוי סימאָנאַ האָט אַנידערגעשטעלט אויפן נאַכט-שענקעלע.

— אפשר זאָל איך רופן אַ אָרדענס-שוועסטער, זי זאָל וואַכן לעבן אים?

— עס איז נישט נויטיק — האָט פרוי סימאָנאַ געענטפערט. זי האָט שוין געהאַט געאַרבעטן די שכנים און באַשטעלט ווייַן — מען דאַרף נישט, איך וועל אַליין וואַכן לעבן אים.

דע-ליני האָט זיך נישט מער געשפּאַרט.

הינטער די קראַטן האָט אַלץ אינאיינעם געוואָיעט דער הונט.

אַהיימגייענדיק צופּיס, האָט ער דערזען, ווי איבער פּאַריז הייבט זיך אויף אַ רויטע לאָנע, וואָס פאַרדעקט דעם גאַנצן הימל. די קליינע צאָל דורכגייער, וואָס ער האָט באַגעגנט אויפן בולוואַר, זענען זיך צעגאַנגען רויק, נישט אויפהייבנדיק אפילו דעם קאָפּ. נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ער האָט געוואוסט, אַז גאַנץ אָפט

טרעפט ביינאַכט אין די שטעט, אַז דאָס פייכטע וועטער מישט זיך אויס מיט דער ליכטיקייט פון דער שטאָט און באַקומט אַ פורפור-רויטן קאָליר, האָט ער זיך דאָך פאָרגעשטעלט, אַז דאָס איז אַ לאַנגע פון אַ גרויסער שרפה. אָן אַ טיפן צריינקלערן אין דער זאַך האָט ער צוגעשטימט צום געדאַנק, אַז גאַנץ פּאַריז שטייט אין פלאַמען; ער האָט עס געהאַלטן פאַר אַ גאַנץ נאַטירלעכע זאַך, די פּערזענלעכע קאַטאַסטראָפע, אין וועלכער ער איז צופעליק אַריינגעצויגן געוואָרן, האָט אַ צוזאַמענהאַנג מיט אַן אַלגעמיינעם אומגליק און אַז די נאַכט איז פאַר יעדן, פּונקט ווי פאַר אים, אַ נאַכט מיט אַ שלעכטן סימן.

זייענדיק שטאַרק הונגעריק, איז ער ענדלעך איינגעשטיגן אין אַ דראָזשקע און געהייסן זיך אָפּפירן צו דער רעסטאָראַציע אויף דער ראָיאַל-גאַס. אינם ליכטיקן און וואַרעמען זאַל האָט ער זיך גוט דערפילט. באַשטעלנדיק נאַכט-עסן האָט ער געעפנט די אָוונט-צייטונג און דערזען אינם פּאַרלאַמענט-באַריכט, אַז זיין מיניסטער האָט אין פּאַרלאַמענט געהאַלטן אַ רעדע. אַדורכלעזנדיק די רעדע, האָט ער איינגעהאַלטן אין זיך דאָס געלעכטער, וואָס האָט זיך ביי אים אַרויסגעריסן. ער האָט זיך דערמאָנט וועגן עטלעכע געשיכטעס, וואָס מען האָט וועגן אים פאַרציילט אויף קווי-ד'אַרסיי-גאַס. דער אויסערן-מיניסטער איז פאַרליבט געווען אין פרוי ביילערס, וואָס איז שוין געווען אַן אַלטע קאָקעטקע. די געזעלשאַפטלעכע מיינונג האָט זי געהאַלטן פאַר אַן אַוואַנטוריסטן און אַ שפּיאָן. מען האָט דערציילט, אַז ער פלעגט פריער פון פאַר איר האַלטן זיינע רעדעס, וואָס ער האָט געדאַרפט האַלטן אין פּאַרלאַמענט. דע-ליני, וואָס איז אַמאָל פאַרליבט געווען אַ ביסל אין פרוי בייערס, האָט זיך פאָרגעשטעלט דעם מלוכה-מאַן, שטייענדיק אינם העמד און רעציטירנדיק פאַר זיין געליבטער פאָלגנדע דעקלאַראַציע:

„איך פאַרלייקן געוויס נישט די רייצבאַרע נאַציאָנאַלע געפילן. די רעגירונג, וואָס איז, פאַרשטייט זיך, געשטימט פּאַציפיסטיש און וואָס זאָרגט אָבער דאָך אין אַ גענוגנדער מאָס פאַר פראַנקרייכס ערע, וועט אימשטאַנד זיין..."

דאָס האָט אים ־ריינגעבּרענגט אין אַ גוטן הומאָר.

ער האָט איבּערגעמישט אַ בּלעטל אין דער צייטונג און איבּערגעלייענט:

„מאָ־גן קומט פאָר אין „אָדעאָן“ די ערשטע פאָרשטעלונג פונם „23־טן אָקטאָבּער 1812“ מיטן אָנטייל פון הערן: דורוויל, מאָורי, ראַמילי, דעסטרעי, וויקאַר, לעאָן קלים, וואָלראַך, צמען, שעוואַליער...“

## VIII

צומאָרגנס, איינס אַ זייגער נאָכמיטאָג, איז אינם טעאַטער־שטיבל פאָרגעקומען די פּרובע פון „קראַטי“. די טרויעריקע שיין האָט זיך צעלייגט אויף דעם גרויען געוועלב, אויף די ווענט און זיילן. אין דער טרויעריקער מאַיעסטעט פון דער בלאַסער אַרכיטעקטור האָבן די הויפּט־אַקטיאָרן, ביי די פיס פון ראַקינס סטאַטוע, געלעזן זייערע טעאַטער־ראָלן, וואָס זיי האָבן נאָך נישט גוט געקאַנט, פאַרן טעאַטער־דירעקטאָר פראַדעל, רעזשיסאָר ראַמילי און דעם פאַרפאַסער פון דער פּיעסע — קאָנסטאַנ׳י מאַרק. אַלע דריי זענען געזעסן אויף אַ רויטער סאַמעטענער סאָפקע. פון דער באַנק, וואָס איז טיפע־אַריינגערוקט געווען צווישן די זיילען, האָט זיך געהערט אַ בייזוויל־קער, שטילער גערויש פון די אייפערזיכטיקע קאָלעגן, וואָס האָבן אין דער פּיעסע קיין אָנטייל נישט גענומען. אַמען, וועלכער האָט געשפּילט די ראָל פון פּאַוועל דעלאָזש, האָט מיט אַ געוויסער שווערקייט שיפּירט פאָלגנדיקע רעפּליקע:

איך דערקען דאָס שלאָס מיט די ציגל־ווענט, וואָס איז געדעקט מיט דאַכעווקעס, און דעם פּאַרק, וואו איך האָב נישט איין מאָל איר נאָמען צוזאַמען מיט מיינעם אויסגעקריצט אויף דער קאָרע פון די ביימער און אויך די סאַדזעווקע, וועמענס שלאָפנדע וואַסער...“

דערנאָך האָט ווידער פּאַגעט אָנגעהויבן:

— „ציטער, אימערי, ווייל דער שלאָס מוז דיך זוין נישט דערקענען, דער פּאַרק האָט דיין נאָמען פאַרגעסן און די סאַדזעווו־קע וועט באַלד שעפּטשען: „ווער איז דאָס דער פרעמדער?"

זי האָט געהאַט אַ קאַסאַר און האָט געלעזן פון אַן עקזעמ־פּליאַר, וואָס איז פול געווען מיט גרייזן.

— שטייט נישט דאָרט, פּאַגעט; דאָרט דאַרף שטיין די אַלטאַנקע! — האָט אַ זאָג געטון ראַמילי.

— פון וואַנען דאַרף איך דאָס צו וויסן?

— מען האָט דאָך אַ שטול געלאָזט אויף דעם אָרט שטיין.

— .. די סאַדזעווקע וועט באַלד שעפּטשען: „ווער איז דאָס דער פרעמדער"?

— פריילין נאַנטייל, איצט איז אייער ריי... וואו איז נאַנטייל? ... נאַנטייל!

נאַנטייל האָט זיך באַוויזן איינגעהילט אין אַ פוטער, מיטן בייטל און מיט דער ראָל אין דער האַנט, בלאַס ווי אַ לייוונט, מיט בלויע רענדער אַרום די אויגן, וואַקלענדיק זיך אויף די פיס. זי האָט איבערגעלעבט אַ שרעקלעכע נאַכט. זי האָט דעם טויטן געזען וואַכעדיקערהייט, אַריינקומענדיק צו זיך אין צימער.

— דורך וועלכער זייט דאַרף איך אַריינקומען?

— דורך דער רעכטער זייט

— גוט.

זי האָט אָנגעהויבן לעזן.

— „קוזין, איך האָב מיך היינט אין דער פרי אַזוי פריילעך אויפגעכאַפּט פון שלאָף. איך ווייס נישט, וואָס די סיבה דערפון איז. צי וואָלסטו מיר דאָס נעקאָנט דערקלערן"?

דעלאַזש האָט געלעזן דעם ענטפער:

— „דאָס איז אפשר געשען, צעציליע, צוליב אַ ספּעציעלער פּראָוויזאָרונג אָדער באַשטימונג פון דער השגחה העליונה. דער גאָט, וועלכער האָט דיך ליב, שיקט דיר אַ שמייכל אין דיין פרויערדיקער צייט פון טרערן און קריצן מיט די ציין".

— נאָנטייל, גיי אַריבער קינד, אויף דער צווייטער זייט — האָט ראַמילי אַ זאָג געטון.

— דעלאַזש, רוק דיך אַביסל צו, זי זאָל קאָנען דורכ־גיין.

— „שרעקלעכע טעג, זאָגסטו אימערי? די טעג זענען אַזעלכע, ווי מיר שאַפן זיי אַליין פאַר זיך, זיי זענען נאָר שרעק־לעך פאַר שלעכטע מענטשן".

ראַמילי האָט איר איבערגעריסן:

— דעלאַזש, רוק דיך אָפּ אַביסל, גיב אַכטונג, אַז דו זאָלסט זי נישט פאַרשטעלן פאַר די צושויער... נאָנטייל, איך בעט דיך, הייב נאָכאַמאָל אָן.

נאָנטייל האָט ווידער אָנגעהויבן:

— „שרעקלעכע טעג, זאָגסטו אימערי? די טעג זענען אַזעל־כע ווי מיר שאַפן זיי פאַר זיך, זיי זענען נאָר שרעקלעך פאַר שלעכטע מענטשן".

קאָנסטאַנטי מאַרק האָט שוין נישט דערקאָנט זיין ווערק און אויך נישט דעם אָפּקלאַנג פון די באַליבטע זאַצן, וואָס ער פלעגט אַליין פאַר זיך אַלעמאָל איבערחזרן וויוואַרייס ווען. ער האָט געשוויגן, זייענדיק דערשטוינט.

נאָנטייל איז זייער שיין דורכגעגאַנגען אויף דער צווייטער זייט און האָט ווייטער געלעזן:

— דו וועסט מיך אפשר האַלטן פאַר אַ משוגענער, אימערי, אינם קלויסטער, וואו איך בין דערצויגן געוואָרן, האָב איך נישט איין מאָל מקנא געווען די קרבנות פון זייער אייגענעם גורל.

דעלאַזש האָט איצט געגומען דאָס וואָרט, ער האָט אָבער פאַרפעלט אין סטראָפע.

— דאָס וועטער איז אויסגעצייכנט. די געסט שפּאַצירן שוין איבערן גאָרטן.

מען האָט געמוזט אויפסניי אָנהויבן:

— שרעקלעכע טעג, זאָגסטו אימערי...

און זיי האָבן פאָרגעזעצט, נישט קימערנדיק זיך וועגן דעם

אינהאַלט, זייענדיק בלויז פאַרנומען מיטן אויסאַרבעטן די האַר־מאָניע פון זייערע באַוועגונגען, ווי זיי וואָלטן שטודירט טענץ־פי־גורן.

— צום גונסטן פון דער פּיעסע אַליין וועט מען מוזן מאַכן פאַרקירצונגען — האָט פראַדעל אַ זאָג געטון צום דערשטוינטן אויטאָר.

און דעלאַזש האָט ווייטער פאָרגעזעצט:

— „באַשולדיק מיך נישט, צעציליע; איך האָב פאַרמאָגט אין זיך פאַר דיר אַ קינדערישע פריינטשאַפט, איינע פון יענע פריינטשאַפטן, פון וועלכע עס ווערט געבוירן די ליבע מיט באַ־אומרויִקנדע סמים פון בלוט־שאַנד".

— אַ בלוט־שאַנדע — האָט אַ געשריי געטון פראַדעל. — דאָס וואָרט בלוט־שאַנד קאָנט איר בשום אופן נישט איבערלאָזן, הער מאַרק. איר פילט אפילו נישט, ווי ווייט דאָס פּובליקום איז פילבאַר אויף געוויסע פונקטן. אַחוץ דעם דאַרף מען צוזאַמענ־שטעלן דעם סדר פון די צוויי ווייטערדיקע פראַגן. די סצענישע טעכניק פאָדערט דאָס.

מען האָט איבערגעריסן די פּרובע. ראַמילי האָט זיך אויס־געדרייט צו דורווילן, וועלכער איז געשטאַנען לעבן אַן אַלקערל און דערציילט פּיילעכע מעשהלעך.

— דורוויל, איר קאָנט שוין גיין. דעם צווייטן אַקט וועט מען שוין נישט איבערחזרן.

פאַרן אַרויסגיין איז דער אַלטער שוישפּילער צוגעגאַנגען צו נאָאַנטיילן, כּדי צו דריקן איר די האַנט. באַטראַכטנדיק פאַר פּאַ־סיק איר אויסצודריקן מיטגעפיל, האָט ער אָנגענומען אַן אויס־דריק, ווי די אויגן וואָלטן אים געווען פאַרוויינט. יעדער, וואָס דריקט אויס מיטגעפיל, זעט אַזוי אויס. ער האָט דאָס אויסגעצייכנט נאָכגעמאַכט און האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט ווירקלעך פאַרצאָגט געווען.

— איך פיל־מיט מיט דער עלענדער — האָט ער געזיפצט — צו זען, ווי אַ מענטש, פאַר וועלכן מען האָט געהאַט... געפילן... מיט וועמען מען האָט געלעבט... אין פריינטשאַפט... צו זען

ווי אזוי ער שטאַרבט... דאָס איז שרעקלעך! און האָט איר מיטגעפיל דערלאַנגט די האַנט...

נאַנטייל, אַ דענערווירטע, האָט, דריקנדיק אין דער האַנט איר נאָז־טיכל און דעם שירעם, זיך אויסגעדרייט צו אים מיט די פּלייצעס און האָט דורך די ציין געסיקעט:

— אַלטער אידיאָט!

פאַגעס האָט זי אַרומגענומען ביי דער טאַליע און צופירנדיק זי לאַנגזאַם צו ראַקינס סטאַטוע, האָט זי איר איינגערוימט אין אויער.

— הער, טייערע, צו דער זאַך מוז מען מאַכן אַ סוף. מען רעדט גאָרנישט וועגן עפּעס אַנדערש, נאָר וועגן דעם. אויב דו וועסט נישט מענטשן צומאַכן די מיילער, וועלן זיי מאַכן פון דיר שוין אויף שטענדיק שעוואַליערס אַלמנה.

דערנאָך האָט ער צוגעגעבן:

— איך קאָן דיך גוט: איך בין דיין בעסטע פריינדין. איך ווייס, וואָס דו ביסט ווערט. זיי אָבער פאַרזיכטיק, פעליציע! פרויען האָבן אַזאַ ווערט, ווי זיי גיבן זיך אַליין.

פאַגעס אַלע קוילן האָבן געטראָפן אין ציל. פעליציעס באַקן האָבן געברענט. גאַנץ שווער איז איר אָנגעקומען אירע טרערן איינצוהאַלטן. דערצו וואָס זי איז נאָך געווען צו יונג, כדי זיך צו באַדאַכטן, און אפילו צו פּרובירן זיך באַדאַכטן, אַ זאַך, וואָס איז אַזוי נויטווענדיק ביי שפּילערינס, ווען זיי ווערן וועלט־פרויען, איז זי נאָך געווען אויך אַמביציעז, און פון דעם מאָמענט אָן, זינט זי האָט זיך פאַרליבט, האָט זי געפּרוווט פאַרווישן אין איר פאַרגאַנגענהייט אַלץ, וואָס מיט איר איז פאָרגעקומען, זי האָט געפילט, אַז שעוואַליער האָט, נעמענדיק זיך צוליב איר דאָס לעבן, עפּענטלעך אַקצענטירט דערמיט אַ געוויסע פאַרטרויליכקייט צו איר וועלכע האָט זי אינגאַנצן באַדעקט מיט לעכערלעכקייט. נישט ווייסנדיק נאָך, אַז אַלץ ווערט פאַרגעסן און פאַרווישט מיט דער צייט, אַז אונזערע אַלע מעשים שווימען אַוועק, ווי די כוואַליעס ביי די ברעגן פונם טייך אָן אַ שום געדעכעניש, איז זי געשטאַנען ביי ראַקינס סטאַטוע זייער טרויעריק און פאַרטראַכט. די סטאַטוע.

האָט פאַרשטאַנען, ווי גרויס אירע ליידן זענען.

— גיב נאָר אַ קוק אויף איר — האָט מאַריאַ קלאַראַ אַ זאָג־געטון צום יונגן דעלאַזש — זי גייט וויינען. איך פאַרשטיי זי. צוליב מיר האָט זיך אויך דאָס לעבן גענומען אַ געוויסער מאַנספּערזאָן. דאָס האָט מיר דאַמאָלס פאַרשאַפט גרויס עגמת־נפש: ער איז געווען אַ גראַף.

— מיר וועלן שוין אַמאָל אָנהייבן — האָט פּראַדעל אַ זאָג־געטון — פריילין באַנטייל, ביטע!

— „קוזין, איך האָב זיך היינט אויפגעכאַפּט פונם שלאָף אַזוי פריילעך!

פלוצלינג איז אַריינגעקומען פרוי דולק. דורכגענומען אינגאַנצן מיט ווייטיק, האָט זי געלאָזט פאַלן פאָלגנדע ווערטער:

— אַ טרויעריקע ידיעה. דער גייסטלעכער וויל אים נישט נעמען אין קלויסטער אַריין.

דערפאַר, וואָס שעוואַליער האָט, אַ חוץ אַ שוועסטער, קיין שום קרובים נישט געהאַט, האָט זיך פרוי דולק אונטערגענומען זיך צו פאַרנעמען מיט זיין קבורה, אויף דער שוישפּילערינס קאָסטן.

פון אַלע זייטן האָט מען זיך אַרום איר אַרומגעשטעלט.

— דער קלויסטער שטופּט אים אָפּ פון זיך, אַזוי ווי אַזעלכן, וואָס מען לייגט אין חרם אַריין — האָט זי איבערגעחזרט. — דאָס איז שרעקלעך!

— פאַרוואָס? — האָט ראַמילי אַ פרעג געטון.

— ווייל ער האָט זיך אַליין דאָס לעבן גענומען — האָט פרוי דולק זייער שטיל און מיט עגמת נפש געענטפערט.

— מען מיז דאָס אָבער דאָך, ווי עס איז דערליידיקן — האָט אַ זאָג געטון פּראַדעל.

— דער גייסטלעכער קאָן מיך גוט — האָט זיך ראַמילי האַסטיק אָנגערופן — ער איז זייער אַן אָרנטלעכער מענטש. איך וועל גלייך אַהין לויפן אויף סט.־עטיען דו־מאָן־גאַס, און איך רעכן נישט, אַז...

פרוי דולק האָט טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— עס וועט גאָרנישט העלפן.

— און פונדעסטוועגן מוז דער קלויסטער-צערעמאָניאַל פאָר-קומען — האָט מיט אַ באַפעלערישן טאָן, ווי אַ רעזשיסער, אַ זאָג געטון ראַמילי.

— געוויס — האָט פרוי דולק צוגעשטימט.

די אויפגערעגטע פרוי מאַריאַ-קלאַראַ האָט ווידער געהאַלטן, אַז מען קאָן צווינגען די גייסטלעכע זיי זאָלן דורכפירן די צערע-מאָניע פונם גאָטעס-דינסט.

— לאָמיר רויק באַהאַנדלען די זאַך — האָט, גלעטנדיק זיין ווירדיקע באָרד, זיך אָנגערופן פּראַדעל. — אין דער צייט, ווען לודוויק דער אַכצענטער האָט געלעבט, האָט דער המון אויפגע-בראָכן די טירן פון הייליקן ראָכס קלויסטער, וועלכע מען האָט געהאַט פאַרמאַכט פאַר דער טרומנע פון פרוי ראַסקאָרט. איצט זענען אָבער די צייטן און אומשטענדן גאָר אַנדערע. מיר וועלן באַנוצן מילדערע מיטלען.

קאָנסטאַנטי מאַרק, זעענדיק מיט פאַרדרוס, אַז מען האָט איינגאַנצן פאַרגעסן אין זיין פּיעסע, האָט זיך אויך צוגערוקט צו פרוי דולק און זי אַ פרעג געטון:

— צו וואָס דאַרפט איר אַזוי נויטיק, אַז שעוואַליער זאָל געבענטשט ווערן דורכן קלויסטער? וואָס אָנבאַלאַנגט מיר, בין איך אַ קאַטאָליק, פאַר מיר הייסט דאָס נישט דאָס גלויבן אַליין, נאָר דער בלויזער סיסטעם, און איך האַלט פאַר מיין פליכט אָנ-טייל צו נעמען אין אַלע אויסערלעכע רעליגיעזע צערעמאָניעס. איך אָנערקען אַלע אויטאָריטעטן: דעם ריכטערס, דעם זעלנערס, דעם גייסטלעכנס. מען קאָן מיך אַלזאָ נישט חושד זיין, אַז איך זאָל זיין אַן אָנהענגער פון וועלטלעכע לוויות, איך פאַרשטיי אָבער נישט, צוליב וואָס איר שפּאַרט אייך דווקא איין, אָנצוואַרפן דעם גייסטלעכן פון סט. עטיען די-מאָן-קלויסטער אַזאַ טויטן, וועלכן ער שטופּט אָפּ פון זיך, צו וואָס דאַרפט איר אַזוי נויטיק, אַז מען זאָל שעוואַליערן נעמען אין קלויסטער אריין?

— צוליב וואָס? — האָט אָפּגעענטפערט פרוי דולק —

כּדי אַפּצוּראַטעווען זײַן גשמה, און אויך דערפֿאַר, װײַל אַזױ איז אָנשטענדיקער.

— אָנשטענדיקער װאָלט געװען — האָט געענטפֿערט קאָנ־סטאַנטי מאַרק — צו פֿאָלגן די פֿאָרשריפֿטן פֿונם קלױסטער, און פֿאָרשריפֿטן לײגן אין חרם אַרײַן זעלבסטמערדער.

— הער מאַרק, האָט איר שױן אַמאָל געלעזן „די נעכט אין נײַלי?" — האָט פֿראַדעל, װעלכער איז זײער אָנגעלעזן גע־װען, אַ פֿרעג געטון. — װאָס, איר האָט נישט געלעזן, „די נעכט אין נײַלי פֿון הער פֿאַנדזשער", אַך, װאָס פֿאַר אַ שאָד דאָס איז, זײער אַן אינטערעסאַנט ביכל, װאָס מען קאָן אומעטום און אויך דאָ באַקומען. עס איז באַצירט מיט אַ צײכענונג פֿון הײנריך מאָניער, װאָס שטעלט פֿאָר סטענדהאַלן, איך װײס נישט אײגנטלעך פֿאַר־װאָס, א ן אַ קאַריקאַטור. דער נאָמען „פֿאַנדזשער" איז אַ פּסעװדאָנים פֿון צװײ ליבעראַלן, פֿון דער צײט, װען די בורבאָנס זענען צו־ריק אַרויף אויפֿן פֿראַנצויזישן טראָן: דיטמערא און קאָװע. דאָס װערק באַשטײט פֿון אַ קאָמעדיע און דראַמען, װאָס קאָנען נישט פֿאָרגעשטעלט װערן און אַנטהאַלטן אין זיך דאָך זײער אינטע־רעסאַנטע סצענעס און לעבנס־בילדלעך. איר װעט דאָרט געפֿינען אַ באַשרײַבונג פֿון דער צײט, װען קאַראָל דער X־טער האָט געקעניגט. אײנער פֿון די פּאַריזער קלױסטערס האָט דאַמאָלס נישט געלאָזט באַגראָבן אַ געװיסע אָרעמע פֿ־וי, און אַן אַטעיִסט דװקא יאָ געװאָלט באַגראָבן. פֿרוי ד'האָטעפֿײל איז געװען אַ פֿרו־מע און צוגלײַך די אויפֿזעערין פֿון די מלוכה־גיטער. בײַ איר טויט איז אָנװעזנד געװען דער גײַסטלעכער פֿון יאַנסן, און דערפֿאַר האָט דער גײַסטלעכער מוכאָוט זי נישט געװאָלט אָננעמען נאָכן טויטן אינם זעלבן קלױסטער, װאו זי האָט איר גאַנץ לעבן פֿאַרבראַכט. גלײַכצײטיק מיט פֿרוי האָטעפֿײל, איז דאַמאָלס אין דער זעלבער פּאַראַפֿיע געשטאָרבן דער רײַכער באַנ־קיר, הער דזובאָרג. אין דער צוואה זײַנער האָט ער באַפֿוילן, אַז מען זאָל אים גלײַך טראָגן אויפֿן בית־עולם. „אָט דער איז אַ קאַטאָליק — האָט אַ טראַכט געטון דער גײַסטלעכער מוכאָוט — ער געהערט צו אונדז. ער האָט גלײַך אײַנגעפּאַקט זײַן קיטל מיט

דער גלחישער באַנד, איז צוגעלאָפן צום טויטן, האָט אים באַשפּריצט און גלייך איבערגעפירט אין קלויסטער אַריין.

— דער גלח — האָט קאָנסטאַנטי מאַרק געענטפערט — איז געווען אַן אויסגעצייכנטער פּאָליטיקער. ער האָט געוואוסט, אַז די אפּיקורסים זענען נישט פאַרן קלויסטער קיין געפערלעכע שונאים. זיי זענען גאָרנישט קיין קעגנער, זיי קאָנען נישט שאַפן קיין צווייטן קלויסטער, וואָס זאָל מיט זייערן קאָנקורירן, און זיי קלערן וועגן דעם אפילו גאָרנישט. אַפּיקורסים האָט מען געקאָנט אויך שטענדיק טרעפן צווישן די הויכגעשטעלטע גייסטלעכע, און אַ סך פון זיי האָבן דעם פּויפּסטנטום אומגעהייערע נוצן געבראַכט דאַקעגן דער, וועלכער וואַרפט זיך נישט אינגאַנצן אונטער דער קלויסטער-דיסציפּלין און רייסט איבער מיט דער טראַדיציע נאָר אין איין איינציקן פּונקט, ווערט שטערט דעם גלויבן צוליב אַ צווייטן גלויבן, אַ צווייטער רעליגיעזער פּראַקטיק, שטעלט זיך אַקעגן דער לאַנגסטיקער און פון לאַנג אָנגענומענער פּראַקטיק, דער רופט אַרויס אַ צעמישונג, דער קאָן ווערן געפערלעך און מוז דערפאַר באַזייטיקט ווערן. דער גלח מוכאַוט האָט דאָס פאַרשטאַנען. ער האָט דערפאַר געדאַרפט, אַלס בּאַלוינונג, ווערן אַ בּיסקופּ אָדער אַ קאַרדינאַל.

פרוי דולק האָט נאָך נישט געהאַט אַלץ דערציילט, זי האָט אַלזאָ ווייטער אָנגעהויבן רעדן.

— נישט קוקנדיק אויף דעם גייסטלעכנס ווידערשטאַנד, האָב איך מיך נאָך אַלץ נישט אָנערקענט אַלס באַזיגט. איך האָב נאָך אַלץ געבעטן.

— גייט צום אַרציבּיסקופּ — האָט ער ענדלעך אַ זאָג געטון — „איך וועל טון דאָס, וואָס זיין עקסעלענץ וועט באַפעלן”, עס בלייבט מיר נישט איבער קיין אַנדערע ברירה, ווי צו האָרכן זיין עצה. איך לויף שוין צום אַרציבּיסקופּ.

— לאָמיר צוטרעטן צוריק צו דער אַרבעט — האָט פּראַדעל אַ זאָג געטון.

ראַמלי האָט זיך אָנגערופן צו פעליציען.

— נאַנטייל, ביטע, מיר הייבן אָן די גאַנצע סצענע אויפסניי.

— און נאַנטייל האָט נאָכאַמאָל אָנגעהויבן:

— „קוזין, איך האָב מיך היינט אינדערפרי אויפגעכאַפט אַ וי פרײלעך פון שלאָף"...

## IX

דאָס גערויש, וואָס די צייטונגען האָבן אָנגעמאַכט וועגן זעלבסטמאָרד אויפן ווילליערס-בולוואַר, האָט שטאַרק באַשווערט די אונטערהאַנדלונגען פונם טע טער מיטן קלויסטער: די צייטונגס-רעפּאָרטערן האָבן גענוי באַשריבן אַלע איינצלהייטן און ביי אַזאַ צושטאַנד האָט, לויט דעם גייסטלעכן מיראַבעלס מיינונג, וועלכער איז געווען דער צווייטער גייסטלעכער לויט דער מדרגה אינם אַרציביסקופּ-שטאַנד, דאָס אַריינלאָזן שעוואַליערס קערפּער אינם קלויסטער אַריין געהייסן, אָנאַרקענען די רעכט פון די איין-חרם אַריינגעלייגטע זיך צו באַנוצן מיטן קלויסטער, דער גלח מי-ראַבעל האָט אָבער דאָך געוויזן אַ וועג, וואָס האָט געקאָנט ברענגען צו אַ פאַרשטענדיקונג.

— איר פאַרשטייט דאָך אַליין — האָט ער געזאָגט פּרוי-דולק, — אַז די מיינונג פון דער פּרעסע אַרט אונז גאַנץ ווייניק. זי איז פאָלקאָם גלייכגילטיק און מיר זאָרגן אַבסאָלוט גאָרנישט וועגן דעם, וואָס פּופּציק עפנטלעכע אָרגאַנען שרייבן וועגן דעם אומגליקלעכן יונגנמאַן. צי זיי שרייבן דעם אמת אָדער גאָר ליגנט. דאָס איז זייער זאַך און נישט מיינע. איך ווייס איבערהויפּט נישט און וויל אויך נישט וויסן, וואָס זיי שרייבן דאָרט. די פראַגע אַליין פונם זעלבסטמאָרד איז דאָך אָבער אַ גאַנץ זיכערע זאַך וועלכע מען קאָן נישט אָפּלייקענען. מען וואָלט אַלזאָ איצט געדאַרפט אויספאָרשן גענוי פון דער נאָגט און מיט דער הילף

פון דער וויסנשאַפט, ביי וועלכע אומשטענדן דער טאַט איז פאַרגעקומען. איר זאָלט אײַך נישט וואונדערן, וואָס איך נעם מיר צו הילף די וויסנשאַפט. די רעליגיע איז איר בעסטע פריינדין. די מעדיצין קאָן אונז פיל באַהילפיק זיין. איר וועט דאָס באַלד פאַרשטיין. דער קלויסטער שטויסט אָפּ פון זיך נאָר אַזעלכע זעלבסטמערדער, ביי וועלכע דער זעלבסטמאָרד איז פאַרגעקומען צוליב פאַרצווייפלונג. די משוגעים אָבער, אָדער היץ-קעפּ, וואָס נעמען זיך אַליין דאָס לעבן, זיי זאָגט דער קלויסטער נישט אָפּ זיין הילף: מיר בעטן פאַר אַלע אומגליקלעכע. אויב מען זאָל קאָנען באַשטעטיקן, אַז דאָס אָרימע קינד האָט דעם טאַט אָפּגעטון אין אַ צושטאַנד פון היץ אָדער פון אַ גייסטיקער קראַנקהייט, ווען עס זאָל זיין אַ דאָקטאָר, וואָס זאָל קאָנען באַשטעטיקן, אַז ביים נעמען זיך דאָס לעבן איז דער אומגליקלעכער נישט געווען ביי די קלאָרע געדאַנקען, וואָלט די רעליגיעזע צערעמאָניע געקאָנט דורכגעפירט ווערן אָן שום שטערונגען.

אויסהערנדיק דעם גלח מיראַבעלס רייד, איז פרוי דולק גלייך געלאָפן אינעם טעאַטער אַריין. די פרובע פון „קראַטי" איז שוין געווען געענדיקט. זי האָט געטראָפן כראַדעלן אין זיין קאַבינעט מיט צוויי נאָך זייער יונגע שוישפילערינס, פון וועלכע איינע האָט אים געבעטן ער זאָל זי צונעמען און די אַנדערע, אַז ער זאָל זי פריי לאָזן. ער האָט זייערע ביטעס אָפּגעזאָגט, בלייבנדיק טריי זיין פעסט-באַשלאָסענעם רעגעל, אַז כדי צו דערפילן וועלכע עס איז ביטע, דאַרף מען פריער אָפּזאָגן. אַזוי אַרום פלעגט ער די אומבאַדייטנסטע זאַכן, אויף וועלכע ער פלעגט מסכים זיין, צוגעבן וועלכן עס איז ווערט. זיינע גלאַנצנדיקע אויגן, זיין פאַטריאַרכאַלע באָרד, דער אופן פון זיין אויפפירן זיך מיט די שוישפילערינס, וועלכער פלעגט שטענדיק זיין האַלב ווי פאַרליבט און האַלב ווי פאָטערלעך, האָבן אים גאַנץ ענלעך געמאַכט צו לוטן, וועלכן מיר זען באַגלייט דורך זיינע טעכטער אויף די בילדער פון די אוראַלטע קינסטלער. די אַלטערטימלעכע קרוג פון באַגילדטן קאַרטאָן, וואָס איז געשטאַנען ביי אים אויפן טיש, האָבן די פאַנטאַזיע נאָכמער פאַרשטאַרקט.

— דאָס, דאָס איז אוממעגלעך — פלעגט ער יעדער איינער דאָס זעלבע איבער־חזרן. — דאָס איז אין אמתן אוממעגלעך, טייער קינד... איבעריקנס, קומט צו גיין מאָרג...

ווען ער האָט אָפּגעפּאַרטיקט זיי ביידע, האָט ער, אונטערשרייבנדיק אייניקע בריוו, אַ פרעג געטון פרוי דולק.

— נו, וואָס הערט מען, פרוי דולק?

קאָנסטאַנטי מאַרק, וועלכער איז אַריינגעקומען צוזאַמען מיט גאַנטיילן, האָט אַ הויכן געשריי געטון:

— און וואו זענען מיינע דעקאָראַציעס, הער פּראָדעל!?

נאָכדעם האָט ער שוין אפשר צום צוואַנציקסטן מאָל אָפּגעמאָלט דאָס לאַנדשאַפט, וואָס האָט זיך געדאַרפט וויזן גלייך נאָכן אויפהייבן דעם פאָרהאַנג.

— אויפן ערשטן אָרט דאַרף זיין אַן אַלטער פּאַרק. די שטאַמען פון די גרויסע ביימער, וואָס שטייען אויף צפון־זייט דאַרפן זיין באַדעקט מיט מאָך. מען דאַרף פילן די פייכטקייט פון דער ערד.

— איר מעגט זיין זיכער — האָט דער דירעקטאָר געענטפערט, — אַז מען וועט אַלץ טון, וואָס מען קאָן נאָר, און אַז עס וועט זייער אָנשטענדיק אויסזען... נו, וואָס הערט מען, פרוי דולק?

— טיפער דאַרף עס זיין איינגעהילט אין אַ נעפּל — האָט דער אויטאָר ווייטער גערעדט — די גרויסע קאָנטורן...

— יאָ, יאָ. זיצט פרוי דולק, איך בין גרייט צו דינען.

— מען האָט מיך דאָרט אויפגענומען אין דער קאַנצעלאַריע פונם אַרציבּיסקופּ, ווי צום בעסטן.

— הער פּראָדעל, די וועגט דאַרפן אויסזען טרויעריק און שטיל, און ווי אויסגעאיידלט פון ביינאַכטיקן נעפּל. דער הימל דאַרף זיין העל־גאָלדפאַרביק.

דער גלח מיראַבעל — האָט פרוי דולק אויפסניי אָנגעהויבן — איז אַ מענטש פון דער העכערער געזעלשאַפט.

— הער מאַרק, צי בייט עס אייך טאַקע שטאַרק דערין, אַז דער הימל זאָל זיין העל־גאָלדפאַרביק — האָט אַ פרעג געטון

דער דירעקטאָר — רעדט ווייטער, פרוי דולק, איך הער אייך.

— ... און אויך אויסערגעוויינטלעך העפלעך. ער האָט גע־לאָזט פאַלן אַן איידל שטעכווערטל אויפן אַדרעס פון די צייטונ־גען, וואָס קאָנען נישט האַלטן קיין סוד...

אין זעלבן מאָמענט איז געקומען אַריינצולויפן אין קאַבינעט הצר מאַרטשעגיי, דער רעזשיסער. זיינע גרינע אויגן האָבן גע־פינקלט און זיינע רויטלעכע וואָנסעס האָבן אויסגעזען, ווי פלאַ־מען פייער, ער האָט אָנגעהויבן שיטן ווערטער מיט איין אומגע־וויינטלעכער שנעלקייט.

— עס הייבט זיך שוין ווידער אָן! די קליינע שוישפּילערין לידיאַ שטייט אויף די שטיגן און שרייט, ווי אַ משוגענע. זי זאָגט, אַז דעלאַזש האָט זי געוואָלט פאַרגוואַלטיקן, די געשיכטע חזרט זיך שוין אַזוי איבער אין דעם חודש דאָס צענטע מאָל. אוי, איז דאָס!

— אַזעלכע זאַכן קאָנען מיר נישט דערלאָזן אין אַזאַ אַנ־שטאַלט, ווי אונזערער — האָט פראַדעל אַ זאָג געטון — איך באַ־פעל צו באַשטראָפן דעלאַזשן מיט אַ געלט־שטראָף... פרוי דולק, ביטע ווייטער דערציילן.

— דער גלח מיראַבעל האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אַ זעלבסטמאָרד איז אַ פאַרצווייפלונגס־אַקט.

קאָנסטאַנטי מאַרק האָט שטאַרק פאַראינטערעסירט אַ פרעג געטון פראַדעלן, אויב די שוישפּילערין לידיאַ איז עפּעס אַ שיינע.

— איר האָט זי דאָך געזען שפּילן אין „די נאַכט פונעם 23־טן אָקטאָבער". זי האָט דאַמאָלס געשפּילט די ראָלע פון אַ דאָרפס־פרוי, וואָס קויפט אויפן גרעבעל־פּלאַץ ביי פרוי ראַוואוט קיכ־לעך.

— אויב איך האָב נישט קיין טעות, איז דאָס געווען זייער אַ שיין מיידל. — האָט קאָנסטאַנטי מאַרק זיך אָנגערופן.

— עס איז אמת — האָט פראַדעל געענטפערט — זי וואָלט

נאָך אַבער פיל שענער געווען, ווען די קנעכלעך זאָלן נישט זייך בײַ איר אַזוי דיק.

— און דעלאַזש האָט זי פּאַרגוואַלטיקט... — האָט קאָנסטאַנ־טי מאַרק אַ טראַכט געטון. יאָ, יאָ. דער פאַרשוין פאַרשטייט די באַ־דײַטונג פון ליבע, ליבע איז אַ גאַנץ געווײנטלעכער און פרימי־טיווער אַקט. זי איז אַ קאַמף אין שנאה. גוואַלטטאַט איז בײַ ליבע אַ נויטווענדיקע זאַך. אַזאַ ליבע אַבער, וואָס שטיצט זיך אויף אַ קעגנזײַטיקער פאַרשטענדיקונג, איז נישט אַנדערש, ווי אַן אומ־דערטרעגלעכע קנעכטשאַפט.

— דעלאַזש איז אַ גענիאַלער יונג — האָט ער אַ געשרײ געטון מיט באַגייסטערונג.

— צעהיצט אײַך נישט אַזוי שטאַרק — האָט אים פּראַדעל אַ זאָג געטון — די קלײנע שוישפּילערין פאַרנאַרט צו זיך אין דער גאַרדעראָבע אַרײַן די שוישפּילערס און דערנאָך גיט זי פּלוצלינג אַ געשרײ, אַז טען פּאַרגוואַלטיקט זי, כּדי אַרויסצוציִען געלט. דאָס האָט זי אַזוי איר געליבטער אויסגעלערנט די קונץ, און ציט דערפון פאַרדינסטלעך... זאָגט איר, הייסט עס, אַלזאָ, פּוי דולק...

— נאָכדעם, וואָס ער האָט זייער לאַנג גערעדט, אַלץ אַזעל־כע זאַכן, וואָס האָבן מיך פּאַראינטערעסירט, האָט מיר דער גלח מיראַבעל אָנגעוויזן אויף איין אויסגאַנגס־פּונקט. נעמלעך: ער האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז כּדי אויסצומײַדן אַלערלײ שטע־רונגען, איז געווען, אַז ווײַל עס איז דאָקטאָר זאָל אַ באַשטע־טיקונג אַרויסגעבן, אַז שעוואַליער איז נישט איינגאַנצן געווען בײַ די קלאָרע געדאַנקען און איז דעריבער נישט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זײַנע מעשׂים.

— אַך, וואָס איר רעדט דאָרט — האָט זיך אָנגערופן פּראַ־דעל — שעוואַליער איז נישט געווען קיין משוגענער.

— איך דאַרף וועגן דעם גאָרנישט קלערן — האָט פּרוי דולק אָפּגעענטפערט — וואָס קאָנען מיר דען וויסן וועגן דעם?

— ער איז טאַקע נישט געווען אינגאַנצן ביי די קלאָרע געדאַנקען — האָט זיך באַנטייל אַריינגעמישט.

פּראַדעל האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

— איבעריקנס, עס איז אפשר גאַנץ מעגלעך. נאָרמאַליטעט און אומנאָרמאַליטעט זענען נישט קיין רעלאַטיווע באַגריפן... וועמען קאָן מען אָבער בעטן, ער זאָל אַרויסגעבן אַזאַ באַשטעטיקונג?

פרוי דולק און פּראַדעל האָבן, איינע נאָך דער צווייטער, אויסגערעכנט דריי דאָקטוירים. דעם ערשטנס אַדרעס האָבן זיי אָבער נישט געוואוסט, דער צווייטער ווידער איז געווען אַן אומהעפלעכער מענטש, וואָס אָנבאַלאַנגט ווידער דעם דריטן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער לעבט שוין גאָרנישט.

באַנטייל האָט זיך אָנגערופן, אַז מען דאַרף גיין צום דאָקטאָר טרובלעט. — דאָס איז אַ געדאַנק! — האָט פּראַדעל אויסגערופן — מיר וועלן בעטן דעם דאָקטאָר סאָקראַטעס וועגן אַזאַ מין באַשטעטיקונג. וואָס פאַר אַ טאָג האָבן מיר היינט? פרייטיק. היינט בעמט ער אָן. מיר וועלן אים טרעפן אין דער היים.

— — — — — — — — — — — — — —

דאָקטאָר טרובלעט האָט געוואוינט אין אַן אַלטן הויז אויף סעקוואַנע־גאַס. פּראַדעל האָט מיט זיך מיטגענומען באַנטיילן, ווייל ער האָט גערעכנט, אַז סאָקראַטעס וועט דער שיינער פרוי און גאָרנישט אָפּזאָגן. באַגלייט האָט זיי קאָנסטאַנטי מאַרק, וועלכער האָט אויפן פּאַריזער באָדן נישט געקאָנט לעבן דערווייטערט פון די שוישפּילער. שוואַליערס ענין האָט אים אָנגעהויבן ווייל׳ן. נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די אויפנעם־שטונדן האָבן זיך שוין געהאַט געענדיקט, איז דאָך דאָקטאָר טרובלעטס אויפנאַם־צימער נאָך געפּאַקט געווען מיט פּאַציענטן, וואָס האָבן געוואָלט געזונט ווערן. טרובלעט האָט זיי אַרויסגעבעטן און האָט אַריינגעבעטן אין זיין קאַבינעט אַריין די שוישפּילער. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טיש, וועלכער איז אינגאַנצן פאַרלייגט געווען מיט ביכער און פּאַפּיראָסן. ביים פענסטער איז געשטאַנען אַוועקגע-

שטעלט אַ צוזאַמענלייגס־פּאַטעל, װעלכער האָט אײנגאַנצן אויסגעזען ציניש און קראַנקהאַפט.

דער דירעקטאָר פון „אָדעאָן" האָט פאַרגעלייגט דעם ציל פון זייער וויזיט, און פאַרענדיקט מיט די ווערטער:

— דער קלויסטער וועט שעוואַליערן נישט אָפּגעבן די לעצ־טע באַדינונג, אויב איר וועט נישט באַשטעטיקן, אַז דאָס אומ־גליקלעכע יונגל איז נישט אינגאַנצן געווען נאָרמאַל.

דערויף האָט דאָקטאָר טרובלעט דערקלערט, אַז שעוואַליעד קאָן זיך פאַלקאָם באַגיין אָן דער קלויסטער־צערעמאָניע.

— אַדריען לעקוריער איז געווען אַ פיל מער אָנגעזעענע פּערזענלעכקייט און פונדעסטוועגן איז זי זיך באַגאַנגען אָן דער צערעמאָניע. נאָך פריילין מאָנימע האָט מען אויך נישט אָפּגערעכט קיין גאָטעס־דינסט און מען האָט איר אויך אָפּגעזאָגט, אויב איר ווייסט, דעם גרויסן כּבוד, צו פוילן אויפן פינסטערן בית עולם אין דער סבֿיבֿה פון אַלע בעטלערס פון דער גאַנצער אומגעגנט. און דאָס האָט איר פונדעסטוועגן גאָרנישט געשאַדט.

— איר ווייסט דאָך אָבער, דאָקטאָר — האָט פּראַדעל אָפּ־געענטפערט — אַז די שוישפּילערס זענען די צום מיינסטן רע־ליגיעזע קאַסטע. מיינע פּענסיאָנערן וואָלטן זיך אוממעגלעך גע־פילט, ווען זיי זאָלן נישט קאָנען אויסהערן קיין גאָטעס־דינסט נאָך זייער פאַרשטאָרבענעם קאָלעגע. זיי האָבן שוין אפילו באַ־שטעלט עטלעכע אַרטיסטן און עס וועט אויך זיין אַ זייער שיינע מוזיק.

— דאָס איז אַ צווייטע פראַגע, — האָט זיך אָנגערופן טרובּ־לעט — קעגן דעם פּראָטעסטיר איך נישט. קאַראָל מאָנסעלעט, וועל־כער איז געווען זייער אַ פאַרשטענדיקער מענטש, האָט אַ פּאָר שעה איידער ער איז געשטאָרבן, בעדענקט צו באַפעלן, אַז אַ מוזיק זאָל שפּילן אַ טרויער־מאַרש אויף גאָטעס־דינסט ביי זיין קבורה, איך קאָן אַ פּאָר אָפּערע־אַרטיסטן — האָט ער געזאָגט — איך וועל האָבן אַ שיינע „Pie Jesu". איצט אָבער, קוים שטימט די קלויסטער־מאַכט נישט איין אויף דעם קאָנצערט, וועט מען עס מוזן אָפּלייגן אויף אַ צווייטער געלעגנהייט.

— וואָס אָנבאַלאַנגט מיר, — האָט דער טעאַטער־דירעקטאָר אָפּגעענטפֿערט — בין איך אינגאַנצן נישט קיין רעליגיעזער מענטש. איך בין אָבער אין דער מיינונג, אַז דאָס קלויסטער און דאָס טעאַטער זעגען צוויי סאָציאַלע גרויסמאַכטן, און אַז עס איז זייער געוואונטשן, אַז זיי זאָלן לעבן צווישן זיך אין פֿרידן און פֿאַרשטענדיקונג. איך באַמי זיך, נישט אויסצומיידן קיין שום געלעגנהייט, די פֿאַרשטענדיקונג ענגער צו מאַכן, אין דער צייט פֿון נאָנטן פֿאַסט וועט דורוויל פֿאָרלעזן בורדאַלאָס דרשות. איך בין אַ פּעסיאָנע מענטש, און אַלס אַזעלכער, מוז איך האַנדלען ווי יעדער שותף, און אויסער דעם, וואָס עס לאָזט זיך אַממייסטן זאָגן, איז, אַז דער קאַטאָליציזם איז די אַממייסטן מעגלעכסטע פֿאָרם פֿון רעליגיעזער גלייכגילטיקייט.

— קוים ווילט איר אָבער דאָקומענטירן אייער אַכטונג פֿאַרן קלויסטער — האָט זיך קאָנסטאַנטי מאַרק אָנגערופֿן — פֿאַר וואָס־זשע וואַרפֿט איר אים אָן מיט געוואַלט אָדער מיט אַ שפּיצל, אַזאַ טרומנע, וועלכע ער וויל נישט?

דער דאָקטאָר האָט ווייטער גערעדט אין דעם זעלבן גייסט און נאָכדעם האָט ער געענדיקט:

— מיין טייערער פֿראַדעל, פֿאַרנעמט איך נישט מיט דער אָנגעלעגנהייט.

— דאָקטאָר, ער מוז אומבאַדינגט זיין אין קלויסטער — האָט זיך, מיט אַ הייזעריקער שטימע, אָנגערופֿן נאַנטייל, און אירע אויגן האָבן ווי פֿייער געברענט — שרייבט אונטער, דאָקטאָר, דאָס, וואָס מען וויל פֿון אייך. שרייבט אָן, אַז ער איז נישט געווען ביים קלאָרן זינען. איך בעט אייך זייער, דאָקטאָר.

די סיבה פֿון דעם, וואָס זי האָט אים אַזוי שטאַרק געבעטן, איז נישט דאָס בלויזע רעליגיעזע געפֿיל. פֿעליציע האָט זיך איינגערעדט, אַז דער קלויסטער און דאָס באַשפּריצן אים מיטן הייליקן וואַסער וועלן שעוואַליערן מילד מאַכן אַזוי, אַז ער וועט ווערן אַ גוטער בר־מינן און וועט זי שוין נישט מער פּייניקן. זי האָט מורא געהאַט, אַז אָן ברכות און געבעט וועט ער זיין ווי אַ פֿאַרשאָלטענער גייסט און וועט זיך כּסדר דרייען אַרום איר אַ

בייזער. אירע ליפּן האָבן געציטערט, און זי האָט פאַרבראָכן די הענט.

דער אַלטער מענטשן־קענער טרובלעט האָט זיך איינגעקוקט אין איר מיט פאַראינטערעסירונג. ער האָט געקאָנט און פאַרגע־טערט די סטרוקטור פון דעם פרויענלעכן וועזן. דאָס האָט איס פּראָסט אין אַנטציקונג אַריינגעבראַכט, אין דער צייט, ווען ער האָט זי אָ ווי אָבסערווירט, האָט זיין געזיכט געלויכטן פון צופרידנ־הייט.

— זיי רויק, טייער קינד. מען וועט שטענדיק געפינען אַ מיטל, ווי אַזוי צוצוברעכנעגען צו אַ פּאָר שטענדיקונג מיטן קלויסטער. דאָס אָבער, וועגן וועלכן איר בעט מיך, געהערט נישט צו מיין אַמט. איך בין אַן אומבאַדייטנד דאָקטאָרל. מיר האָבן אָבער, גאָט צו דאַנקען, אין דער היינטיקער צייט, דאָקטויר׳ם גלויביקיז, וועלכע שיקן זייערע פּאַציענטן אין די הייליקע וואַסערן אַריין, און וועמענס ספּעציאַליטעט עס איז די קאָנסטאַטירונג פון געזונט־ווערן אויף אַ וואונדערלעכן אופן. איך קאָן אַזעלכן, וואָס וואוינט אין דעם קוואַרטאַל. איך וועל אייך געבן זיין אַדרעס. גייט אַריין צו אים. די קלויסטער־מאַכט האָט אים אַבסאָלוט גאַרנישט, וואָס פּאַרצו־וואַרפן. ער וועט די גאַנצע זאַך באַלד דערליידיקן.

— ניין, — האָט פּראַדעל אַ זאָג געטון — איר האָט דעם אומגליקלעכן שעוואַליער געהיילט און איר דאַרפט אויך די באַ־שטעטיקונג אַרויסגעבן.

ראַמילי האָט אויך מיט דעם איינגעשטימט.

— געוויס, דאָקטאָר, איר זענט דאָך עפּעס דער טעאַטער־דאָקטאָר, ברודיקע וועש וואָשט מען אינדערהיים.

נאַנטייל האָט געוואָרפן אַ בעטנדיקן בליק אויף סאָקראַ־טעסן.

— וואָס האָב איך אייגנטלעך צו שרייבן ? — האָט שוין טרובעלט ווייכער אַ פרעג געטון.

— דאָס איז דאָך אַזוי איינפאַך, שרייבט אָן׳ אַז ער איז ביז אַ געוויסער מאָס נישט פאַראַנטוואָרטלעך געוועזן פאַר זיי־נע מעשים.

— הייסט עס אַלזאָ, אַז איר פאָדערט פון מיר, איך זאָל אַרויסטרעטן אין דער ראָלע פון אַ געריכטס־דאָקטאָר. איר פאַרלאַנגט פון מיר צופיל.

— רעכנט איר אַלזאָ, דאָקטאָר, אַז שעוואַליער איז אינגאַנצן פאַראַנטוואָרטלעך געווען פאַר זיינע מעשים?

— ניין, אַדרבא, איך מיין, אַז ער איז קיין ביסל אויך נישט פאַראַנטוואָרטלעך געווען פאַר זיי.

— אַלזאָ?

— איך מיין אָבער אויך, אַז ער האָט זיך אין דער הינזיכט גאָרנישט אונטערגעשיידט פון אייך, פון מיר און פון אַלע איבעריקע מענטשן. מיינע קאָלעגן יוריסטן אונטערשיידן פאַרשידענע שטופן פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט. זיי האָבן פאַרשריפטן, ווי אַזוי אונטערצושיידן צווישן אַ גאַנצער און טיילווייזער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. דערביי איז אויך אינטערעסאַנט, אַז אויב עס גייט אין פאַרמשפטן עפעס אַן אומגליקלעכן, אַנערקענען זיי אים שטענדיק אַלס פאָלקאָם פאַראַנטוואָרטלעכן...

און דאָקטאָר סאָקראַטעס האָט אַנטוויקלט פאַר די איבעראַשטע שוישפּילער אַ ברייטע טעאָריע וועגן דער אַלוועלטלעכער דעטערמינאַציע. ער האָט אָנגעשפּאַרט אַזש ביז די קוואַלן פונם לעבן און זיך ברייט צערעדט, פונקט, ווי סילען ווירגיליוש, ווען ער איז פאַראומרייניקט געוואָרן פון די מויל־בעראַלעך און דערציילט די פאַסטוכער וועגן דער וועלט־באַשאַפונג.

— פאַראַנטוואָרטלעך מאַכן אַן אומגליקלעכן מענטש פאַר זיינע מעשים... אָבער דאַמאָלס שוין, ווען דער זון־סיסטעם איז נאָך געווען בלויז אַ בלאַסער נעפל, וואָס האָט געשאַפן אין עטער אַ לייכטע מאַסע, וועמענס פאַרנעם עס איז טויזנט מאָל גרעסער געווען פון דעם פלאַנעטן־וועג פון „נעפטון", שוין דאַמאָלס זיינען מיר אַלע גאָר צו עפעס באַשטימט געווען, שוין דאַמאָלס איז דיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאָראויס אָנגעצייכנט געווען, קינד מיינס, און אויך שעוואַליערס און אַלע מענטשנס. אַלע אונזערע באַוועגונגען, וואָס זיינען אַרויסגערופן געוואָרן דורך די אינערלעכע באַוועגונגען פון אונזער מאַטעריע, זיינען אונטערגעוואָרפן

די רעכט פון יענע, וואָס רעגירן מיט דער קאָמישער קראַפט, און דער מענטשלעכער מעכאַניזם איז בלויז אַן אויסדרוק פון אַלוועלטלעכן מעכאַניזם.

ער האָט אַ ווייז געטון מיט דער האַנט אויף דער פאַרמאַכטער שאַנק.

— איך האָב דאָרט שטיין אין פלעשלעך מיטלען אויף איבערצואַרבעטן, פאַרדאַרבן און פאַרשטאַרקן דעם ווילנס־גייסט פון פופציק טויזנט מענטשן. די סובסטאַנצן זענען אָבער נישט קיין לאַבאָראַטאָרישע פראָדוקטן. די לאַבאָראַטאָריע מישט נאָר צוזאַמען די פאַרשידענע פראָדוקטן, זי באַשאַפט אָבער גאָרנישט. אין אַ פרייען צושטאַנד רינגלען זיי אונז אַרום און דרינגען אַריין אין אונז. זיי צייכענען אָן אונזער ווילן. זיי מאַכן אָפּהענגיק אונזער פרייען ווילן פון עפּעס אַזוינס, וואָס איז בלויז אַן איינרעדעניש, וואָס אַנטשטייט אין אונז, דערפאַר, וואָס מיר ווייסן נישט, צו וואָס מיר זענען באַשטימט.

— וואָס זאָגט איר? — האָט פראָדעל צעטומלט אַ פרעג געטון.

— איך זאָג, אַז דער ווילן אונזערער איז נישט מער ווי אַן איינרעדעניש, וואָס ווערט אַרויסגערופן אין אונז, צוליב דעם, וואָס עס זענען אונז נישט באַקאַנט די סיבות, וואָס צווינגען אונז צו וועלן. דאָס, וואָס וויל אין אונז, דאָס איז נישט מיר אַליין, נאָר די טויזנטער קעמערלעך, וועלכע מיר קאָנען גאָרנישט, וועלכע קאָנען אונז נישט און אויך נישט זיך קעגנזייטיק, און וועלכע שאַפן פונדעסטוועגן אונזער ווען. מיט זייערע באַוועגונגען שאַפן זיי און רופן אַרויס אין אונז אַן אומגעהייערע צאָל שטראָמען, וואָס מיר רופן אָן אונזערע ליידנשאַפטן, געדאַנקען, פריידן, ליידן, באַגערן, שרעקן. אונז דאַכט זיך, אַז מיר זענען די הערשער פון זיך אַליין, איין טראָפּן אַלקאָהאָל אָבער צערייסט די אַלע עלעמענטן, צוליב וועלכע מיר פילן און ווילן.

קאָנסטאַנטי מאַרק האָט איבערגעריסן דעם דאָקטאָר:

— אַנטשולדיקט, דאָקטאָר, אַזוי ווי איר האָט דאָ דערמאָנט וועגן אַלקאָהאָל, וואָלט איך מיך אַלזאָ געוואָלט מיט אייך באַראָטן;

אין דער הינזיכט. נאָך יעדן מאָלצייט טרינק איך אויס אַ גלעזעלע בראָנפן. זאָגט מיר, איך בעט אייך, איז דאָס נישט אַמאָל צו־פיל?

— עס איז געוויס צופיל. אַלקאָהאָל איז ריינער סם, אויב איר האָט שטיין אין דער היים אַ פלעשל בראָנפן, זאָלט איר עס גלייך אַרויסוואַרפן.

פראַדעל איז געזעסן פאַרטראַכט. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז דער דאָקטאָר פאַרשאַפט אים מיט זיין אַנולירן דעם פרייען ווילן און פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון מענטש אַ פערזענלעכע רעה.

— זאָגט, וואָס איר ווילט, דאָקטאָר, דער ווילן און פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט זענען קיינמאָל אין דער וועלט נישט קיין בלוי־זע איינרעדעניש. זיי זענען גאַנץ רעאַלע זאכן. איך ווייס, וואָס פאַר אַ פליכטן די פאַרשריפטן לייגן אויף מיר אַרויף און מיין אייגענעם ווילן וואַרף איך ווידער אָן מיין פערסאָנאַל:

דערנאָך האָט ער מיט פאַרביטערונג צוגעגעבן:

— איך גלייב אין ווילן, מאָראַלישער פאַראַנטוואָרטלעכקייט און אין דעם אונטערשייד צווישן גוטס און שלעכטס. לויט אייער מיינונג, איז דאָס זייער אַ נאַרישער שכל.

— געוויס — האָט דער דאָקטאָר געענטפערט — איז דאָס אַ נאַרישער באַגריף. עס איז אונז אָבער באַקוועם מיט די באַ־גריפן. מיר זענען דאָך בהמות און פאַרגעסן אָן דעם. דאָס זענען געדאַנקען נאַרישע, גרויסע און הייליקע. מענטשן האָבן דערפילט, אַז אָן די באַגריפן וואָלטן זיי משוגע געוואָרן. זיי האָבן בלויז געקאָנט מאַכן אַן אויסוואַל צווישן נאַרישקייט און משוגעת. און זיי זענען באמת געוועכט געוועזן דערמיט, וואָס זיי האָבן אויסגע־ווילט נאַרישקייט. אָט דאָס איז דער גאַנצער גרונד־געדאַנק פון די מאָראַלע באַגריפן.

— אָך, וואָס פאַר אַ פאַראַדאָקס! — האָט זיך ראַמילי אָנגערופן.

דער דאָקטאָר האָט ווייטער ערנסט פאָרטגעזעצט:

— דאָס אונטערשיידן צווישן גוטס און שלעכטס אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט האָט קיינמאָל נישט איבערגעשטיגן די גרענעץ פון געמיינסטן עמפיריזם. געשאַפן זענען זיי געוואָרן,

דורכן געמישטן געפיל פון פראַקטישקייט און באַקוועמלעכקייט. מיר האָבן צו זיי די זעלבע באַציונג, ווי אַ שטייגער צו קרישטאָל אָדער האָלץ. אין באַצוג צו דער חיות-וועלט פּראַקטיצירן מיר מאָראַלישע גלייכגילטיקייט, מיר פּראַקטיצירן דאָס זעלבע אויך אין באַצוג צו ווילדע מענטשן. דאָס דערלויבט אונז טאַקע זיי אויסצוראָטן אָן דער קלענסטער מאָס פון געוויסנס־ביסן. דאָס טאַקע ווערט אָנגערופן קאָלאָניאַלע פּאָליטיק. מיר באַמערקן אויך, אַז די גלויביקע מענטשן פאָדערן פון זייער גאָט אַ גאָר הויכע מאָראַל. ביים איצטיקן געזעלשאַפטלעכן אָרגאַניזם וואָלטן זיי קיינמאָל נישט איינגעשטימט, אַז זייער גאָט זאָל זיין אַ בעל־תאווה און זאָל זיך קאָמפּראָמאָטירן מיט פרויען, זיי האַלטן אָבער פאַר גוט, אַז ער זאָל זיין אַ נוקם ונוטר און אַ גרויזאַמער, די מאָראַל איז אַ קעגנזייטיקע פאַרשטענדיקונג צו באַזיצן דאָס, וואָס מיר פאַרמאָגן: ערד, הייזער, מעבל, פרויען און דאָס לעבן, זי אָנערקענט נישט פאַר די יעניקע, וועלכע וואַרפן זיך איר אַנטקעגן, קיין שום ספּעציעלע אייגנשאַפט פון אינטעליגענץ אָדער כאַראַקטער. זי שטיצט זיך אויפן אינסטינקט און איז זייער גרויזאַם. דאָס רעכט פונם שרייבן מיידט זי נישט אויס און פּאַסט זיך גאַנץ גוט צו איר צו. מיר זען טאַקע דעריבער, אַז די געניאַלע מענטשן און אויך יענע, וועלכע האָבן פאַרמאָגט גרויסע הערצער, זענען כמעט שטענדיק געווען באַשולדיקט אין אַפּיקורסות, און פּונקט אַזוי ווי סאָקראַטעס, זענען זיי אויך פאַרפאָלגט געוואָרן דורך דער געריכטס־מאַכט אין זייערע היימאַטס־לענדער און מען קאָן גאַנץ זיכער זאָגן, אַז דער מענטש, וועלכער איז נישט באַשטראָפט געוואָרן כאָטש מיט טורמע פאַרשאַפט נישט קיין גרויסן כבוד זיין פאָטערלאַנד.

— עס זענען אָבערפאַרהאַן אויסנאַמען! — האָט זיך אָנגערופן פראַדעל.

— גאַנץ ווייניק — האָט אָפּגעענטפערט דער דאָקטאָר.

— מיין טייערער סאָקראַטעס — האָט זיך אַריינגעמישט פעליציע — איר קאָנט גאַנץ דרייסט באַשטעטיקן, אַז שעוואַליער

איז געווען אַ משוגענער, איך ווייס גאַנץ באַשטימט, אַז ער איז נישט געווען ביי די קלאָרע געדאַנקען.

— אָבער גוט, קינד. ער איז טאַקע געווען אַ משוגענער, עס איז אָבער אַ פראַגע, צי איז ער מער משוגע געווען פון אַ צווייטן מענטש. די געשיכטע פון דער גאַנצער מענטשהייט, וועלכע איז דורכגעזאַפּט מיט ליידן, עקסטאַז און שחיטות איז אַ געשיכטע פון בלויז שווינדלערס און משוגעים.

— דאָקטאָר — האָט אַ פרעג געטון קאָנסטאַנטי מאַרק, — זענט איר נישט אַמאָל אַן אָנהענגער פון מלחמות? ווייל, אויב איר ווילט וויסן, ווען מען קוקט זיך אַביסל בעסער איין, זעט מען פונדעסטוועגן, אַז מלחמות זענען אַ פראַכטפולע זאַך. חיות פרעסן זיך גלאַט אַזוי איינפאַך, איינס דאָס צווייטע אויף. מענטשן האָבן אָבער דערפאַר אויסגעטראַכט אַ פיל שענער מיטל זיך קעגנזייטיק צו מאָרדן. זיי דערמאָרדן זיך קעגנזייטיק, זייענדיק געקליידט אין גלאַנצנדיקע פאַנצערס און אין קאַסקעס מיט שיינע פעדערן. מיטן באַנוצן די אַרטילעריע פאַרטיפיקאַציאָנס־קונסט, האָבן זיי אַריינגעפירט די כעמיע מיט דער מאַטעמאַטיק אינם קאַמף, וועלכע פירט צו צו דער אומבאַדינגטער פאַרניכטונג. דאָס איז איינפאַך אַן ערהאַבענער געדאַנק! און ווייל עס דאַכט זיך אונז, אַז אונזער איינציקער לעבנס־ציל, איז די פאַרניכטונג פון נפשות, האָט זיך די מענטשלעכע חכמה אַרויסגעוויזן אין דעם, וואָס זיי קאָנען אָנקליידן די פאַרניכטונג און שיינע קליידער... ווייל איר קאָנט דאָך זיכער נישט אָפּלייקענען, דאָקטאָר, דעם פאַקט, אַז דאָס עצם מאָרדן איז אַ רעכט פון דער נאַטור, און דערפאַר איז עס געטלעך.

אויף דעם האָט דר. סאָקראַטעס געענטפערט:

— מיר אַליין זענען נישט מער, ווי אומגליקלעכע חיות און פונדעסטוועגן זענען מיר אַליין פאַר זיך זעלבסט די השגחה העליונה און גאָט. די חיות פון דער נידעריקער מדרגה, וועמענס רעגירן איז פאַרגעקומען נאָך איידער מיר האָבן רעגירט איבערן פּלאַנעט, האָבן זיי דאָס אויסגעבילדעט מיט דער קראַפט פון זייער געניאַליטעט און דרייסטקייט. די ווערים האָבן אָנגעצייכנט וועגן, האָבן

צעגראָבן די ערד, האָבן אויסגעהוילט די ביימער-שטאַמען, און סקאַלעס, האָבן אויפגעבויט הייזער, איבערגעאַנדערשט דעם באָדן, די לופט און דאָס וואַסער. די אַרבעט פון די קלענסטע באַשעפענישן, ווי למשל פון די פּאָליפּן, האָט געשאַפן אינזלען און קאָנטינענטן. יעדע מאַטעריעלע ענדערונג רופט צוגלייך אַרויס אויך אַ מאָראַלישע ענדערונג, ווייל די מדות זענען פאָלקאָם אָפּהענגיק פון דעם מיטלפּונקט. די פאַרענדערונגען, וואָס דער מענטש רופט אַרויס אויף דעם ערד-קוגל, זענען אָן צווייפל אַ סך טיפער און האַרמאָנישער פון יענע איבערבילדונגען, וואָס ווערן געמאַכט דורך אַנדערע חיות. פאַרוואָס-זשע זאָל די מענטשהייט נישט קאָנען דערגרייכן אַמאָל צו דעם, אַז זי זאָל, צום ביישפּיל, אומשטאַנד זיין די נאַטור צו באַרויקן? פאַרוואָס זאָל די מענטשהייט נישט קאָנען אַמאָל צו קומען צו דעם, אַז זי זאָל קאָנען אָפּשאַפן אָדער ווייניקסטנס רעגולירן די קאָנקורענץ פונם לעבן? פאַרוואָס זאָל זי ענדלעך נישט אומשטאַנד זיין צו באַזייטיקן די רעכט פון מאָרדן? פון דער כעמיע קאָן מען אַ סך דערוואַרטן. איך בין אָבער נישט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר איר. עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז אונדזער ראַסע וועט זיך אַזוי לאַנג געפינען אונטערן איינפלוס פון מעלאַנכאָליע, משוגעת און אָפּגעשטאַנענקייט, ביז דעם טרויעריקן סוף פון דער אַלגעמיינער פינסטערניש. עס איז אויך מעגלעך, אַז די וועלט איז אַ האָפענונגסלאָז-שלעכטע. יעדנפאַלס האָב איך מיך אָבער אויף איר זייער גוט געוויילט. מיר האָבן דאָ דערשיינונגען, וועלכע ווײלן אונז אין דער ווירקלעכקייט, און איך הייב אויך אָן צו גלייבן, אַז שעוואַליער איז טאַקע מער משוגע געווען פון אַלע אַנדערע מענטשן, קוים זע איך, אַז ער האָט אַוועקגעוואָרפן די וועלט מיט זיין אייגענעם ווילן.

באַנטייל האָט אַראָפּגענומען פון דער ביורקע אַ פּעדער, זי איינגעטונקען אין דער טינט און דערלאַנגט דעם דאָקטאָר.

ער האָט אָנגעהויבן שרייבן:

— זייענדיק אייניקע מאָל אַרויסגערופן צו...

ער האָט אויפגעהערט שרייבן און אַ פרעג געטון, ווי שעוואַליערס פאַמיליען-נאָמען איז געווען.

— איים — האָט נאַנטייל אָפּגעענטפערט.

— ... צו הער איים שעוואַליער, האָב איך ביי איים קאָנסטאַטירט אַ געוויסע צעשטרייאונג אין זיינע געפילן, אין זיין חוש הראיה און אין זיינע באַוועגונגען, וועלכע זענען די געוויינטלעכע סמנים...

ער איז צוגעגאַנגען צו זיין ביבליאָטעק־שאַנק און אַראָפּגענומען אַ בוך פון אַ שענקעלע.

— עס וואָלט געווען אַ וווּנדערלעכע זאַך, ווען איך זאָל נישט קאָנען געפינען קיין באַשטעטיקונג אויף מיין דיאַגנאָזע אין פּראָפעסאָר באָלס לעקציעס וועגן די גייסט־קראַנקהייטן.

ער האָט אָנגעהויבן צו בלעטערן דאָס בוך.

— זעט, ראַמילי, וואָס איך האָב געפונען גלייך אין אָנהייב; די אַכצענטע לעקציע אויף דער 389־טער זייט: „מיר טרעפן זייער אָפט משוגעים צווישן די שוישפּילער”. פּראָפעסאָר באָלס אָבסערווירונג דערמאַנט מיך, וואָס דער באַרימטער געלערנטער קאַבאַניס האָט אַמאָל געפרעגט דעם פּראָפעסאָר עספּרעט בלאַנש, אויב דאָס טעאַטער איז נישט קיין סיבה פון משוגעת.

— אין אמתן? — האָט ראַמילי אַ באַאומרויקטער אַ פרעג געטון.

— איר דאַרפט נישט צווייפלען דערין אפילו קיין איין מינוט — האָט טרובלעט געענטפערט — אָבער הערט, וואָס פּראָפעסאָר באָלס זאָגט אַ ביסל ווייטער אויף דעם זעלבן בלעטל: „עס איז נישט קיין שום ספק, אַז דאָקטוירים זענען ספּעציעל גענייגט צו גייסטיקע אָפּווייכונגען”. דאָס איז אַ גרויסער אמת, עס איז טיילמאָל גאַנץ שווער אָפּצושאַצן, ווער עס איז מער משוגע, דער משוגענער אַליין אָדער גאָר זיין דאָקטאָר. מען זאָגט אויך, אַז געניאַלע מענטשן זענען גענייגט צו משוגעת. דאָס איז אַ גאַנץ זיכערע זאַך. אַלענפאַלס איז אָבער דאָך נישט גענוג צו זיין אַ נאַר, כדי צו זיין גייסטיק פולקאָם געזונט.

ער האָט נאָך א פּאָר מינוט געבלעטערט די „לעקציעס” פונם פּראָפעסאָר באָלס, נאָכדעם האָט ער ווייטער אָנגעהויבן שרייבן:

— ... געוויינטלעכע סמנים פון אַ געוויסער גייסטיקער אומ־נאָרמאַליטעט, און ווען מען נעמט נאָך אין באַטראַכט דאָס, וואָס דער פּאַציענט פלעגט שטענדיק זיין אין אַ נערוועזער שטימונג, דאַרף מען אַלזאָ אָננעמען, אַז זיין צושטאַנד פלעגט טיילמאָל אי־בערגיין אין אַ גאַנץ געוויינטלעכער משוגעת, וועלכע איז, לויט דער מיינונג פון די באַרימטסטע פּראָפעסאָרן, די בלויזע פאַר־שטאַרקונג פון דער געוויינטלעכער שטימונג פונם אינדיווידיאום. מען קאָן אַלזאָ דעם הער איים שעוואַליער פאַר קיין פאַל נישט באַטראַכטן אַלס מענטש, וועלכער איז פולקאָם מאָראַליש פאַר־אַנטוואָרטלעך.

ער האָט אונטערגעשריבן און דאָס פּאַפּיר דערלאַנגט פּראַ־דעלן.

— אָט דאָ האָט איר פאַר אייך אַ זאַך, אין וועלכער עס פעלט צופיל אינהאַלט, אַז זי זאָל קאָנען אַנטהאַלטן אין זיך כאָטש אַ שפּור פון ליגנט.

פּראַדעל האָט זיך אויפגעשטעלט:

— גלייבט מיר, טייערער דאָקטאָר, אַז מיר אַליין וואָלטן פון אייך נישט געוועזן פאַרלאַנגט איר זאָלט שרייבן ליגנט.

— פאַרוואָס? איך בין אַ דאָקטאָר. איך האַנדל מיט ליגנט, איך צעטייל מיינע פּאַציענטן פאַרלייכטערונגען. איך טרייסט. קאָן מען דען באמת פאַרלייכטערן און טרייסטן אָן ליגנט?

ער האָט גוטמוטיק אַ קוק געטון אויף באַנטיילן:

— פרויען און דאָקטוירים ווייסן, ווי נויטיק עס איז ליגנט און וואָס פאַר אַ וואוילטעטיקייט דאָס איז פאַרן מענטש.

פּראַדעל, ראַמלי און קאָנסטאַנטי מאַרק האָבן זיך אָנגע־הויבן געזעגנען.

— קומט דורך דעם עס צימער, איך האָב דאָרט שטיין אַ קליין ביסל אַלטן בראָנפן. איר וועט מיר זאָגן אייער מיינונג וועגן אים.

באַנטייל איז פאַרבליבן אין דאָקטאָרס קאַבינעט.

— סאָקראַטעסל — האָט זי אים איינגערוימט, — איך האָב

איבערגעלעבט אַ שרעקלעכע נאַכט... איך האָב אים געזען...

— אין חלום?

— ניין, וואַכנדיקערהייט.

— ביסטו זיכער, אַז דו ביסט דאַמאָלס נישט געשלאָפן?

— איך בין גאַנץ זיכער.

ער האָט זי געוואָלט פרעגן, צו די וויזיע האָט עפעס גערעדט, ער האָט זיך אָבער גלייך צוריקגעכאַפט און זי נישט געפרעגט וועגן דעם, כדי זי נישט צו היפנאָטיזירן אין דער ריכטונג. די האַלוצי אַציע פון דער שמיעה איז פיל געפערלעכער, ווי די האַלוצינאַציע פון דער ראיה. עס איז נישט פרעמד געווען די מאָס פון דער אונטערטעניקייט. וואָס די קראַנקע ווייזן אַרויס פאַר די, וועמענס שטימע עס דאַכט זיך זיי, אַז זיי הערן.

רעזיגנירנדיק אַלזאָ פון שטעלן אין דער הינזיכט פעליציען פראַגן, האָט ער א צט געפרואווט באַפרייען זי פון די געוויסנס־ביסן, וואָס האָבן זי געקאָנט באַאומרויִקן. וויסנדיק אָבער פון דער איבערצייגונג, אַז די געפילן פון מאָראַלישער פאַראַנטוואָרטלעכקייט שטייען ביי פרויען אויף אַ געגנוג שוואַכער שטופע, האָט ער נישט געמאַכט קיין צו גרויסע אָנשטרענגונגען און בלויז לייכט אונטערגעשטראָכן:

— דו דאַרפסט דיך נישט פילן, קינד מיינס, פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם טויט פון דעם עלענדן יונגנמאַן. אַ זעלבסטמאָרד, וואָס איז דער פועל יוצא פון ליבע, איז בלויז אַ רעזולטאַט פונם אַלגעמיינעם פאַטאָלאָגישן צושטאַנד פונם זעלבסטמערדער. יעדער מענטש, וועלכער נעמט זיך דאָס לעבן האָט זיך געמוזט דאָס לעבן נעמען, דו ביסט נאָר אַ צופעליקער גורל פון דעם טרויעריקן פאָרפאַל, די באַדייטונג פון וועלכן מען דאַרף נישט איבערשאַצן.

ער האָט איינגעזען, אַז ער האָט שוין אויף דער טעמע גענוג געזאָגט, און ער האָט זיך איצט באַמיט איר צו דערקלערן און פאַרשטיין געבן, אַז דאָס, וואָס זי האָט געזען, איז נישט מער, ווי בלויז אַ וויזיע, און דער אָפשיין פון אירע אייגענע געדאַנקען.

כדי צו אילוסטרירן זיינע באַווייזן, האָט ער איר דערציילט פאָל-
גענדע געשיכטע:

— אַ באַוואוסטער ענגלישער דאָקטאָר האָט קורירט אַ געווי-סע דאַמע, וועלכע איז אויך אַזוי אינטעליגענט געווען ווי די ביסט. זי פלעגט אויך זען קעץ צווישן מעבל, און די גייסטער פלעגן איר אַלעמאָל אָפּשטאַטן אַ וויזיט. ער האָט זי פאַרזיכערט, אַז דאָס אַלץ, איז בלויז איינגערעדענישן, פאַנטאַזיעס. זי האָט אים אָבער נישט געוואָלט גלייבן, ביז איינמאָל, נאָכדעם, ווי זי האָט אַ גאַנץ לאַנגע צייט געלעבט איינזאַם און אָפּגעזונדערט, האָט זי זיך באַוויזן אין דער געזעלשאַפט פון מענטשן. ווען זי איז אַריינ-געקומען אינם זאַל, האָט איר די ווירטין פונם זאַל אָנגעוויזן אַ פאָ-טעל צום זיצן. ווען זי האָט זיך אָבער געוואָלט אַוועקזעצן, האָט זי א יפן זעלבן פאָטעל דערזען זיצן אַן עלטערן הער, מיט זייער אַן איראָנישן פנים, זי האָט זיך דאַמאָלס איבערגערעכנט, אַז איי-נער פון די צוויי פערזאָנען מוז זיכער זיין נאָר בלויז אַ וויזיע און האָט ביי זיך באַשלאָסן, אַז דער עלטערער הער עקזיסטירט גאָרנישט, און האָט זיך גלייך אַריינגעזעצט אינם פאָטעל. אַנידע-זעצנדיק זיך אַזוי אָן שום שטערונג, האָט זי ערשט פרייער אָפּגע-עטעמט. פון דעם טאָג אָן האָט זיך איר שוין קיינמאָל נישט פאָר-געשטעלט קיין גייסט, נישט פון קיין מענטש און אויך נישט פון קיין חיה.

פעליציע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— אָ, דאָס איז גאָר עפּעס אַנדערש.

דערמיט האָט זי געוואָלט זאָגן, אַז איר גייסט איז נישט געווען קיין אַלטער הער, אויף וועלכן מען קאָן זיך אַוועקזעצן, נאָר אַן אייפערזיכטיקער פאַרליבטער, וועלכער באַזוכט זי אַלעמאָל אָן אַ שום סיבה. זי האָט אָבער מורא געקריגן וועגן די זאַכן צו רעדן. און אַראָפּלאָזנדיק אירע הענט אויף אירע קניען, האָט זי געשוויגן.

זעענדיק זי אַזוי נידערגעשלאָגן, האָט ער איר אָנגעהויבן אויפווייזן, אַז אַזעלכע וויזיעס טרעפן זיך גאָרנישט אַזוי זעלטן און זענען גאָרנישט אַזוי ערנסט, ווי זי מיינט, און אַז אין פאַר-

לויף פון אַ גאַנץ קליינער צייט וועלן זיי פּולקאָם פאַרשווינדן, נישט איבערלאָזנדיק נאָך זיך קיין שום שפּור.

— איך האָב אַמאָל אויך געזען אַ וויזיע — האָט ער צוגעגעבן.

— איר?

— יאָ, נאָך מיט צוואַנציק יאָר צוריק, אין עגיפּטן.

ער האָט באַמערקט, אַז זי קוקט אויף אים זייער פאַראינטערעסירט, האָט ער איר אַלזאָ אָנגעהויבן דערציילן די געשיכטע, אָנצינדנדיק פריִער אַלע עלעקטרישע לאָמפּן.

— בשעת איך בין געווען דאָקטאָר אין קאַיראָ, פלעג איך יעדעס יאָר פאָרן אינם חודש פעברואַר לענגאויס דעם טייך נילוס, אַזש ביז לוקסאָר, און פון דאָרט בין איך ווייטער געפאָרן אין באַגלייטונג פון מיינע פריינט אין דער מדבר. דער צוועק פון אונזער פאָרן דאָרט אַהין, איז געווען דאָס באַזוכן די דאָרטיקע קברים און הייליקטימער. די אויספלוגן פלעגן מיר מאַכן אויף אייזעלעך. ווען איך בין דאָס לעצטע מאָל געווען אין לוקסאָר, האָב איך ביי אַ יינגל אָפּגעדונגען אַ ווייס אייזעלע, וואָס האָט געהייסן ראַמזעס. דאָס יינגל, וועלכעס האָט געהייסן סעלים, איז געווען שטאַרק געבויט, שלאַנק און שיין, אַלט געווען איז ער אַ יאָר פופצן! הינטער זייגע שוואַרצע לאַנגע ברעמען האָבן געברענט זייגע זיסע און אַרויסרופנדיקע אויגן. זיין טונקל־ברוין געזיכט האָט אויסגעזען, ווי אַ רייניקער און רעגולערער אָוואַל. ער פלעגט גיין באָ וויס דורך דער מדבר, און זיין גאַנג פלעגט דערמאָנען דעם טאַנץ פון די קערפּער, וועגן וועלכע די ביבל דערציילט. אַלע זייגע באַוועגונגען זענען געווען זייער פּראַכטפול, און אַבטצ קנט־פריילעך האָט ער אויסגעזען, פּונקט ווי אַ קליין יונג חיהלע. טרייבנדיק דאָס אייזעלע, פלעגט ער מיט מיר איינטענהן אין אַ זשאַרגאָן, וואָס איז געווען אַ געמיש פון ענגליש, פראַנצויזיש און אַראַביש. ער פלעגט זייער גערן רעדן וועגן די רייזנדע, וועלכע ער פלעגט דורכפירן און וועלכע ער פלעגט מייגען, אַז זיי זענען פירשטן און פירשטינס. ווען איך פלעג אים אָבער אַ פרעגן וועגן זייגע באַטור־קרובים אָדער קאָלעגן, פלעגט ער שווייגן,

באַקומענדיק אַ גלײַכגילטיק און לאַנגווײַליק פּנים. כּדי צו באַקו־
מען אַ פּאַפּיראָס, פֿלעגט ער באַנוצן פֿאַרשידענע סובטעלע פּאַרט־
לען און הינטערוועגן. ער פֿלעגט אויך טײלמאָל הכנעהדיק בעטן.
באַמערקנדיק, אַז מיר געפֿעלט אַ מילדע באַהאַנדלונג פֿון חיות,
פֿלעגט ער אין מײַן אַנוועזנהײט קושן ראַמזעסן אין די נאָזלעכער
אַרײַן, און ווען מען פֿלעגט זיך אָפּשטעלן אין מיטן וועג אָפּ־
רוען, פֿלעגט ער טאַנצן מיט אים. ווען ער פֿלעגט חשק קריגן
עפּעס צו באַקומען, פֿלעגט ער אין זײַנע אײַנפֿאַלן ווערן ממש גע־
ניאַל. אַזוי פֿיל פֿאַרזיכטיק אָבער, אַז ער זאָל אַרויסווײַזן אַ
דאַנקבאַרקייט פֿאַר דעם, וואָס ער פֿלעגט באַקומען, איז ער נישט
געווען. ער פֿלעגט דורשטיק זײַן נישט דווקא אויף גאָלד, נאָר
אויך אויף בלישטשנדיקע זאַכן, ווי: גאָלדענע שפּילקעס, פֿינגער־
לעך, מאַנקעטן־שפּילקעס. דערזעענדיק אַ גאָלדן קייטל, פֿלעגט
זײַן געזיכט באַלויכטן ווערן מיט אַ צופֿרידענעם שמייכל.

דער זומער, וואָס פֿלעגט נאָכדעם קומען, איז געווען דער
שווערסטער פּעריאָד אין מײַן דאָרטיקן לעבן. אין פֿלאַך־עגיפּטן
פֿלעגט גאַנץ אָפֿט אויסרעכענען די כאָלערע־עפּידעמיע. איך פֿלעג
לויפֿן איבער דער שטאָט פֿון דער פֿרי ביז שפּעט אין דער נאַכט,
דער זומער אין אַפֿריקע איז פֿאַר אײראָפּעער זײער שווער. מיר
האָבן דאַמאָלס דורכגעלעבט די שרעקלעכסטע היצן, וואָס איך
געדענק נאָר. אין אַ געוויסן טאָג בין איך געוואויר געוואָרן, אַז
סעלים איז דורכן הײמישן טריבונאַל פֿאַראורטײלט געוואָרן צום
טויט. ער האָט דעדמאָרדעט אַ קלײן צען־יעריק מײדעלע, כּדי
בײַ איר צוצונעמען אַ פּאָר אויערינגלעך. מען האָט מיר געזאָגט,
אַז מען וועט אים זיכער אויפֿהענגען, ווײַל די מוטער פֿונם קינד
שטימט נישט אײַן אויף קײן אויסלייז־געלט. דער כעדיף האָט
דאָרט נישט קײן רעכט צו באַגנעדיקן, און לויט די מאַכמעדאַנישע
געזעצן, קאָן זיך אַ מערדער אָפּקויפֿן דאָס לעבן נאָר דאַמאָלס,
ווען דעם ערמאָרדעטנס פֿאַמיליע איז מסכּים צו נעמען בײַם מער־
דער אַ געוויסע סומע אויסלייז־געלט. צוליב בין איך דאַמאָלס
פֿאַרנומען געווען, אַז איך זאָל קאָנען אַ טראַכט געבן וועגן דער
זאַך; אין קורצן האָב איך אינגאַנצן וועגן דער געשיכטע פֿאַר־

געסן. די עפידעמיע האָט זיך דאַמאָלס פאַרשפרייט אויך איבערן אייראָפּעיִשן קוואַרטאַל. יעדן טאָג פלעג איך באַזוכן פון דרייסיק ביז פערציק קראַנקע. יעדן האָב איך געמאַכט אַן איינשפריצונג. איך האָב דאַמאָלס געליטן אויף דער לעבער. אַנעמיע האָט מיך שרעקלעך אָפּגעמאַטערט און איך בין געפאַלן פון מידקייט. כדי צו דערווערבן פרישע כוחות, האָב איך מיך יעדן טאָג צו מיטאָג-צו געמוזט אַ ביסל אָפּרוען. נאָכן פרישטיק פלעג איך מיך אַנידערלייגן אויפן הויף, ווי מיין וואוינונג איז געווען, און פלעג אַזוי אַ גאַנצע שעה צייט ליגן אינם אַפריקאַנישן שאָטן, וואָס איז קאַלט און דערפרישנד ווי וואַסער. אַ געווִיסן טאָג, ליגנדיק אַזוי דאָרט אויף מיין סאָפקע, האָב איך אין זעלבן מאָמענט, ווען איך האָב פאַרייכערט אַ פאַפּיראָס, דערזען אַריינקומען סעלימען. ער איז צוגעגאַנגען צו מיר אין זיין בלויער אַבאַיע. ער האָט גאָרנישט געזאָגט, נאָר בלויז אַ שמייכל געטון צו מיר מיט זיין אומשולדיקן און אַזוי ווילדן שמייכל, און פון אונטער זיינע פּור-פּור-רויטע ליפּן האָבן אַפּערגעבלאַנקט זיינע שניי-ווייסע ציין. זיינע אויגן האָבן זיך מיט תאווה איינגעקוקט אין מיין זייגערל, וואָס איז געלעגן אויפן טיש.

איך האָב גערעכנט, אַז עס איז אים געלונגען צו אַנטלויפן און האָב מיך שטאַרק געוואונדערט, ווייל איך האָב געוואוסט, אַז די מאַכטהאַבער גיבן זיך אונטערטעניק אונטער זייער גורל. סעלים האָט אַנידערגעקניט און אָנגערירט מיט די ליפּן מיין האַנט. איך בין נישט געשלאָפן און האָב געהאַט אַ באַווייז דערויף. איך ווייס אויך באַשטימט, אַז די וויזיע האָט גאָרנישט לאַנג געדויערט. ווען סעלים איז שוין געהאַט צוריק פאַרשוואונדן, איז אויף מיין ברענענדיקן פאַפּיראָס נאָך קיין אַש גישט געהאַט אַרויפגעקומען, אַזוי קורץ האָט עס געדויערט.

— האָט ער שוין דאַמאָלס נישט געלעבט, ווען איר האָט אים געזען? — האָט באַנטייל אַ פרעג געטון.

— ניין — האָט דער דירעקטאָר געענטפערט — אין אַ פּאָר טעג אַרום בין איך געוואויר געוואָרן, אַז סעלים פלעגט קיישלעך אין טורמע, אָדער שפּילט זיך גאַנצע שעהן מיטן גלעזערנעם

רויזן-קראנק, און ביי די פראנצויזישע באזוכער, וואס קוקן זיך אין אים גערן איין און ווערן דערשטוינט פון דער ליבלעכקייט פון זיינע אויגן, בעט ער א פיאסטער. דער מאכמעדאנישער באשטראַפונגס-סיסטעם איז א לאנגזאמער. אין זעקס מאנאטן ארום האט מען אים ערשט געהאנגען. דאס האט אויף קיינעם, אפילו אויף אים אליין, קיין גרויסן איינדרוק נישט געמאכט. איך בין דאמאלס שוין געווען אין איראפע.

— און פון דאמאלס אן האט ער זיך שוין מער נישט גע-וויזן?

— ניין, שוין קיינמאל נישט מער.

נאנטייל האט א קוק געטון אויף אים מיט א מינע פון א פארפירטער.

— איך האב געמיינט, אז נאכן טויט איז ער צוריקגעקומען. קוים איז ער געווען דאמאלס אין טורמע, האט איר דאך אים געוויס נישט געקאנט זען ביי זיך, און דאס איז זיכער גע-ווען בלויז א האלוצינאציע.

דער דאקטאר האט פארשטאנען נאנטיילס פונה און האט שנעל געענטפערט:

— גלייב מיר, קינד, אז די גייסטער פון טויטע מענטשן זענען מיט גארנישט מער רעאל, ווי די גייסטער פון די לעבע-דיקע.

נישט לייגנדיק קיין אכט אויף זיינע ווערטער, האט אים נאנטייל א פרעג געטון, צי די האלוצינאציע האט זיך אים דערנו-מען צוליב זיין לעבער-קראנקהייט. ער האט איר געענטפערט, אז דער שלעכטער צושטאנד פון די פארדייאונגס-ארגאנען, די דערשע-פונג און דער שנעלער בלוט-לויף אין קאפ אריין האבן אים אין אזא שטימונג אריינגעברענגט.

עס איז אבער אויך געווען א מער דירעקטע סיבה — האט ער צו געגעבן. — ליגנדיק אויף דער סאפע, האב איך געהאלטן דעם קאפ זייער נידעריק. איך האב אים אויפגעהויבן צו פארייכערן א פאפיראס און אים גלייך צוריק אראפגעלאזט. אזא פאזיציע איז

זייער גינסטיק פאַר האַלוציניאַציעס. איך ראָט דיר טאַקע, דו זאָלסט בישט שלאָפֿן אויף קיין. הויך קישן.

פעליציע האָט זיך צעלאַכט.

— אַזוי ווי מיין מאַמע, מאַיעסטעטיש!

און זי איז גלייך איבערגעגאַנגען צו אַ צווייטער טעמע.

— קענט איר מיר גאַראַנטירן, אַז נאָכן טויט בלייבט פונם מענטש גאָרנישט.

— נאָכן טויט בלייבט גאָרנישט אַזעלכעס, וואָס זאָל דיך קענען איבערשרעקן.

זי האָט זיך אויפגעהויבן, גענומען דעם בייטל מיטן מאַנוס־קריפּט און דערלאַנגט דעם דאָקטאָר די האַנט:

— איר, סאָקראַטעס, גלייבט אין גאָרנישט.

נאָך אַ קליינע ווײַלע האָט ער זי פאַרהאַלטן אין פאָרצי־מער. ער האָט איר גערעדט זיך אין זין צו האָבן, צו פירן אַ רויק לעבן און אויך אָפּט רוען.

— איר מיינט, אַז אין אונדזער פאַך איז עס אַזוי לייכט!...

מאָרגן האָב איך אַ פּראָבע צו לעזן, איינע ווידער אויף דער סצענע, איצט ווידער אָנצומעסטן דאָס קלייד; היינט באַנאַכט שפּיל איך. אָט אַזוי אַרום יאָג איך אָפּ דאָס לעבן שוין מער ווי אַ יאָר.

# X

אונטער אַ הויכן געוועלב, אָן וועלכן עס האָבן זיך אָנגע-
שלאָגן די אָפּקלאַנגען פון די תפילות, איז געשטאַנען אַ גאַנצער
המון מענטשן.

ביים קאַטאַפאַלק, וועלכער איז געווען אַרומגעשטעלט מיט
ליכט און אינגאַנצן מיט בלומען באַדעקט, האָבן זיך אַלע צונויפ-
גענומען : דורוויל, דער אַלטער מאַורי, דעלאַזש, וויקאָר,
דעסטריי, לעאָן קלום, וואַלראַך, אַמען, רעגנאַר, פּראַדעל, ראַמילי,
מאַרטשעגיי און אויך די שוישפּילערינס : ראַוואוד, פרוי דולק,
עלען-מידי, דו-וויערנעט, הערשל, פּאַלעמפּין, סטעלאַ, מאַריאַ-
קלאַראַ, לואיזאַ דאָל, פּאַגעס און גאַנטייל, די לעצטע אין אַ קניִענ-
דיקער פּאָזע און אָנגעטון אין טרויער-מלבושים. עטלעכע פון זיי
האָבן געהאַלטן תפילה-ביכלעך, אַנדערע ווידער האָבן געוויינט. די
ציישטונגס-רעפּאָרטערן, שוישפּילערס, פּיעסן-אויטאָרן, גאַנצע פאַמי-
ליעס פון די, וועלכע לעבן פונם טעאַטער, און אַ המון פון גלאַט-
בייגיריקע מענטשן, האָבן דעם גאַנצן קלויסטער-זאַל פאַר-
פילט.

די ייִנגלעך, וועלכע זענען באַשטימט ספּעציעל צו די גאָ-
טעס-דינסטן, האָבן וויינענדיק אָפּגעזאָגט : „Kyrie eleison“ —

דער גייסטלעכער האָט אַ קוש געטון דעם אַלטאַר, און אויסדרייענדיק זיך צום עולם, האָט ער געזאָגט:

— „Dominus Vobiscum"

ראַמילי האָט מיטן אויג אַרומגענומען דאָס גאַנצע פּובליקום.

— שעוואַליער האָט אַ פֿולן זאַל.

— גיב נאָר אַ קוק אויף לואיזע דאַל — האָט זיך אָנגערופֿן פֿאַגעט. — זי האָט געוואָלט אויסזען ווי אין טרויער, האָט זי אָנגעטון אַ שוואַרץ גומי־מאַנטל.

דער דאָקטאָר טרובלעט, וועלכער איז געשטאַנען אַ ביסל פֿון הינטן, צוזאַמען מיט פֿראַדעלן און קאָנסטאַנטי מאַרקן, האָט געוועגדט ביידנס אויפֿמערקזאַמקייט אויף דעם, וואָס ער האָט אָבסערווירט:

— באַמערקט גוט, אַז אויפֿן אַלטאַר און אַרום דער טרומנע, צינדט מען אָן, אָנשטאָט ליכט, קליינע לעמפּעלעך מיט בוימאייל אויף די הויכע שטעקנס, דאָס הייסט, אַז, אַלס קרבן, שיקט מען גאָט בוימאייל אָנשטאָט וואַקס. פֿרומע מענטשן און אויך אַזעלכע, וואָס פֿלעגן אָפּלעבן זייערע יאָרן אין די הייליקע הייזער, פֿלעגן פֿון אייביק אויף געניגט זיין אָפּצונאַרן זייערע געטער אויף אַזאַ דעליקאַטן אופֿן. איבעריקנס איז דאָס נישט מיין אייגענע אָבסערווירונג, זי שטאַמט נאָך, ווי מיר שיינט, פֿון רענאַנען.

דער צעלעבראַנט פֿון דער רעכטער זייט אַלטאַר האָט שטילציטירט אַ תּפֿילה.

— ווער האָט איבערגענומען פֿלאָרענטינס ראָלע? — האָט דורוויל אַ פֿרעג געטון ראַמילין.

— רענאַרט, ער וועט נישט ערגער זיין פֿון שעוואַליערן.

פֿראַדעל האָט אַ צי געטון טרובלעטן ביים אַרבל:

— דאָקטאָר, זאָגט מיר, איך בעט אייך, צי איר אַלס געלערטער און פֿיזיאָלאָג, זעט אַ גרויסע שטערונג אין דעם, אַז מען זאָל קאָנען גלייבן, אַז דער גייסט איז אומשטערבלעך?

ער האָט אים געפֿרעגט מיט דעם טאָן פֿון אַ פּאַרנומענעם

און פראַקטישן מענטש, וואָס דאַרף האָבן פּערזענלעכע דערקלערונגען.

— איר ווייסט דאָך אוודאי — האָט דער דאָקטאָר געענטפערט, — וואָס דער פויגל ציראַנאָ דע בער געראַק, האָט שוין אויף דער טעמע אַמאָל געזאָגט. אין אַ געוויסן טאָג האָט ציראַנאָ געהערט, ווי צוויי פייגעלעך האָבן גערעדט צווישן זיך אויף אַ בוים. איינס האָט געזאָגט: דער גייסט פון פייגל איז אומשטערבלעך. — דאָס אונטערליגט נישט קיין שום ספק, אַז אַזוי איז עס. — האָט דאָס צווייטע פייגעלע געענטפערט — איך פאַרשטיי אָבער נישט אָט וואָס: די באַשעפענישן, וואָס האָבן נישט קיין שנאָבל און קיין פעדערן און גייען ווי מיר אויף צוויי פיס, רעדן זיך איין, אַז זייער גייסט איז אַזוי אומשטערבלעך ווי אונדזערער.

— עס איז אַלץ איינס — האָט זיך פראַדעל אָנגערופן — איך ווייס נישט, וואָס דאָס איז, דער אָפּקלאַנג פונם אָרגל ברענגט מיך עפּעס אַריין אין אַ פרומער שטימונג.

— „Repuiem aeternam dona eis, Domine”.

דער באַרימטער אויטאָר פון דער פּיעסע: „די נאַכט פונם 23-טן אָקטאָבער 1812”, איז אויך אַריינגעקומען אין קלויסטער. און אין איין רגע האָט מען אים שוין אומעטום געזען: אין דער נאַווע ביים כאָר און אונטער דער קלויסטער-טיר, נישט אַנדערש, נאָר ער האָט געמוזט אַזוי ווי דער לאָמער טייוול, וואָס האָט פאַרוויקלט אונטער זיך דעם ווידל, אַרומפליען איבער די מענטשלעכע קעפּ, ווייל אַנדערש קאָן מען גאָרנישט פאַרשטיין, ווי אַזוי ער האָט געקאָנט אין איין אויגנבליק זיך איבערטראָגן פון דעפּוטאַט מאַרלאַט, וואָס איז אַלס פריידענקער געשטאַנען אין פּאַליש, צו מאַריאַ קלאַראַן, וועלכע האָט געקניט ביים קאַטאַפאַלק.

אַלע מאָל האָט ער יעדן איינגערוימט אַן אַנדער גלייכווערטל:

— פראַדעל, צי קענט איר פאַרשטיין אַזאַ מענטש, וועלכער וואַרפט אַוועק די ראָלע, אַזאַ אויסגעצייכנטע ראָלע, און נעמט זיך דאָס לעבן? איין טאָג פאַר זיין בענעפיס, שיסט ער זיך אין קאָפּ אַריין און צווינגט אונדז צו זוכן אַ צווייטן, וואָס זאָל זיין אָרט

פאַרטריעטן, און פאַראורזאַכט דערמיט, אַז די פאָרשטעלונג זאָל זיך פאַרשפּעטיקן מיט אַ גאַנצער וואָך. וואָס פאַר אַ גייסטיקער קאַליקע איז דאָס! ער האָט שרעקלעך שלעכט געשפּילט, מען מוז אָבער זאָגן דעם אמת, אַז שפּרינגען האָט ער געקאָנט אויסערגעווייטלעך גוט. היינט האַלב צוויי אַ זייגער וועלן מיר מאַכן אַ פּרובע. גיט אַכטונג, אַז רענאַרט זאָל נאָך היינט באַקומען די קאָפּיע פון זיין ראָלע און זאָל קאָנען גוט קריכן אויף דעכער. ער זאָל נאָר נישט אַמאָל באַכטון שעוואַליערן! וואָס וואָלט מען געטון, ווען ער שיסט זיך אויך? לאַכט נישט. איבער געוויסע ראָלן הענגט אַ פאַטום! אין מיין „מאַרינאַ פאַליערי“ האָט דער גאָנדאָלער סאַנדראַ צעבראָכן אַ האַנט אויף דער פּראָבע. האָט מען מיר געגעבן אַ צווייטן סאַנדראַ, צעברעכט ער אַ פוס באַלד אויף דער ערשטער פאָרשטעלונג. דער דריטער ווידער... קריגט אַ טיפוס... הער אויס, נאַבטייל, ווען דו וועסט שפּילן אין פראַנצויזישן קאָמעדיע-טעאַטער, וועל איך דיר געבן אַ וואונדער-שיינע ראָלע. איך שווער צו פייערלעך, אַז אין דעם טעאַטער וועל איך מער קיין שום פּיעסע נישט שטעלן.

און באַלד נאָך דעם האָט מען אים שוין געזען אונטערן קליינעם טירל, וואָס פירט צום כאָר, ווייזנדיק זיינע קאָלעגן די בעדענק-טאָפּעל פון ראַצינאַ, וואָס איז געהאָנגען אויף דער וואַנט. ער האָט זיך אָנגעהויבן דערמאָנען די געשיכטע פון דעם שטיין און דערביי אַרויסבאַקומען פון זיין זכרון אומצעליקע אינטערעסאַנטע פאַקטן און פרייליכע מעשהלעך.

— מיר איז זייער אינטערעסאַנט צו וויסן, וואָס פאַר אַ נאַראַנים עס האָבן דאָס געקענט איינמויערן דעם שטיין אין דער וואַנט. דאָס איז ליגן! ראַצינאַס קערפּער ליגט גאָרנישט דאָ. מען האָט אים גאָר באַגראָבן אין דער דריטער קאַפּליצאַ, לינקס פונם איינגאַנג. וואָס פאַר אַן אידיאָטן!

ער האָט זיך פּלוצלינג באַרויִקט, און מיטן פינגער געוויזן אויף פּאַסקאַלס מצבה.

— זי שטאַמט פון מוזעאום „דע פּעטיטס-אויגוסטינס“. דאָס

איז לעניאַרס פאַרדינסט, וועלכער האָט זיך אין דער רעוואָלוציע־צייט פאַרנומען מיט איר און געזאָרגט פאַר איר...

באַלד נאָכדעם האָט ער געהאַלטן אַ צווייטע רעדע, נאָך אַ סך אַ שענערע, ווי די פריערדיקע. ער האָט פון פּאַסקאַלס געשיכטע געשאַפן אַ דראַמע, אַן אינטערעסאַנטע און שרעקלעכע, און איז גלייך פאַרשוווּנדן. ער האָט זיך געזוימט אין קלויסטער נישט מער ווי צען מינוט.

איבער די קעפּ, וואָס זענען פול געווען מיט גשמיותדיקע זאָרגן און תּאוות, איז ווי אַ דונער אַרויפגעפאַלן דער „Dies irae”.

— זאָגט מיר, דוטיל, ווי אַזוי האָט אַזאַ אינטעליגענט און שיין מיידל, ווי נאַנטיל, געקאָנט לעבן מיט אַזאַ געמיין אַקטיאָרל, ווי שעוואַליער?

— עס וואונדערט מיך שטאַרק אייער נישט קענען קיין פרויען.

— הערשל איז גאָר שענער געווען, ווען זי איז געווען אַ ברונעטין.

— איך מוז גיין עס פרישטיק.

— צי קענט איר אַזאַ מענטש, וואָס קאָן אַ מיניסטער?

— גיט מיר אַ קורצע באַטייט וועגן פּאַלעמפּינען. זי איז אין איר ראָל הערלעך געווען. אין אמתן.

— און געגומען האָט ער זיך דאָס לעבן איבער נאַנטיילן? איבער אַזאַ געגזל, וואָס איז נישט ווערט, אַז מען זאָל זיך באַמיִען דעריבער.

דער צעלעבראַנט האָט אָנגעגאָסן אין אַ בעכער אַריין ווייַן און וואַסער.

ווידער האָבן זיך געהערט די תּפילה־קלאַנגען.

— דאָקטאָר, צי האָט ער זיך טאַקע דאָס לעבן גענומען, ווייל נאַנטייל האָט אים נישט געוואָלט?

— ער האָט זיך דאָס לעבן גענומען, ווייל נאַנטייל האָט צעליבט אַ צווייטן!

— נישט בלויז שווישפּילער — האָט זיך אָנגערופֿן קאָנסטאַנטי מאַרק — פֿילן אַן אומבאַזיגבאַרע נויטווענדיקייט צו ציִען אויף זיך יעדנס אויפֿמערקזאַמקייט פֿאַר יעדן פּרייז. פֿאַריקעס יאָר האָט זיך בײַ מיר אין סט.-באַרטאָלעמאָ פֿאַרלאָפֿן פֿאָלגנדער פֿאַרפֿאַל: ווען די מאַשין איז געווען אין באַוועגונג, האָט אַ דרײַצן-יעריק ייִנגל אַרײַנגעשטופּט זײַן האַנט אין מאַשין-ראַד. די האַנט איז זעלבסטפֿאַרשטענדלעך צעריבן געוואָרן. ווען דער דאָקטאָר, וועלכער האָט אים געמאַכט די אַמפּוטאַציע, האָט אים געפֿרעגט, פֿאַר וואָס ער האָט דאָס געטאָן, האָט זיך דאָס ייִנגל מודה געווען, אַז ער האָט אַזוי אַרום געוואָלט ציִען אויף זיך די אויפֿמערקזאַמקייט, כּדי מען זאָל וועגן אים רעדן.

באַנטײַל האָט זיך דערווײַל, מיט שוין אויסגעטרוקנטע אויגן פֿונם ווײנען און צונויפֿגעפּרעסטע ליפּן, עקשנותדיק אײַנגעקוקט אינם שוואַרצן געוואַנט, וואָס האָט פֿאַרדעקט די טרומנע, און זי האָט אומגעדולדיק נאָכגעפֿאָרשט, אויב עס איז דאָ גענוג געהייליקט וואַסער און עס ווערן געזאָגט גענוג לאַטייִנישע תּפֿילות, אַז דער פֿאַרשטאָרבענער זאָל אַוועקגיין פֿון דער וועלט אַ מילדער און גוטער. די נאַכט האָט זי אים ווידער געזען, און זי האָט געמיינט, אַז ער איז דערפֿאַר צוריקגעקומען, ווײַל די גײַסטלעכע האָבן נאָך נישט אָפּגעזאָגט איבער אים זייערע תּפֿילות. דערנאָך, טראַכטנדיק, אַז זי וועט אויך אַמאָל שטאַרבן און אויך אַזוי ליגן אין אַ טרומנע אונטער אַ שוואַרץ געוואַנט, האָט זי פֿון שרעק אַ ציטער געטאָן און צוגעמאַכט די אויגן. דער באַגריף פֿונם לעבן איז אין איר אַזוי שטאַרק געווען, אַז זי האָט זיך דעם טויט פֿאָרגעשטעלט אַלס אַ שרעקלעך לעבן. זי האָט זיך דערשראָקן פֿאַרן טויט, און געבעטן גאָט, ער זאָל איר שענקען אַ לאַנג לעבן. קניִענדיק אויף דער ערד, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און מיט אַ פֿונאַנדערגעוואָרפֿענע כוואַליע בלאָנדע האָר אויפֿן שטערן, האָט זי געלייענט פֿון אַ קליין געבעט-ביכעלע ווערטער, וועלכע זי האָט גאָרנישט פֿאַרשטאַנען און וועלכע האָבן זי דאָך באַרויִקט.

„הער יעזוס קריסטוס, דער קעניג פֿון רום, באַפֿרײַ די נשמות פֿון אַלע פֿרומע פֿאַרשטאָרבענע פֿון די פּיין פֿון גיהנום און

פינסטערע אָפּגרונטן. זיי זיי מציל פונם לייבן-מויל. הלוואי זאָל זיי דאָס גיהנום נישט איינשלינגען און זיי זאָלן נישט אַריינפאַלן אין דער פינסטערניש. זאָל דער הייליקער מלאך מיכאל, דער פירשט פון אַלע מלאכים, פירן זיי צו דער הייליקער ליכטיקייט, וואו עס רוען אברהם און זיינע קינדער"...

בעת מען האָט די טרומנע אויפגעהויבן, כדי זי אַרויסצוטראָגן, האָבן די פאַרזאַמלטע, וועלכע זענען דורכגעדרונגען געווען מיט אַ נישט-קלאָרן געפיל, אַז די געהיימניש פונם לעבן ווערט מער דערהאַבן, איבערגעריסן זייערע געשפרעכן און זייערע פנימער זענען געוואָרן אָנגעשטרענגט. דער אָרגל איז אַנטשוויגן געוואָרן, און אויפן צעפּלאַנג פונם גלאָק, וואָס אַ קינדיש הענטל האָט אַ צי געטון, האָבן זיך אַלע קעפּ איינגעבויגן. ווען דער גלח איז נאָך דער לעצטער עוואַנגעליע און נאָכן פאַרענדיקן דאָס גאָטעס-דינסט צוגעגאַנגען ביים געזאַנג פון דער „ליבערא" צום קאַטאַפאַלק, האָט דעם גאַנצן המון באַהערשט אַ פאַרלייכטערונגס-געפיל, און דער עולם האָט זיך אָנגעהויבן לייכט שטופּן, כדי אַרויסצוקריגן זיך אין דרויסן, איידער מען וועט די טרומנע אַרויסטראָגן. די פרויען, וועמענס פרומקייט, טרויער און פאַרזונקענקייט עס איז אָפּהענגיק געווען פון זייער אומבאַוועגלעכער און קניענדיקער פּאָזיציע, זענען דורך דער אַלגעמיינער באַוועגונג און אויך דורכן טרעפן זיך מיט באַקאַנטע צוריק אַריינגעברענגט געוואָרן אין דער געוויינטלעכער שטימונג. זיי האָבן אָנגעהויבן צווישן זיך, ווי אויך מיט די מענער, פאַרפירן קורצע שמועסן:

— דו ווייסט — האָט אַ זאָג געטון עלען מידי צו פאַלעמפין — נאַנטייל טרעט אַריין אין פראַנצויזישן קאָמעדיע-טעאַטער.

— עס קאָן נישט זיין!

— דער קאָנטראַקט איז שוין אונטערגעשריבן.

— ווי אַזוי האָט זי דערגרייכט צו דעם?

— געוויס נישט מיט אַרטיסטישע אָנשטרענגונגען — האָט עלען אָפּגעענטפערט און אָנגעהויבן דערציילן עפּעס אַ סקאַנדאַליעזע געשיכטע.

— גיב אַכטונג — האָט איר פּאַלעמפּין געזאָגט — זי גייט הינטער אונדז.

— איך זע זי! זי האָט אָבער אַ צופּיל אויסגעריבענעם שטערן פון ווייגען, אַז זי זאָל דאָ קענען אַהערקומען! וואָס זאָגסטו, ניין?

מאַריאַ קלאַראַ האָט איינגערוימט אַן אויסערגעוויינטלעכע ידיעה!

— מען זאָגט, אַז ער האָט זיך גענומען דאָס לעבן. דאָס איז גאָרנישט אמת! ער האָט זיך גאָרנישט גענומען דאָס לעבן. דער בעסטער סימן איז, אַז מען האָט אים געהאַלטן אין קלויסטער.

— וואָס דען? — האָט דורוויל געפרעגט.

— דע ליני האָט אים געכאַפּט צוזאַמען מיט נאַנטיילן, און האָט אים דערמאָרדעט.

— עס איז נישט מעגלעך.

— איך זאָג דיר, אַז איך ווייס עס אויף זיכער.

די געשפּרעכן זענען אַלץ באַלעבטער און פּאַרטרויאַלעכער געוואָרן.

— אָ, דו... דו ביסט אַן אַלטער אומבאַהאָלפענער.

— די איינקונפטן ווערן קלענער.

— סטעלאַ איז פּראָטעזשירט דורך זיבצען דעפּוטאַטן, פון וועלכע ניין געהערן צו דער ביודזשעט-קאָמיסיע.

— איך האָב דאָך טאַקע געזאָגט הערשלען: דער קליינער בוקעט איז נישט קיין געשעפט פאַר אייך. איר דאַרפט האָבן אַן אָנגעזעענעם מענטש.

ווען די טרומנע, וואָס די קלויסטער-דינערשאַפט האָט געטראָגן אויף די אַקסלען, איז דורכגעגאַנגען די קלויסטער-טיר, זענען אויף די פּנימער פון די פרויען און אויף די רויזן-קרענץ געפאַלן וווּנדערשיינע שטראַלן פון דער ווינטער-זון. ביי אַ פּופּצען שילער פון פאַרשידענע שולן האָבן זיך אויסגעשטעלט איןביידע זייטן קאָרידאָר און האָבן זיך איינגעקוקט אין די אָנגעזעענע פּערזאָנען אין דער מאַסע. די אַרבעטערינס פון די אַרומיקע פאַבריק-

לעך זענען געשטאַנען פאַרנחייז, און האַלטנדיק זיך קעגנזייטיק בײַ די טאַליעס, האָבן זיי זיך גוט אײַנגעקוקט אין די שוישפּילערינס קליידער; צוויי שלעפּערס, וואָס זענען געוואוינט צו לעבן אונטערן פרייען הימל, האָבן, שטייענדיק אָנגעשפּאַרט אָן אַ מויער, געוואָרפן טרויעריקע בליקן אַרום זיך, איין שילער ווידער האָט זיך ליידנשאַפטלעך אײַנגעקוקט אין די רויטע פאַליעס האָר, וואָס האָבן זיך געשלענגלט אויף פאַגעטס קאַרק.

געשטאַנען איז זי אויף די טרעפּ פון דער פראָנט-זײַט, אויפן העכסטן שטאַפּל, און האָט געפירט אַ שמועס מיט קאָנסטאַנטי מאַרק און עטלעכע צײַטונגס-רעפּאָרטערן.

— הער דע ליני? ער איז געווען בײַ מיר אַ גאַנץ אָפטער גאַסט, נאָך איידער ער האָט געקאָנט באַנטיילן. גאַנצע שעהן פלעגט ער זיך אײַנקוקן אין מיר מיט אַ ליידנשאַפטלעכן בליק, נישט וואַגנדיק אפילו צו רעדן צו מיר אַ וואָרט. איך פלעג עס גאַנץ גערן אויפנעמען, ווײַל ער איז געווען, וואָס אַן אמת, זייער פײַן. מען מוז אָפנהערציק מודה זײַן, אַז מאַניערן האָט ער אויסגעצייכנטע, און מען קאָן אים גאָרנישט פאָרוואַרפן. ווי ווײַט ער פלעגט נאָר קאָנען, פלעגט ער זיך באַמיִען צו באַהערשן. געדויערט האָט עס אַזוי, ביז ער האָט זיך אין אַ געוויסן טאָג מיר אין ליבע דערקלערט, און האָט דערבײַ צוגעגעבן, אַז ער ליבט מיך בִּיז משוגעת. איך האָב אים געענטפערט, אַז צוליב דעם, וואָס ער האָט זיך געווענדט צו מיר גאַנץ ערנסט, וועל איך אים אויך ענטפערן דערויף ערנסט, אַז עס טוט מיר זייער לייד, וואָס איך בין געצוואונגען צו זען אים אין אַזאַ צושטאַנד; אַז איך בין אַן אָנגעזעענע פרוי און אַז איך האָב מײַן לעבן שוין פון פריִער אָנגעצייכנט אויף אַ גאַנץ אַנדערן אופן; אַז וויפיל מאָל עס טרעפן זיך מיר אַזעלכע פאַרפאַלן פון ליבע-דערקלערונגען, האָב איך גרויס עגמת-נפש און אַז איך קאָן פאַר אים גאָרנישט טון. ער איז אַרײַנגעפאַלן אין פאַרצווייפלונג. גלײַך נאָך דעם האָט ער מיר דערקלערט, אַז ער פאָרט אַוועק פונדאַנען קיין קאָנסטאַנטינאָפּל. פונדעסטוועגן האָט ער זיך נישט געקאָנט דעצידירן: צי זאָל ער בלײַבן דאָ אָדער אַוועקפאָרן. ער איז פון צרות קראַנק געוואָרן.

באַנטייל, וועלכע האָט געמיינט, אַז איך בין אין אים פאַרליבט און וויל אים האַלטן לעבן זיך, האָט געטון אַלץ, וואָס זי האָט נאָר געקאָנט, אַבי אים אָפּצורייסן פון מיר. זי האָט זיך צוגעלעקט צו אים אויף אַן אומדערהערטן און אומפּאַסיקן אופן. זי האָט מיר טיילמאָל אויסגעזאָגט מיט אירע העזויות אַ ביסל לעכערלעך. איר וועט אייך אָבער געוויס אָנשטויסן, מיינע הערן, אַז קיין שום שטערונגען האָב איך אירע אָנשטרענגונגען נישט קעגנגעשטעלט. הער דע ליני ווידער פון זיין זייט, צי האָט ער געמיינט דערמיט מיר עגמת-נפש צו פאַרשאַפן, אָדער זיך צו רייצן מיט מיר — ווייס איך? אָדער אפשר גאָר, ווייל ער האָט געהאַסט, אַז איך וועל אַזוי אַרום אייפערזיכטיק ווערן, האָט ער גאַנץ דייטלעך אָפּגעענט-פערט אויף באַנטיילס פאַטשעפּן אים. אָט אַזוי האָבן זיי זיך דאָס פאַרבונדן. איך בין געווען גליקלעך. באַנטייל איז מיין האַרציקס-טע חברטע.

פרוי דולק איז לאַנגזאַם אַראָפּגעגאַנגען פון די טרעפּ צווישן צוויי רייען בייגיריקע, און האָט זיך איינגערעדט, אַז זי הערט, ווי מען האַלט אין איין שעפּטשען: „דאָס איז דולק"!

אויפן וועג האָט זי אָנגעכאַפּט באַנטייל, האָט זי צוגעדריקט צום האַרץ, און מיטן שיינעם זשעסט פון אמתער קריסטלעכער באַרמהערציקייט, האָט זי זי אַרומגעהילט מיט איר מאַנטל, זאָגנ-דיק דערביי מיט אַ זיפץ:

— כּרוול בעטן צו גאָט, קינד, און נעם צו דעם מעדאַל-יאָן. דער פּויפּסט אַליין האָט אים געבענטשט. איך האָב אים באַ-קומען פון אַ פּאָטערל אַ גלח.

פרוי באַנטייל איז אַרויסגעגאַנגען צום לעצט. זי איז געווען אַ ביסל פאַרסאָפּעט, מען האָט אָבער דערקאָנט אין איר, אַז זי איז זייער פאַרייִנגערט געוואָרן, זינט זי האָט באַקומען אַ געליבטן. דורוויל האָט איר געדריקט די האַנט.

— דער אָרימער שעוואַליער! — האָט ער געשעפּטשעט.

— ער איז נישט געווען קיין שלעכטער מענטש — האָט פרוי באַנטייל אָפּגעענטפערט, — עס האָט אים אָבער געפעלט

טאַקט. אַ מענטש פון דער געזעלשאַפט נעמט זיך נישט דאָס לעבן אויף אַזאַ אופן. ער האָט געהאַט אַ שלעכטע דערציִונג.

דער טרומנע-וואָגן האָט גערירט פונם אָרט און זיך אַריינגעדרייט אין דער סופלאָט-גאַס, וואָס איז פול געווען מיט בוכהאַנדלונגען.

נאָכגעגאַנגען זענען שעוואַליערס קאָלעגן, די טעאַטער-באַאַמטע, דער דירעקטאָר, דאָקטאָר סאָקראַטעס, קאָנסטאַנטי מאַרק, עטלעכע צייטונגס-מיטאַרבעטער און אַ ביסל נייגיריקע. די גייסטלעכע און די שוישפילערינס זענען געפאָרן אין דראָזשקעס. נאַנטייל איז, נישט קוקנדיק אויף פרוי דולקס עצה, אויך מיטגעפאָרן, אין איין דראָזשקע מיט פאַגעטן.

דאָס וועטער איז געווען שיין. די, וועלכע זענען נאָכגעגאַנגען נאָך דער טרומנע, האָבן צווישן זיך פריי געשמועסט:

— דאָס בית-עולם איז עפעס אין עק וועלט!

— מאָנטפאַרנאַס? העכסטנס נאָך דרייסיק מינוט גאַנג.

— דו ווייסט, אַז מען האָט נאַנטייַלן אַנגאַזשירט אין פראַנצויזישן קאָמעדיע-טעאַטער?

— וועלן מיר היינט האָבן אַ פרובע? — האָט קאָנסטאַנטי מאַרק אַ פרעג געטון ראַמילין.

— געוויס. דריי אַ זייגער אין פאָיע. זי וועט דויערן ביז פינף. היינט ביינאַכט שפיל איך. מאָרגן שפיל איך אויך. זונטיק ווידער שפיל איך נאָך מיטאָג, און ביינאַכט... מיר שוישפילערס ענדיקן קיינמאָל נישט, מיר הייבן אַלץ אין איינעם אָן אויפסניי. שטענדיק שענקען מיר זיך אַוועק דער מענטשהייט...

דער פאָעט אַדאָלף מיינער האָט אים אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן אַקסל.

— וואָס הערט מען עפעס, ראַמילי?

— און ביי אייך, וואָס הערט מען, מיינער? אַלץ די זעלבע אַרבעט פון שפירירן?... דאָס וואָלט נאָך גאָרנישט געווען. דער ערפאָלג איז אָבער אָפהענגיק נישט בלויז פון אונדז. אויב די פיעסע איז שלעכט און זי געפעלט נישט, ווערט מיט איר צוזאַמען פאַרפאַלן אויך דאָס אַלץ, וואָס מיר האָבן אין איר אַריינגע-

ליגט; אונזער האַרעוואַניע, אונזער טאַלאַנט, אַ שטיק פון אונזער לעבן. וויפיל קאַטאַסטראָפעס האָב איך שוין אַזעלכע דורכגעמאַכט. וויפיל מאָל איז דאָס טעאַטער-שטיק געפאַלן לעבן מיר, ווי אַ שקאַפע אויף דער ערד, און מיך אַליין אויך מיטגעשלעפט מיט זיך. אַך, ווי גוט וואָלט עס געווען, ווען מען זאָל נאָר באַשטראָפט ווערן פאַר אייגענע זינד און נישט פאַר פרעמדע!

— טייערער ראַמילי — האָט מיינער לעבהאַפט געענטפערט — צי מיינט איר, אַז דער דערפאָלג פון אונז, דראַמען-אויטאָרן, ווענדט זיך נישט אין די שוישפילער אַזוי גוט ווי אין אונז? צי ווייסט איר נישט, אַז גרויסע און דערהאַבענע פיעסן זענען נישט איינמאָל אַריינגעפאַלן אין אַ בלאָטע צוליב דער אומפאַרזיכטיקייט אָדער אומוויסנהייט פונם שפילער? באַפאַלט אונז אַמאָל אַ אומרויִקייט און עגמת-נפש ביים בלויזן געדאַנק, אַז אונזער גורל איז אָפּהענגיק, נישט נאָר פון אונזער אייגענעם ווערט, נאָר אויך פון די, וואָס קעמפן צוזאַמען מיט אונז.

— אָט דאָס איז טאַקע דאָס לעבן! — האָט זיך אַריינגעמישט קאָנסטאַנטי מאַרק. בײַ יעדע זאַך, אומעטום ליידן מיר פאַר פרעמדע זינד.

— דאָס איז אַ גרויסער אמת! — האָט מיינער, וועמענס ל ר׳שע דראַמע „פאָנדאַלף עט קלאָרימאָנד“, האָט געהאַט אַדורכפאַל, געענטפערט. — די אומרעכט בנוגע אונז רעגט אונז אָבער אויף.

— זי דאַרף אונז גאָרנישט אויפרעגן — האָט קאָנסטאַנטי מאַרק געענטפערט. — עס עקזיסטירט איין הייליק געזעץ, וואָס רעגירט מיט דער וועלט און וועלכעס מיר דאַרפן פאָלגן, וועלכעס מיר דאַרפן פאַרגעטערן: דאָס איז די אומרעכט — אַ מעכטיקע הייליקע אומרעכט! זי איז אומעטום געבענטשט, אונטערן נאָמען פון גליק, דערפאָלג און געניאַליטעט! אונזער שוואַכקייט איז, וואָס מיר ווילן זי נישט אָנערקענען און ערן אונטער איר אייגענעם נאָמען.

— איר רעדט וואונדערבאַרע זאַכן! — האָט ליבלעך אַ זאָג געטון מיינער.

— באַרעכנט אײַך נאָר — האָט קאָנסטאַנטי מאַרק װײַטער גערעדט — איר אַלײן שטײט אױף דער זײַט פֿון דער אומרעכט, װײַל איר שטרעבט צו כּבֿוד, און איר װאָלט גאַנץ באַװאוסטזיניק געװאָלט פֿאַרניכטן אײַערע קאָנקורענטן. דער פֿאַרלאַנג אײַערער איז נאַטירלעך, אומגערעכט און געזעצלעך. צי קאָנט איר נאָך אַ נאַרישערע און עקלהאַפֿטערע זאַך װי מענטשן, װאָס פֿאָדערן פֿאַר זיך רעכט? די עפֿנטלעכע מײנונג, װעלכע איז געװיס נישט זײער אינטעליגענט, דער געזונטער פֿאַרשטאַנד, װאָס איז געװיס נאָך נישט דער העכסטער שׂכל פֿון דער װעלט, האָבן דאָך דערפֿילט, אַז זײ טרעטן אַרױס קעגן דער נאַטור, קעגן דער געזעלשאַפֿט און קעגן דעם לעבן.

— געװיס — האָט מײַנער געענטפֿערט — אָבער די גערעכטיקײט...

— די גערעכטיקײט איז בלױז אַ פֿאַנטאַזיע פֿון עטלעכע נאַראָנים. די אומרעכט איז דער װילן פֿון גאָט אַלײן. די בלױזע דאָקטרינע פֿון דער ערשטער עבֿרה, װעלכע איז אָפּגעטון געװאָרן אױף דער װעלט, װאָלט גענוג געװען צו מאַכן מיך פֿאַר אַ קריסט, און די דאָקטרינע פֿון מוחל זײַן אױך די עבֿרות, ענטהאַלט אין זיך אַלע מענטשלעכע און אױך געטלעכע אמתן.

— איר זענט אַ גלױביקער? — האָט מיט אַכטונג אַ פֿרעג געטון ראַמילי.

— נײן, איך בין נישט. איך װאָלט אָבער געװאָלט זײַן אַ גלױביקער. איך האַלט, אַז דאָס גלױבן אין גאָט איז דאָס גרעסטע גוטס, װאָס מען קאָן אױף דער װעלט באַזיצן. יעדן זונטיק אָדער אַנדערע חגאות גײ איך אין סט.-באַרטאַלאָמע, און עס האָט זיך מיר נאָך נישט געטראָפֿן דער פֿאַל, אַז איך זאָל נישט טראַכטן בשעת דער גלח פּרײדיקט: „איך װאָלט אַװעקגעגעבן אַלץ, װאָס איך פֿאַרמאָג, מײַן הױז, מײַנע פֿעלדער און װעלדער, בלױז פֿאַר דעם אַלײן, איך זאָל אַזױ נאַריש קאָנען זײַן, װי די בעסטיע.“

מישעל, אַ ײנגער מאָלער, מיט אַ מיסטישער באָרד, האָט װידער גערעדט צום דעקאָראַטאָר ראָגער:

— דער עלנדער שעװאַליער פֿלעגט טײלמאָל האָבן מערק-

ווירדיקע איינפֿאַלן. ניִשט אַלע פּלעגן אָבער גוט זיין. איין מאָל, געדענק איך, איז ער געקומען אין שענק אַריין פֿריילעך און ווי ניי־געבוירן. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן אונדז, אין ציפּענדיק זיין אַלטן הוט מיט זיינע לאַנגע און רויטע פֿינגער, האָט ער זיך אָנגערופֿן צו אונדז: איר ווייסט וואָס, איך האָב אַנטדעקט אַן אמת מיטל, ווי אַזוי צו שפּילן דראַמען. ביז איצט איז נאָך קיינעם ניִשט געלונגען צו שפּילן קיין דראַמע, איר הערט? קיינעם ניִשט. און ער האָט אונדז דערציילט, ווי אַזוי דאָס איז געשען. איך גיי אַהיים פֿון טעאַטער. איך האָב מיך דערמאַנט, אַז מען האָט מיך געהייסן אַרויפֿכאַפּן זיך אויפֿן אַמפּיטעאַטער: איך האָב געזען אַזוי פֿיל דעפּוטאַטן, וואָס האָבן געווימלט, ווי די ווערעמלעך אויפֿן אָפּגרונט פֿון אַ ברונען. פּלוצלינג גייט אַרויף אויף דער טריבונע אַ קליין, פֿעסט געבויט מענטשל. אויסגעזען האָט ער, ווי ער וואָלט אויף די פּלייצעס געטראָגן אַ זאַק קוילן. די עלנבויגנס האָט ער געהאַלטן פֿאַר זיך און די פֿויסטן האָט ער געהאַט צונויפֿגעבאַלט. ווי לעכערלעך האָט ער אויסגעזען! גערעדט האָט ער מיט אַן אַקצענט פֿון די דרום־לענדער, און אויסער דעם, האָט ער געהאַט אַ שלעכטע אויסשפּראַך. ער האָט גערעדט וועגן פּראָלעטאַריאַט, וועגן דער סאָציאַלער גערעכטיקייט. אויסגעזען האָט עס הערלעך! זיינע זשעסטן, זיין שטימע האָבן אָנגעפֿירט דעם מענטש ביז דער זיבעטער ריפּ: דער גאַנצער זאַל האָט זיך געטרייסלט פֿון די אַפּלאָדיסמענטן. און איך האָב מיר געטראַכט: דאָס, וואָס ער האָט דאָ געמאַכט, וועל איך דאָס זעלבע מאַכן אין טעאַטער, נאָך אפֿשר בעסער. איך, אַ קאָמיקער, וועל שפּילן אין אַ דראַמע. גרויסע דראַמאַטישע ראָלעס דאַרפֿן געשפּילט ווערן דורך אַ קאָמיקער, און דאַן רופֿן זיי אַרויס דעם אמתן עפֿעקט. דער קאָמיקער מוז אָבער פֿאַרמאָגן אַ נשמה, און דעם עלענדן האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט אַ גאַנצע קונסט אַנטדעקט. „מענטשן וועלן זען" — האָט ער געזאָגט.

אין עק פֿונם סט.־מישעל־בולוואַר איז צו מיינערן צוגעקומען אַ ציישונגס־מיטאַרבעטער:

— איז עס אמת, אַז דעיניו איז געווען פֿאַרליבט אין פֿאַגעטן ביז משוגעת?

— אויב ער האָט זי ליב, איז עס יעדנפאַלס נישט פון לאַגג. מיט צוויי וואָכן צוריק האָט ער מיך ערשט געפרעגט אין טעאַטער: „ווער איז די קליינע בלאָנדינקע?" און געוויזן אויף פּאַגעטן.

— איך ווייס נישט — האָט זיך אָנגערופן דער רעפּאָרטער פון אוונט־בלאַט צום רעפּאָרטער פון פרימאָרגן־בלאַט — פון וואַנען עס האָט זיך צו אונז דערנומען די מאַניע פון טרייבן רכילות. איך בין, אדרבא, איבערראַשט פון דער גרויסער צאָל אָרנטלעכע מענטשן, מיט וועלכע איך טרעף מיך צונויף. איך הייב אָן גלייבן, אַז מענטשן שעמען זיך מיט זייערע גוטע מעשים און באַהאַלטן זיך מיט זיי. זענט איר נישט איינשטימיק מיט דעם מיינונג?

— וואָס אָנבאַלאַנגט מיר — האָט דער נאַכט־רעפּאָרטער אָפּגעענטפערט — איז וויפיל מאָל עס טרעפט זיך מיר צו עפענען ווי עס איז אַ טיר, איך בעט דאָס צו פאַרשטיין אָן שום גוזמא און בוכשטעבלעך, האָב איך שטענדיק אַנטדעקט דאָרט אַזאַ מין שאַנד, וואָס קיינער וואָלט עס זיך נישט פאַרגעשטעלט. ווען מען זאָל קאָנען די בעזעלשאַפט איבערדרייען אויף דער צווייטער זייט, ווי אַ הענטשקע, און מען זאָל אויך קאָנען אין איר אַריינקוקן איבעוויינין, וואָלטן אַלע געחלשט פון עקל און שרעק.

— איך האָב זיינער צייט געקאָנט שוואַליערס פעטער — האָט זיך אָנגערופן ראַגער צום מאַלער מישעל. — ער איז געווען אַ פאָטאָגראַפיסט און פלעגט זיך קליידן ווי אַן אַסטראָלאָג. ער איז געווען אַן אַלטער משוגענער, וואָס פלעגט אָפּשיקן זיינע קליענטן די פאָטאָגראַפיעס פונם צווייטן קליענט. די קליענטן פלעגן דערנאָך רעקלאַמירן... אָבער נישט אַלע. עס זענען געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן זאָגאַר איינגעפונען, אַז זיי זענען זייערע ענלעך.

— און וואָס איז מיט אים דער סוף געוואָרן?

— ער האָט באַנקראָטירט און זיך אויפגעהאַנגען.

גייענדיק אויפן סט.־מישעל בולוואַר לעבן דאָקטאָר טרובלעט, האָט פראַדעל אויסגענוצט די געלעגנהייט זיך צו אינפאָרמירן, וועגן דער אומשטערבלעכקייט פונם גייסט און וועגן מענטשנס גורל

נאָכן טויט. ער האָט זיך אָבער גאָרנישט ערקינדיקט אַזעלכעס, וואָס זאָל אים אויסזען גענוג פּאָזיטיוו, און פּלעגט אַלץ זאָגן:

— איך וואָלט געוואָלט וויסן.

אויף דעם האָט אים דאָקטאָר סאָקראַטעס געענטפערט:

— מענטשן זענען נישט באַשאַפן געוואָרן זיי זאָלן וויסן; מענטשן זענען נישט באַשאַפן געוואָרן, אַז זיי זאָלן קאָנען פאַרשטיין. זיי האָבן נישט דערויף קיין פּאַקטן. דער מענטשלעכער מח איז גרעסער און פאַרצווייגטער, ווי דער מח פון דער גאָריל. עס איז אָבער צווישן זיי קיין גרויסער אונטערשייד נישטאָ אין דערווירקלעכקייט. אונזערע דערהאַבנסטע געדאַנקען און העכלעכסטע סיסטעמען וועלן נאָר שטענדיק בלייבן אַ פּראַכטפולע אַנטוויקלונג פון די באַגריפן, וואָס די מאַלפּע-קעפּ האָבן שוין אין זיך. דאָס, וואָס מיר ווייסן מער פונם הונט, ווייַלט אונז וואָס אַן אמת און מאַכט אונז צופרידן; אין דער גופא זאַך אָבער איז עס אַ גאָרנישט מיט גאָרנישט. און אונזערע איינרעדענישן ווערן כסדר גרעסער צוזאַמען מיט די וויסנשאַפטן, וואָס מיר דערווערבן.

פּראַדעל האָט אָבער גאָרנישט געהערט. זיין קאָפּ איז פאַרנומען געווען מיטן איינחזרן זיך די רעדע, וואָס ער האָט געדאַרפט האַלטן ביי שוואַליערס אָפענעם קבר.

ווען דער קאָנדוקט האָט זיך או סגעדרייט צום גרינעם פּלאַץ אויף עוועניו ד'אָבסערוואַטאָר, האָט זיך דער טראַמוויי אָפּגעשטעלט, און אָפּגעבנדיק ערע דעם טויט, האָט ער אים אָפּגעטרעטן דעם וועג.

טרובלעט האָט דערויף אויפמערקזאַם געמאַכט:

— די מענטשן ערן דעם טויט — האָט ער געזאָגט — פאַרשטייענדיק פולקאָם ריכטיק, אַז אויב דער פאַרשטאָרבענער איז חערט מען זאָל אים אַכטן, האָט יעדער פון זיי די זיכערקייט, אַז אויף דעם אופן, וועט ער זיך אויך כאָטש אַמאָל פאַרדינען אַכטונג.

די שוישפּילער האָבן טרויעריק געשמועסט צווישן זיך וועגן שוואַליערס טויט. מיט אַ פאַרשטיקטער און געהיימנישפולער

שטימע האָט דורוויל דערציילט די גאַנצע געשיכטע פון דער דראַמע:

— דאָס איז נישט קיין זעלבסטמאָרד. דאָס איז אַ פאַרברעכן אויפן באָדן פון ליבע. דע ליני האָט געפּאַקט שעוואַליערן צוזאַמען מיט נאַנטיילן ביי אַ מיאוסער מעשה, האָט ער צו אים זיבן מאָל אויסגעשאָסן פון אַ רעוואָלווער. צוויי קוילן האָבן געטראָפן אונזער אומגליקלעכן קאָלעגע, פיר האָבן אינגאַנצן נישט געטראָפן אין ציל, און איינע האָט נאַנטיילן צעראַצט אונטער דער לינקער זייט ברוסט.

— וואָס איך הער? נאַנטייל איז פאַרוואונדעט.

— לייכט.

— וועט דע ליני צוגעצויגן ווערן צו געריכטלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

— זיי וועלן שוין דעם פּראָצעס פאַרטושן און זיי וועלן אויך ווייטער בלייבן גערעכט. איך בין אָבער וועגן אַלעם גענוי אינפאָרמירט.

די שושפּילעריגס, וואָס זענען געפאָרן אין די דראָזשקעס, האָבן אויך פאַרשפּרייט די פאַרשידנסטע ידיעות, וואָס זענען נישט געשטויגן און נישט געפלויגן. טייל פון זיי האָבן געגלייבט, אַז עס איז געשען אַ זעלבסטמאָרד, אַנדערע ווידער, אַז עס איז געווען אַן אייגנפאַכער מאָרד.

— ער האָט זיך אַליין געשאָסן אין דער ברוסט אַריין — האָט פאַלעמפין פאַרזיכערט — ער איז בלויז פאַרוואונדעט געוואָרן. דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז ווען מען וואָלט אים באַוואָרן, דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז ווען מען וואָלט אים באַ-צייטנס געוועזן פאַרבאַנדאַזשירט, וואָלט מען אים געקאָנט אָפּראַטעווען. זיי האָבן אים געלאָזט ליגן אויף דער פּאָדלאָגע און אָפּגיין אין בלוט.

פרוי דולק ווידער האָט איינגעטענהט מיט עלען מידי:

— נישט איין מאָל בין איך שוין געשטאַנען ביי אַ טויטן-בעט. אין אַזאַ מאָמענט קני איך אַנידער און בעט צו גאָט. איך פיל דאַמאָלס, ווי עס שווימט עפּעס אַרויף אויף מיר אַ הימלישע רו.

— איר זענט אַ גליקלעכע — האָט איר עלען מידי געענט־פערט.

ביים עק פון די גאַסן שאַמפּאַן־פּרעמיער, אויף די ברייטע גרויע בולוואַרן, האָבן אַלע מיטאַמאָל דערפילט, וואָס פאַר אַ וויַיטן מהלך זיי זענען שוין אָפּגעגאַנגען און ווי טרויעריק די וואַנדערונג האָט אויסגעזען. אויף דער רעכטער זייט האָבן זיך געצויגן אַ גאַנצע רייע ווערקשטאַטן פון מצבות, געשעפטן, פון בלומען, שויפענסטער מיט בלומען־קעפּ, שטרוי־קרענץ און גיפּסענע מלאכים. אויף דער לינקער זייט ווידער האָט מען שוין אַרויסגעזען, דורך דער נידעריקער מויער פונם בית־עולם, די ווייסע קרייצן, וואָס האָבן מיט זייער הייך געגרייכט און זיך אויסגעמישט מיט די נאַקעטע צווייגן פון די ליפּע־ביימער. און פון אַלע זייטן האָט זיך געפילט דער טויט, דער באַנאַלער, סיסטעמאַטיזירטער טויט, וועלכער איז אַדמיניסטירט געוואָרן דורך דער רעגירונג און דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, און באַצירט דורך די פאַריתומטע פאַמיליעס.

זיי זענען איצט דורכגעגאַנגען צווישן צוויי שווערע שטייַנערנע פילאַרן. דער קאַראַוואַן האָט זיך לאַנגזאַם גערוקט איבערן קנאַקנדיקן זאַמד. אַרום איז געווען שטיל. דאָ אין טויטן־הויז האָט דער טרומנע־וואָגן אויסגעזען צוויי מאָל אַזוי הויך, ווי ער איז געווען אין דער ווירקלעכקייט. די מענשן, וועלכע זענען געגאַנגען אינם אַרשאַק, האָבן געלייענט די אויפשריפטן אויף די מצבות פון באַרימטע מענשן, אָדער האָבן זיך איינגעקוקט פאַרגאַפט אין די מאָנומענטן, וואָס האָבן פאַרגעשטעלט פאַרשידענע בילדער, צום ביישפּיל, אַ יונג פרייליין, וואָס זיצט מיט אַ בוך אין דער האַנט א. ד. ג. דער אַלטער מאַורי ווידער האָט ספּעציעל געזוכט אויף די מצבות די עלטער פון די פאַרשטאָרבענע. ווען ער האָט דערזען אייגעם, וואָס איז נאָך יונג געשטאָרבן, אָדער אפילו אין די מיטל־יאָרן, איז ער טרויעריק געוואָרן און ער באַטראַכט פאַר אַ שלעכטער נבואה. פאַרקערט ווידער, ווען ער האָט געפונען עלטערע יאָרן, האָט ער זיך דערפרייט, און אָנגעהויבן האָפן, אַז ער וועט נאָך לאַנג לעבן.

דער טרומנע־וואָגן האָט זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן דער

אַלעע, וואָס האָט זיך געפונען אין דער זייט פונם סקווער. די גייסטלעכע און די פרויען זענען אַרויסגעשטיגן פון די דראָזשקעס. דעלאַזש האָט פונם שטיגל פון דער דראָזשקע אַ כאַפּ געטון די אָרנטלעכע און שוין אַ ביסל שווערע פּרוי ראַוואַט, און אַראָפּשטעלנדיק זי אויף דער ערד, האָט ער איר, האַלב אין ערנסט און האַלב אין שפּאַס, געמאַכט אַ געוויסן פאָרשלאַג. זי איז שוין נישט יונג געווען. זי האָט שוין געהאַט הינטער זיך אַ האַלבן הונדערטער טעאַטער-טראַדיציע. דעלאַזש, וועלכער איז קוים אַלט געווען פינף און צוואַנציק יאָר, האָט זי שוין געהאַלטן פאַר אַ פולקאָם אַלטע. פונדעסטוועגן, ווען ער האָט איר אין אויער אַריין איינגערוימט די איניקע ווערטער, איז ער אַליין גלייכצייטיק אויפגערייצט געוואָרן און איז געוואָרן אָפנהערציק. ער האָט איצט צו איר חשק באַקומען מיט אַ מאָראַליש-פאַרדאָרבענער פאַראינטערעסירטקייט. ער האָט גלאַט איצט געוואָלט אָפּטון עפּעס אַ אויסערגעוויינטלעכע זאַך. קאָן זיין, אַז ער האָט געהאַט דאָס פאַרגעפיל, אַז ער איז גענוג שטאַרק אַזעלכעס אָפּצוטון, אפשר גאָר צוליבן אינסטינקט פון אַן אָנשטענדיקן מאַנספּערזאָן, וואָס ער האָט געהאַט אָדער אפשר גאָר צוליב דעם, ווייל בעטנדיק פריער וועגן דעם, וואָס ער האָט באמת באַרנישט געוואָלט, האָט ער שוין איצט אָנגעהויבן וועלן אויף אַן אמת דאָס, וואָס ער האָט פריער געבעטן. פרוי ראַוואַט האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיינע הענט אויפגערעגט און דאָך אַ ביסל צופרידן.

און די טרומנע, וואָס איז געטראָגן געוואָרן דורך מענטשן, האָט זיך גערוקט אויף דער שמאָלער אַלעע, וואָס איז באַוואַקסן געווען מיט נידעריקע ציפּריסן. מען האָט גאַנץ דייטלעך געהערט דאָס שעפּטשען פון די תפילות.

די סטעזשקע האָט זיך באַלד פאַרענדיקט. נאָכגייענדיק דער טרומנע, דעם גלח און דעם כאָר, האָט מען געמוזט אַריבערקריכן איבער אומגעוואָרפענע מצבות און אַדורכשטופּן זיך דורך די דענקמעלער. אָט האָט מען די טרומנע פאַרלוירן פון אויג און אָט האָט מען די באַלד צוריק דערזען. נאַנט'יל איז נאָכגעגאַנגען דער טרומנע צעהיצט, אומרויִק, אויפגערעגט און מיט אַ געבעט-ביכל אין די הענט.

זי האָט זיך פאַרטשעפּעט אין די קראַטעס מיטן קלייד. און די פאַרדאַרטע קרענץ האָבן אויף איר קלייד איבערגעלאָזט סמנים פון בלומען־שטרויעלעך. ענדלעך האָבן די, וואָס זענען געגאַנגען אין דער ערשטער ריי, דערפילט דעם ריח פון פרישער אויפגעגראָבענער ערד. און פון די קברים־בערגלעך, וואָס זיי זענען געשטאַנען, האָבן זיי דערזען דאָס קבר, אין וועלכן מען האָט אַראָפּגעלאָזט די טרומנע.

די שוישפּילער האָבן נישט געזשאַלעוועט קיין הוצאות אויף דער לוויה. זיי האָבן זיך צוזאַמענגעלייגט גענוג געלט אויף צו קויפן דעם קאָלעגע זייערן אַזוי פיל ערד, וויפיל מען האָט גענדאַרפט — צוויי מעטער, — און באַצאָלט האָבן זיי פאַר פינף יאָר פאָרויס. ראַמיי האָט אין נאָמען פון די אַרטיסטן פון „אָדעאָן", איינגעצאָלט אין דער אַדמיניסטראַציע 300 פראַנק, ריכטיקער געזאָגט: 301 פראַנק מיט אַכציק סענט. ער האָט אויך געמאָלט אַ פּראָיעקט פון אַ דענקמאָל פאַר שעוואַליערן: אַ צעבראָכענע זייל, אויף וועלכער עס הענגט אַ קאָמישע מאַסקע. קיין אַנטגילטיקע דעציזיע איז אָבער וועגן דעם נאָך נישט אָנגענומען געוואָרן.

דער צעלעבראַנט האָט געבענטשט דאָס קבר. דער גייסטלעכער און זיין פאַרטרעטער האָבן אָנגעהויבן שטיל צו זאָגן אַ תפילה.

אַלע האָבן, איינער נאָכן צווייטן, באַשפּריצט די טרומנע מיט געהייליקט וואַסער. נאַנטייל האָט אויף אַלעם אַכטונג געגעבן, אויף די תפילות, אויפן באַשפּריצן, דערנאָך האָט זי אין דער זייט אַנידערגעקניט און האָט מיט היץ אָפּגעזאָגט:

„פאָטער אונזערער, וואָס דו ביסט דאָ אין הימל."

פראַדעל האָט ביים אָפענעם קבר גערעדט. אין אָנהייב האָט ער זיך געוואָלט דערפון אַרויסדרייען. די שוישפּילער אָבער פון „אָדעאָן" האָבן אים נישט אָפּגעלאָזט, ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט דערלאָזן, אַז זייערס אַ יונגער קאָלעגע זאָל אַוועקגיין פון דער וועלט אומבעזונגען.

— איך וועל רעדן אינם נאָמען פון דער גאַנצער גרויסער

אַרטיסטישער משפּחה עטלעכע ווערטער, וואָס יעדער פֿון אייך טראָגט אין האַרץ.

די אַרטיסטן, וועלכע זענען געווען גרופּירט אַרום דעם רעדנער, האָבן אין קלאַסישע פּאָזעס זיך איינגעהאָרכט אין זיינע ווערטער. געהערט האָבן זיי נישט איינפֿאַך, נאָר מיט אמתער געניטשאַפֿט; מיטן מויל, מיט די אויגן, מיט די אויערן, מיט די הענט, מיט די פֿיס. יעדער פֿון זיי האָט זיך איינגעהאָרכט אויף זיין אייגענעם אופֿן: מיט ווירדע, נאַיִוו, מיט עגמת-נפֿש, אָדער גאָר מיט אַן עפֿנטלעך בונטעווען זיך — אָפּהענגיק פֿון זייער פֿאַך.

ניין, דער טעאַטער-דירעקטאָר אַליין וואָלט אויך נישט געווען דערלאָזט, אַז דער טיכטיקער אַרטיסט זאָל אַוועקגיין פֿון זיי אויף שטענדיק אומגעזעגנט, וועלכער האָט אין אַזאַ קליינע צייט פֿון זיין סצענישער קאַריערע אַרויסגעוויזן אַזעלכע שיינע האָפֿנונגען, אַז עס וועט אַרויסוואַקסן פֿון אים מיט דער צייט אַ גרויסער אַרטיסט.

— שעוואַליערס ברויזענדער, אומרויִקער און צעשטרייטער גייסט האָט אַלע זיינע געדאַנקען צוגעגעבן אַ ספּעציעלן און אומגעוויינטלעכן כאַראַקטער. ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק, כמעט מיט עטלעכע שעה צוריק, האָבן מיר געזען, ווי ער האָט צוגעגעבן דעם עפּיזאָדישן געשטאַלט דערהאַבנקייט און ערשטקלאַסיקע באַדייטונג. דער געערטער אויטאָר פֿון דער פּיעסע איז דערשטוינט געווען. שעוואַליערס דערפֿאָלג האָט זיך שוין אָנגעהויבן. אין זיין נשמה איז פֿאַרבאָרגן געווען אַ הייליק פֿייער. מען פֿרעגט, וואָס איז געווען די סיבה פֿון זיין אַזוי-טראַגישן סוף. הלוואַי זאָלן מיר זיך נישט דערוואַרטן אויף אַזאַ סוף. שעוואַליער איז געשטאָרבן איבער זיין טאַלאַנט. ער איז געשטאָרבן צוליב דעם דראַמאַטישן פֿייער, וואָס ער האָט אין זיך געהאַט. ער איז געשטאָרבן, זייענדיק אַ דורכגעברענטער דורך דעם פֿלאַם, וועלכער פֿרעסט אונדז אַלע אויף ביסלעכווייז. צום גרויסן באַדויערן! דאָס טעאַטער, אין וועלכן דאָס פּובליקום באַמערקט בלויז געלעכטער און טרערן, אין וועלכן עס זעט, ווי זיס די געלעכטערן זענען, איז אַ מעכטיקער און אייפֿערזיכטיקער הערשער, וועלכער פֿאָדערט פֿון זיי

נע אונטערטאַנען אַן אַבסאָלוט מקריב זיין זיך, אָפּזאָגן זיך פון אַזעלכע זאַכן, וואָס דאָס נישט דערגרייכן זיי פאַ־שאַפט אונז אומ־געהייערע שמערצן און פאָדערט טיילמאָל אויך קרבנות. איך געזעגן זיך מיט דיר, שעוואַליער, אין נאָמען פון אַלע קאָלעגן. זיי געזעגנט!

די טיכלעך האָבן זיך אַ הייב אויף געטון צו די אויגן. די שוישפילער האָבן אָפנהאַרציק געוויינט: זיי האָבן געוויינט אויף זייער אייגענעם ביטערן גורל.

ווען אַלע זענען זיך שוין געהאַט פונאַנדערגעגאַנגען, זענען אויפן בית־עולם נאָך געבליבן נאָר טרובלעט און קאָנסטאַנטי מאַרק. דער דאָקטאָר האָט מיטן אויג אַרומגענומען אַלע קברים.

— צי קאָנט איר אייך אפשר דערמאָנען אויגוסט קאָמטס אַ געוויסע רעפליקע: „די מענשהייט באַשטייט פון פאַרשטאָרבענע און לעבעדיקע, פאַרשטאָרבענע געפינען זיך אויף דער וועלט באַדייטנד מער, ווי לעבעדיקע. עס אינטערליגט נישט קיין שום ספק, אַז זיי זענען מער אין דער צאָל. זיי זענען אָבער שטאַרקער, נישט נאָר מיט דער צאָל זייערער, נאָר אויך מיט דער גרויסקייט פון דער אַרבעט, וואָס איז דורך זיי אָפּגעטון געוואָרן. זיי רעגירן איבער אונדז, און מיר זענען זיי אונטערגעוואָרפן. אונטער די שטיינער רוען אונזערע מייסטער. אָט דאָ ליגט אַ יוריסט, וואָס האָט געשאַפן דאָס געזעץ, וואָס האָט איצט די מאַכט איבער אונז, דאָ דערלעבן ליגט אַן אַרכיטעקטאָר, וואָס האָט מיין הויז אויפגעשטעלט, אַ ביסל ווייטער ליגט אַ פּאָעט, וואָס האָט געשאַפן פאַנטאַזיעס, וועלכע באַאומרויִקן אונז נאָך היינט; דאָ ליגט ווידער אַ טאַלאַנטפולער רעדנער, וועלכער האָט אונז דורכגענומען מיט געוויסע איבערצייגונגען, נאָך איידער מיר זענען געקומען אויף דער וועלט. אָט זענען די שעפער פון אַלע אונזערע אמתע אָדער פאַלשע קענטעניש פון אונזער קלוגשאַפט און פון אונזער משוגעת. אָט דאָ זענען די אַלע גרויסע פירער אונזערע, וועמען מיר מוזן זיין געהאָרכזאַם. אין זיי געפינט זיך קראַפט, אויסדויער און פעסטקייט אינם דענקען... וואָס באַדייט דען איין דור לעבעדיקע מענשן, אין פאַרגלייך מיט די אָן אַ צאָל דורות פאַרשטאָרבענע?

וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָט דען אונזער ווילן פון איין איינציקן טאָג, אין פאַרגלייך מיט זייער ווילן פון טויזנטער יאָרן. צי קאָנען מיר זיך בונטעווען קעגן זיי? מיר האָבן אפילו נישט גענוג צייט, אַז מיר זאָלן קאָנען זיי געהאָרכזאַם זיין.

— זענט איר ענדלעך, הייסט עס, געקומען צום באַשלוס, דאָקטאָר! — האָט הויך אַ זאָג געטון קאָנסטאַנטי מאַרק. — זאָגט איר אייך, הייסט עס, אָפּ פונם גאַנצן פאָרשריט, פון דער מאָדערנער גערעכטיקייט, פונם אַלגעמיינעם פרידן, פונם פרייען געדאַנק, און איר גיט אייך איינגאַנצן אונטער דער טראַדיציע. איר שטימט איין מיט די אַמאָליקע פעלערן, עם-הארצות און אומווירדיקייט פון אונזערע עלטערן. איר קערט אייך צוריק אום צו דער פראַנצויזישער טראַדיציע, איר וואַרפט אייך צוריק אונטער די אַלטע מנהגים און דעם אויטאָריטעט פון אונזערע זיידעס.

— פונוואַנען האָט זיך אייגנטלעך דערנומען צו אייך די טראַדיציע? — האָט טרובלעט אַ פרעג געטון — פונוואַנען האָט זיך דערנומען צו אייך דער אויטאָריטעט? עס עקזיסטירן טראַדיציעס, וועלכע לאָזן זיך נישט צופאַסן צו זיך, פאַרשידענע מינים מנהגים, קעגנגעזעצטע אויטאָריטעטן. די טויטע וואַרפן אונז נישט אָן קיין שום ווילן. זיי הייסן אונז אונטערטעניק זיין פאַרשידנאַרטיקע ווילנס, וועלכע זענען זיך אַליין איינס דאָס צווייטע סותר. די אָפּיניעס פון דער פאַרגאַנגענהייט, וועלכע דריקן אונז ווי אַ שווערע לאַסט, זענען נישט זיכער און נישט קלאָר. צעקוועטשנדיק אונז, פאַרניכטן זיי זיך אַליין קעגנזייטיק. די אַלע טויטע האָבן געלעבט ווי מיר אין אומאויפהערלעכע רייבונגען צווישן זיך. יעדער פון זיי האָט אויף זיין אייגענעם אופן זיין חלום געחלומט, אין ליבשאַפט אָדער פיינטשאַפט. לאָמיר אויך חלומען אין פרייד [illegible]ין גוטס, אויף וויפיל עס לאָזט זיך נאָר, און לאָמיר גיין עסן [illegible]ערגעץ פרישטיק. איך וועל אייך פירן אין אַ קליין פאַרוואָרפן לאָך, אויף וואָווין-גאַס צו קלעמענטינען. זי גיט נאָר איין און איינציק געריכטס, עס איז אָבער אַן אויסערגעוויינטלעכס: אַלאַ קאַסטעלנאַו, הייסט עס, און עס האָט נישט קיין שום געמיינזאַמס מיט דעם געריכטס אַלאַ קאַרקאַסאָן, וועלכעס איז געוויינטלעך שעפסן-

פלייש מיט קײלעכדיקע אַרבעס. דאָס געריכטס אַלאַ קאַסטעלנאַו באַשטייט פון געפּרעגלטע גענזן־פּיסלעך, ווייסע אַרבעס, חזיר־פלייש, און אַ שטיקל קעלבאַס. אַז מען וויל עס זאָל זיין זייער באַטעמט באַז מען עס זייער לאַנג קאָכן אויף אַ קליין פייער. קלעמענטינעס געריכטס קאָכט זיך שוין זייט צוואַנציק יאָר. זי לייגט אַלעמאָל אַריין אינם ראָנדעל עפּעס אַנדערש, דאָ אַ שטיקל גענזנס, דאָ חזיר־פלייש, דאָ קעלבאַס, דאָ קליינע ארביסלעך. עס איז אָבער אַלץ דאָס זעלבע געריכטס. דער תמצית דערפון בלייבט, און אָט טאַקע דער אַלטער און טייערער תמצית גיט עס צו דעם טייערן געשמאַק, וועלכן מיר פילן, ווען מיר קוקן אויף די פרויען־געשטאַלטן, וועלכע זענען געמאָלט אויפן לייוונט פון די גרויסע ווענעציאַנער מאָלער און זענען איינגעפאַסט אין גאָלדענע ראַמען. קומט מיט מיר, איך וועל אייך געבן צו פאַרזוכן דעם טעם פון קלעמענטינעס געריכטסן.

## XI

נאַנטייל האָט באַכדעם, ווי זי האָט אָפּגעזאָגט די תּפילות,
שוין נישט געהערט פּראַדעלס רעדע, נאָר איז אַרייַנגעשפּרונגען
אין אַ דראָזשקע און זיך געהייסן אָפּפירן אויפן מאַנטפּאַרנאַס־
וואָקזאַל, וואו ראָבערט דע ליני האָט אויף איר געוואַרט. צווישן
דער מאַסע אַדורכגייערס האָבן זיי זיך געדריקט די הענט און
שווייגנדיק געקוקט אויף זיך. זיי האָבן זיך איצט מער פאַרבונדן
געפילט, ווי ווען עס איז. ראָבערט האָט זי שטאַרק געליבט. ער
האָט זי געליבט, נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין רעכנונג דערפון. זי
איז געווען פאַר אים עפּעס אַזעלכעס, נאָך מער, ווי ער האָט
אַליין גערעכנט, אַ רינגעלע אין דער אַלגעמיינער קייט פון וואויל־
טאָג, וואָס איז נאָר מעגלעך צו באַקומען. פעליציעס געשטאַלט
אַליין האָט אין זיך פאַרקערפּערט דעם וואוילטאָג, און ווען ער
זאָל זיך געווען טיפער אַרייַנטראַכטן אין דער זאַך, וואָלט ער גע־
ווען באַמערקט, אַז די אַלע פרויען, אויף וועלכע ער האָט נאָר אַן
אויג געוואָרפן, צו באַזיצן זיי די גאַנצע צייט פון זיין לעבן, זע־
נען אַלע ענלעך געווען צו פעליציען, זיי זענען געווען פאַר אים
זי אַליין. ער האָט אַמווייניקסטן באַמערקט, אַז נאָך נישט אָפּ־

פאַסנדיק ביי זיך צו בלייבן נאָר איר אַליין טריי, האָט ער דאָך נישט דעם מינדסטן קלער געהאַט זי צו פעררא̈טן, און אַז פון דעם מאָמענט אָן, וואָס זי האָט זיך אים איבערגעגעבן, האָט ער שוין מער קיין צווייטע נישט פאַרלאַנגט. ער האָט זיך אָבער פון דעם קיין רעכנונג נישט אָפּגעגעבן.

איצט אָבער, אויף דעם באַוועגונגס-פולן און באַנאַלן פּלאַץ, זעענדיק זי נישט אינם האַלבן שאָטן פון דער נאַכט, נישט ביי דער מאַטער שיין אינם אַלקערל, וועלכע האָט צוגעגעבן אירע נאַקעטע פאָרמען, אַ קוים באַמערקבאַרע נעפּלקייט פונם מילך-וועג, נאָר ביים שאַרפן ליכט פונם טאָג, אינם העלן און מיט גאָר-נישט געמילדערטן בלישטשען פון דער זון, וואָס האָט בולט באַוויזן אונטער דער וואָאַלקע אירע פון טרערן-פאַרברענטע ברעמען, אירע בלאַסע באַקן און פאַרמאַטערט מויל, האָט ער דערפילט, ווי שטאַרק עס ציט אים צו איר, אַ טיפע און אַ געהיימניספולע קראַפט.

ער האָט זי וועגן גאָרנישט געפרעגט. זיי האָבן נאָר געשמועסט צווישן זיך עטלעכע האַרציקע ווערטער. אַזוי ווי זי איז זייער הונגעריק געווען, האָט ער זי געפירט עסן פרישטיק אין אַ באַקאַנטער רעסטאָראַציע, וועמענס פירמע עס האָט געבלאַנקט אויף דער שילד מיט גאָלדענע בוכשטאַבן. די רעסטאָראַציע האָט זיך געפונען אין אַן אַלט הויז. זיי האָבן זיך געהייסן דערלאַנגען עסן אין ווינטער-גאָרטן אַריין, פון וועלכן די סקאַלעס, פאָנטאַנען אוןביימער האָבן זיך אָפּגעשלאָגן אין די שפּיגלען, וואָס זענען פאַרזעצט געווען אין גרינע ראַמען. זיצנדיק ביים טישל און קלערנדיק וועגן די גערעכטסן, וואָס זיי האָבן אויסצוקלויבן, האָבן זיי צווישן זיך פרייער געשמועסט, ווי ווען עס איז. ראָבערט האָט איר דערציילט, אַז די איינדריקן און פּאַסירונגען פון די לעצטע טעג האָבן אים שטאַרק דענערווירט, נאָר איצט האָט ער שוין וועגן אַלעם פאַרגעסן און עס וואָלט פון זיין זייט געווען אַן אומזין זיך דעם קאָפּ צו פאַרנעמען מיט אַזעלכע נאַרישקייטן. זי ווידער האָט אים דערציילט וועגן איר געזונט-צושטאַנד, זי האָט זיך געקלאָגט, אַז זי שלאָפט זייער שלעכט און אַז זי האָט חלומות,

דאָס פֿייניקן זי און מאַטערן זי אָפּ. זי האָט אים אָבער נישט גע-
זאָגט, וואָס זי זעט אין אירע חלומות און האָט אויסגעמיטן צו
רעדן וועגן דעם פֿאַרשטאָרבענעם. ראָבערט האָט זיך אויך גע-
פֿרעגט, צי דער פֿרימאָרגן האָט זי שטאַרק אָפּגעמאַטערט און צו-
ליב וואָס זי איז מיטגעגאַנגען אַזש ביזן בית-עולם, וואָס עס איז
פֿולקאָם איבעריק געווען. נישט זייענדיק פֿעיִק איינעם איצטיקן מאָ-
מענט צו דערקלערן אים דאָס, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטון אין
דער טיפֿקייט פֿון איר נשמה, וועלכע איז זיך מכניע אונטער די
ריטועלע געדאַנקען, האָט זי בלויז געשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי איי-
נער רעדט: „איך האָב געדאַרפֿט".

בשעת ביי די שכנותדיקע טישלעך האָבן די געסט שוין
צוהאַט געענדיקט דאָס פֿרישטיק, האָבן זיי צווישן זיך נאָך גע-
רעדט מיט אַ נידעריקער שטימע, וואַרטנדיק ביז מען וועט זיי דער-
לאַנגען עסן.

ראָבערט האָט ביי זיך אין האַרצן באַשלאָסן, ער האָט זיך
אפֿילו צוגעשוואוירן, אַז ער וועט פֿעליציען קיינמאָל קיין פֿאַר-
וואורף נישט מאַכן דערפֿאַר, וואָס זי איז אַמאָל געווען שעוואַליערס
געליבטע, ער וועט איר אפֿילו קיין פֿראַגע אויך נישט שטעלן
וועגן דער זאַך, און דאָך האָט אים אַן אינערלעכער שמערץ, אַ
פֿלוצלינגער שלעכטער הומאָר, אַ געוויינטלעכע נייגעריקייט דיקטירט,
ער זאָל איר אַרויסזאָגן פֿאַרביטערט:

— דו ביסט דאָך אַמאָל זיין געליבטע געווען.

און עס קען זיין, אַז ער האָט צופֿיל געליבט, אַז ער זאָל
זיך קאָנען אָפּהאַלטן צו זאָגן איר דאָס. פֿעליציע האָט געשוויגן
און נישט געפּרוווט אָפּלייקענען, נישט דערפֿאַר, ווייל זי איז זי-
כער געווען, אַז איצט וועט איר די ליגנט שוין גאָרנישט העלפֿן,
פֿאַרקערט, זי פֿלעגט האָבן אַ טבע אָפּצולייקענען זאַכן גאַנץ-זיכע-
רע, זי האָט צו גוט געקאָנט די מענער, אַז זי זאָל נישט וויסן,
אַז עס געפֿינט זיך גאָרנישט אויף דער וועלט אַזאַ פּרימיטיווער
ליגן, אין וועלכן זיי זאָלן נישט גלויבן, אויב זיי ווילן נאָר. אינעם
איצטיקן מאָמענט אָבער האָט זי, קעגן איר נאַטור און געוואוינ-

הייט, דאָך נישט געלייקנט, ווייל זי האָט מורא געהאַט, אַז זי וועט דערמיט באַליידיקן דעם טויטן. זי האָט גערעכנט, אַז אָפּצושטופּן אים איצט פון זיך, וואָלט געהייסן דאָס זעלבע ווי אים פאַרשאַפן אַן אומרעכט, ביי אים צוגזלנען זיין קליינטשקן טייל, וואָס ער פאַרמאָגט נאָך אין איר, אים אויסרייצן. זי האָט געשוויגן, ווייל זי האָט מורא געהאַט, אַז זי וועט אים דערזען באַלד צוקומען צו זיך, מיט זיין אייביקן שמייכל אויף די ליפּן און מיטן דורכגעלעכערטן קאָפּ, אַז ער וועט זיך אָנשפּאַרן ביים טיש און וועט זיך אָנרופן מיט דער שטימע, וואָס איז פול מיט פאַרביטערונג: „פּאָליציע, דו האָסט דאָך אָבער זיכער נאָך נישט פאַרגעסן אונזער צימערל אויף דער מאַרטיר־גאַס".

זי וואָלט איצט בשום אופן נישט אומשטאַנד געווען צו דערקלערן דאָס, וואָס ער איז פאַר איר געווען, דאָס וואָלט אי־בערגעשטיגן די גרענעצן פון אירע באַגריפן, עס וואָלט זיך פּשוט קעגנגעשטעלט איר שכל און די ווערטער אַליין, מיט וועלכע זי וואָלט געוואָלט דאָס באַצייכענען. האָבן איר אויסגעזען זייער פאַר־עלטערט, קאָמיש און אויסערגעוויינטלעך. פון די גאָר לאַנגסדיקע דע־רינערונגען אירע, נאָך פון איר קינדהייט, איז געקומען אַן אומ־קלאָר געפיל, וואָס האָט זי אַרומגענומען אינגאַנצן, אַז ער גע־הערט צו דעם מין פאַרשטאָרבענע, וועלכע האָבן ביי זייער לעבן געפּייניקט די אַנדערע לעבעדיקע מענטשן, און וועמען די גייסט־לעכע פירער אין חרם אַריין לייגן; דערפאַר טאַקע, קלערנדיק איצט וועגן דעם, האָט זי אינסטינקטיוו געמאַכט אינם חלל אַ צייכן פון אַ קרייץ, און אויב זי האָט זיך פון דעם אָפּגעהאַלטן אין דער ווירקלעכקייט, איז עס נאָר געווען אויס מורא, זי זאָל נישט אויס־זען קאָמיש.

זעענדיק, ווי טרויעריק און צעטומלט זי איז געוואָרן, האָט זיך דע־ליני אין הארץ אַליין פאַרגעוואָרפן זיין אָנרופן זיך, וואָס איז נישט נייטיק געווען. גלייכצייטיק אָבער האָט ער נאָך צוגע־וואָרפן עטלעכע ווערטער, אויך אַזוי שמערצפולע און אומגויטיקע, ווי די פריערדיקע:

דו האָסט דאָך מיר אָבער געזאָגט, אַז עס איז נישט אמת!

— ווײַל איך האָב טאַקע געוואָלט, אַז דאָס זאָל נישט אמת זײַן! — האָט זי היציק געענטפערט — גלויב מיר, טײַערסטער — האָט זי נאָך צוגעגעבן — אַז פון דעם מאָמענט אָן, וואָס איך בין דײַן, האָב איך צו קײנעם אויסער צו דיר נישט געהערט, איך זאָג נישט, אַז דאָס זאָל זײַן אַ פאַרדינסט פון מײַן זײַט: איך וואָלט אײַנפאַך נישט געקאָנט.

פלוצלינג האָט זי דערפילט אין זיך אַ שט רעבונג צו ווערן לוסטיק, ווי אַ קלײן חיהלע. דער ווײַן, וואָס האָט געשינקלט אינם קעלישיק, ווי פליסיקער קוועק־זילבער, האָט זי פרײלעך געמאַכט. זי האָט אײַנגעטענצט אין אים איר צ ליפּן מיט אַ געפיל פון אַ גײַס־טיקן פאַרגעניגן. זי איז איצט פאַרנומען געווען מיט די גערעכטסן, וואָס מען האָט איר דערלאַנגט, איבערהויפּט האָבן זי זײער פאַר־אינטערעסירט די געפּרעגלטע קאַרטאָפלעס, וואָס האָבן אויסגעזען, ווי גאָלדענע עפּל. ביסלעכווײַז האָט זי אָנגעהויבן באַאָבאַכטן די געסט, וואָס זענען געזעסן בײַ די אַרומיקע טישלעך און האָט זיך אָנגעהויבן ווײַלן מיטן געדאַנק, אַז זײ זענען אויס קאָמיש, אָדער אַז זײ האָבן וואונדערבאַרע לײַדנשאַפטן, אָפּהענגיק פון די מינעס, וואָס זײ האָבן געמאַכט. זי האָט געלײגט אַכט אויף די בײזע בליקן, וואָס די פרויען האָבן איר צוגעוואָרפן, און אויך די אָנשטרענגונ־גען פון די מענער, וועלכע האָבן איר געוואָלט געפעלן.

— צי האָסטו באַמערקט, ראָבערט, אַז מענטשן זענען קײנ־מאָל נישט באַטירלעך. זײ זאָגן נישט דאָס, וואָס זײ טראַכטן, נאָר דאָס, וואָס זײ מײנען, אַז מען דאַרף זאָגן, דערמיט ווערן זײ לאַנג־ווײַליק. אַ נאַטירלעכן מענטש טרעפט מען אַזוי זעלטן. דו ביסט יאָ נאַטירלעך.

— מיר שײַנט, אַז איך פּאָזיר נישט.

— דו פּאָזירסט אויך, ווי אַנדערע. דײַן פּאָזירן האַלטסטו אָבער אײַנגעקלאַמערט אין די גרענעצן פון דײַן אמתער נאַטור. איך דערקען באַלד, ווען דו ווילסט מיר אימפּאָנירן.

זי האָט אָנגעהויבן איינטעהנען מיט אים וועגן אים אַליין. זייענדיק אָבער צוליב אירע אייגענע געדאַנקען אַרויסגעפירט אויף דער דראַמע, וועלכע האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף ביילי-גאַס, האָט זי אים אָנגעהויבן אויספרעגן:

— דיין מאַמע האָט מיט דיר גאָרנישט גערעדט וועגן דעם?

— ניין.

— זי מוז אָבער וויסן...

— גאַנץ מעגלעך.

— ביסטו מיט איר אין גוטע באַציִונגען!

— אוודאי! וואָס פאַר אַ פראַגע!

— מען זאָגט, אַז דיין מאַמע איז נאָך זייער אַ שיינע, איז עס אמת?

ער האָט גאָרנישט געענטפערט און זיך באַמיט אַרויסצופירן דאָס געשפּרעך אויף אַ צווייטער טעמע. עס האָט אים זייער נישט געשמעקט, ווען פעליציאַ פלעגט אָנהייבן רעדן וועגן זיין מוטער, אָדער ווען זי פלעגט זיך אינטערעסירן מיט זיין פאַמיליע. די פאַמיליע דע-ליני איז אין דער פאַריזער געזעלשאַפט געאַכטעט געווען אויף דער העכסטער שטופע. הער דע-ליני, וועלכער איז געווען אַ דיפּלאָמאַט פון זיין נאַטור און פאַך, איז אַליין ווערט געווען, אַז מען זאָל אים אַכטן. אַכטונג איז ער אָבער ווערט געווען נאָך איידער ער איז אויף דער וועלט געקומען, דאָס איז געווען דערפאַר, ווייל זיינע עלטער-זיידעס האָבן פאַרשאַפט פראַנקרייך גרויסע פאַרדינסטן און האָבן פיל אויפגעטון פאַר איר. זיין עלטער-זיידע האָט אונטערגעשריבן דעם אַקט פון אָפּזאָגן זיך פון דער פּראָווינץ פאַנדיטשעריי לטובת ענגלאַנד. פרוי דע-ליני האָט געלעבט מיט איר מאַן זייער מוסטערהאַפט. כאָטש זי האָט נישט פאַרמאָגט קיין אייגן פאַרמעגן האָט זי דאָך געפירט איר הויז גרויסאַרטיק, און אירע טואַלעטן זענען געווען באַרימט אויף גאַנץ פראַנקרייך. זי האָט אָנגעקניפּט האַרצל עכע באַציִונגען מיט אַ געוויסן געוועזענעם אַמבאַסאַדאָר. און זיין עלטער, מעמד, איבערציי-

בונגען, טיטולן און גרויס פאַרמעגן האָבן צוגעגעבן דער פאַרבינ־דונג זאַגאַר אַן אַכטונגספולן כאַראַקטער.

די דאַמען פון דער רעפובליק פלעגט פרוי דע־ליני האַלטן פון זיך פון אַ געוויסער ווייטקייט, געבנדיק זיי, ווען זי פלעגט נאָר חשק באַקומען, אַ לעקציע פון גוטער אויפפירונג און דער־ציונג. זי האָט זיך גאַרנישט געדאַרפט רעכענען מיט דער מיי־נונג פון דער גרויסער וועלט. האָבערט האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז די מענטשן פון דער געזעלשאַפט פלעגן זי אַכטן. ער פלעגט נאָר שטענדיק מורא האָבן, אַז פעליציאַ זאָל זיך אַמאָל נישט אַרויס־כאַפּן מיט קיין אומפּאַסיק וואָרט, בשעת זי רעדט וועגן איר, און דערפאַר האָט ער בעוואָלט, אַז פעליציאַ זאָל זיך פאַרהאַלטן צו איר אין רעזערוו. די מורא איז אָבער פולקאָם איבעריק געווען: פעליציאַ איז אינגאַנצן אומבאַקאַנט געווען פרוי דע־ליניס פריוואַטן לעבן, און ווען זי זאָל אפילו יאָ געווען האָבן אַן אָנונג וועגן דעם, וואָלט זי עס אויך נישט געווען באַקעמפט. די פרוי האָט אין איר בלויז דערזען אַ נאַיווע נייגיריקייט און אַ פאַרוואונדערונג, וועל־כע איז געמישט געווען מיט שרעק. אין איר געליבטנס צוריקגעהאַלטנ־קייט, וועלכער האָט אויסגעמיטן צו רעדן מיט איר וועגן זיין מוטער, האָט זי איינגעפונען אַן אַריסטאָקראַטישן שטאָלץ און אויך אַ געוויסע גרינגשעצונג, וואָס האָט געררייצט איר אַמביציע אַלס אַ פרייע פרוי. „איך מעג דאָך, דאַכט זיך, רעדן מיט דיר אַמאָל וועגן דיין מאַמען“, פלעגט זי אים זויער זאָגן. זי האָט אפילו אַמאָל צוגעגעבן: „מיין מאַמע איז אינגאַנצן פונקט ווי דיי־נע! זי האָט אָבער נאָכדעם איינגעפונען, אַז דאָס איז צו אָרדינער געווען, און זי פלעגט עס שוין מער נישט איבער־חזרן.

דער זאַל איז שוין אינגאַנצן ליידיק געווען.

זי האָט אַ קוק געטון אויף איר זייגערל. עס איז שוין גע־ווען דריי אַ זייגער.

— איך מוז שוין גיין — האָט זי זיך אָנגערופן. — נאָך

מיטאָג קומט פאַר אַ פּרובע פון „קראַטי". קאָנסטאַנטי מאַרק איז שוין זיכער דאָ אין טעאַטער. אַך, וואָס פאַר אַ קאָמישער יונגערמאַן ער איז! ער דערציילט, אַז אין וויוואַריס געפינט זיך נישט קיין איין פרוי, וואָס זאָל זיך קאָנען פאַר אים פאַרהיטן. און גלייכצייטיק איז ער אַזוי אומדרייסט, אַז ער וואַגט נישט צו רעדן מיט פאַגעטן און פאַלעמפּינען. פאַר מיר האָט ער גאָר מורא. מיך ווילט דאָס זייער.

זי איז געווען אַזוי שטאַרק דערשעפט, אַז זי האָט נישט געהאַט קיין דרייסטקייט זיך אויפצושטעלן פון אָרט.

— עס איז וואונדערבאַר. אַלע זאָגן דאָס זעלבע, אַז מען האָט מיך אַנגאַזשירט אין פראַנצויזישן קאָמעדיע-טעאַטער. דאָס איז אָבער נישט אמת. עס קאָן גאָרנישט זיין קיין רייד דערפון. איך וועל געוויס נישט זיצן אייביק אין „אָדעאָן". קיין שום זאַך יאָגט מיך אָבער נישט. אין „קראַטי" שפּיל איך אַ גרויסע ראָלע. נאָכדעם וועלן מיר זען. פאַר אַלעם גייט עס מיר אין שפּילן. איך האָב נישט קיין שום ציל צו גיין אין קאָמעדיע-טעאַטער, כדי דאָרט גאָרנישט צו טון.

פּלוצלינג, אַ קוק געבנדיק מיט אירע שטאַרק איבערגעשראָקענע אויגן פאַר זיך, האָט זי זיך געגעבן אַ וואָרף אַהינטער, איז בלאַס געוואָרן און אַ געשריי געטון גוואַלטיק. אירע ברעמען האָבן אָנגעהויבן ציטערן. זי האָט געשעפּטשעט, אַז עס ווערט איר נישט גוט.

ראָבערט האָט איר אויפגעקנעפּלט די בלוזקע און באַנעצט אירע שלעפן מיט וואַסער.

— דער גלח — האָט זי קוים אַרויסגעזאָגט. — איך האָב געזען דעם גלח. ער איז געווען אָנגעטון אין זיין קיטל! זיינע ליפּן האָבן זיך באַוועגט אָן אַ שום געוויש... ער האָט געקוקט אויף מיר.

— אָבער טייערע — האָט ער זיך באַמיט זי צו באַרויקן — ווי אַזוי וואָלט אַ גלח אין אַ קיטל אַריינגעקומען אין רעסטאָראַציע.

זי האָט געהאָרכזאַם אויסגעהערט זיינע ווערטער און זיך אונטערגעגעבן.

— דו ביסט גערעכט. דו ביסט גערעכט... איך ווייס...

אין איר קליינעם קעפל זענען אירע פאַנטאַזיעס שנעל פאַרשוואונדן. געבוירן איז זי געוואָרן צוויי הונדערט און דרייסיק יאָר נאָך קארעזיוּשס טויט. וועגן אים האָט זי נאָך קיינמאָל נישט געהערט, און דאָך האָט ער זי אויסגעלערנט זיך באַנוצן מיטן שכל — ווי דאָקטאָר סאָקראַטעס וואָלט זיך אויסגעדריקט.

אַרום זעקס אַ זייגער נאָך דער „פּרובע" האָט ראָבערט גע-וואָרט אויף איר הינטער דעם געוועלב, און זי אַרייַנגענומען אין אַ דראָזשקע.

— וואוהין פאָרן מיר? — האָט זי אים אַ פרעג געטון.

מאָמענט האָט ער זיך געוואַקלט מיטן געדאַנק.

— ווילסט נישט צוריקפאָרן דאָרט אַהין... צו אונז?

— ניין, ניין, ניין! קיינמאָל נישט! — האָט זי נישט מיט איר שטימע אַ געשריי געטון.

ער האָט איר געענטפערט, אַז ער אַליין האָט דאָס אויך פאַרשטאַנען, און דעריבער וועט ער זיך באַמיִען צו שאַפן אַ צווייטע דירה, קאָן זיין אַ קליינע, אין פּאַריז. און פאַרלויפיק מוזן זיי זיך באַגנוגענען הייַנט מיט וועלכן עס איז צופעליקן צימער.

זי האָט אַ קוק געטון אויף אים מיט אירע אויסגעמאַטערטע אויגן און אים געוואַלטיק אַ צי געטון צו זיך. אויף זיין אויער און האַלז איז געפאַלן אַ ליידנשאַפטלעכע היץ פון פאַרלאַנגען אים. נאָכדעם האָבן זיך אירע עלנבויגנס צענומען — זי איז טרויעריק און אָנמעכטיק געפאַלן אויפן געזעס פון דער קאַרעטע.

ווען די דראָזשקע האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט זי אַ זאָג געטון:

— ראָבערט, דו וועסט מיר נישט נעמען פאַר אומגוט

דאָס, וואַס איך וועל דיר זאָגן, אמת? היינט נישט... מאָרגן...
זי האָט גערעכנט, אַז עס איז נייטיק צו ברענגען
דעם קרבן פאַר דעם טויטן, וועלכער איז אייפערזיכטיק געווען.

XII

צומאָרגנס האָט ער זי געפירט אין אַן איינפאַך אָבער פריילעך צימערל אַריין אין אַ האָטעל אויפן ערשטן שטאָק. די פענסטער זענען אַרויסגעגאַנגען אויפן סקווער, נאָ:ט פון דער ביבליאָטעק, אינמיטן סקווער איז געשטאַנען אַ פאָנטאַן, אונטערגעשפּאַרט דורך נימפן. די אַלעען זענען ליידיק געווען, און אויף דעם שטילן אָרט האָט מען געהערט פונדערווייטנס דאָס גערויש פון דער גרויסער שטאָט. ווען זיי זענען אַריינגעקומען אינם צימער, האָט די נאַכט, וואָס האָט שוין אָנגעהויבן צופאַלן, געוואָרפן אויף די וואַנט-טאַפּעטן אירע מרה-שחורהדיקע שאָטנס. די גרויסע שפּיגלען, די שענק און קוימענס זענען פול געווען מיט געהיימנישפולע בלישטשן און שאָטנס.

פעליציע האָט אויסגעטון דעם פוטערנעם זשאַקעט און האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענסטער פון אונטער די פאָרהאַנגען אַפּער.

— ראָבערט, די שטיגן פונם באַלקאָן זענען נאַס.

ער האָט איר געענטפערט, אַז קיין באַלקאָן איז דאָ אינגאַנצן נישטאָ, עס איז נאָר דאָ איין טראָטואַר און איין אַלעע, ווייטער אַ צווייטער טראָטואַר און דער פלויט פונם סקווער.

— דו ביסט דאָך אַ פּאַריזערין און דאַרפֿסט דעם פּלאַץ גאַנץ גוט קענען. פּונקט אינדערמיט שטייט צווישן ביימער אַ מאָנומענטאַלער פֿאָנטאַן, אונטערגעשפּאַרט דורך גרויסע פֿרויען, וועמענס ברוסטן עס זענען אַ סך מיאוסער פֿון דיינע.

שוין זייער אימרויק האָט ער איר געהאָלפֿן אויפֿקנעפּלען דאָס געוואַנטענע קלייד, ער האָט אָבער נישט געקאָנט טרעפֿן צו די העקעלעך, און האָט זיך צעשטאָכן די פֿינגער אָן די שפּילקעס.

— איך בין אומגעשיקט — האָט ער אַ זאָג געטון.

— געוויס ביסטו נישט אַזוי געשיקט, ווי פֿרוי מיכאַן — האָט זי אַרויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער... ס׳איז נישט אַזוי ווייט צוליב דיין אומגעשיקטקייט, ווי צוליב דעם, וואָס דו האָסט מורא, דו זאָלסט דיך נישט צעשטעכן. אַלע מאַספּערשוינען זענען פּחדנים, בשעת די פֿרויען מוזן זיך צו די ליידן ביסלעכווייז צוגעוואוינען... אין דער ווירקלעכקייט טוט דער פֿרוי שטענדיק עפּעס וויי!

ער האָט נישט באַמערקט, אַז זי איז בלאַס און האָט בלויע רעמלעך אַרום די אויגן. צו שטאַרק האָט ער זי איצט פֿאַרלאַנגט, אַז ער זאָל זי קאָנען איצט אָנקוקן.

— פֿרויען זענען זייער פּילבאַר אויף ווייטיק — האָט ער געענטפֿערט — זיי זענען אויך זייער פּילבאַר אויף פֿאַרגעניגנס. דו קענסט קלאָר בערנאַרדן?

— ניין.

— ער איז געווען אַ גרויסער געלערנטער. ער האָט געזאָגט, אַז ער וואָלט זיך אַבסאָלוט גאָרנישט צו אַנערקענען, אַז די פֿרוי איז אויף אַ העכערער מדרגה פֿון פֿיזישער און מאָראַלישער פּילבאַרקייט.

— אויב ער האָט געמיינט דערמיט צו זאָגן, אַז אַלע פֿרויען זענען פּילבאַר — האָט נאַנטייל געענטפֿערט, אויפֿקנעפּלענדיק דעם גאָרסעט — האָט ער געהאַט אַ גראָבן טעות. מען האָט אים געדאַרפֿט אַהיישיקן פֿאַרגעטן, וואָלט ער זיך געווען איבערצייגט, ווי לייכט עס איז אַרויסצוציען פֿון איר כאָטש עפּעס אויפֿן גע-

ביט פון... ווי אַזוי האָט ער עס אָנגערופן?.. אַהאַ, פיזישע און מאָראַלישע פילבאַרקייט.

— מיין נישט ראַבערט — האָט זי צוגעגעבן מיט שטאָלץ — אַז מען קאָן אַ סך אַזעלכע פרויען ווי איך געפינען.

ער האָט זי צוגעצויגן אין זיינע אָרעמס אַריין. זי האָט זיך אַרויסגערוקט פון אים.

— שטער נישט, — האָט זי געזאָגט.

זי האָט זיך אָנגעבויגן און זיך אָנגעהויבן אויפבינדן די שיך.

— דו ווייסט, דאָקטאָר סאָקראַטעס האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט אַמאָל געזען אַ וויזיע. עס האָט זיך באַוויזן צו אים אַ יינגל, וואָס האָט געהאַט דערמאָרדעט אַ מיידל. די געשיכטע האָט זיך מיר היינט געחלומט. איך האָב נאָר נישט געקאָנט אונטערשיידן, צי איז דאָס געווען אַ מאַנספערזאָן אָדער אַ פרויענצימער. דער חלום מיינער איז אינגאַנצן אומדייטלעך געווען. אַ פראָפּאָס דעם דאָקטאָר סאָקראַטעס — דו ווייסט ווער עס געליבטער ער איז... דער דאַמעס, וואָס האָט אַ ביבליאָטעק אויף דער מאַזאָן-גאַס. זי איז שוין נישט קיין יונגע, אָבער זייער אַן אינטעליגענטע. ווי מיינסטו, ער פאַראַט זי?.. איך וועל אויסטון די זאָקן, אַזוי וועט זיין בעסער.

— איך האָב דעם איינדרוק, אַז איך וועל אויף קיין פאַל נישט בלייבן מער אין „אָדעאָן".

— פאַרוואָס?

— דו וועסט זען. פאַר דער פרובע האָט מיר פראַדעל געזאָגט: „דו ווייסט, קינד, צווישן אונדז איז נאָך גאָרנישט פאָרגעקומען". דאָס איז ווירקלעך קאָמיש... ער האָט זיך אַפילו גאַנץ אָנשטענדיק פאַרהאַלטן, ער האָט מיר אָבער געגעבן צו פאַרשטיין, אַז מיר שטייען צווישן זיך אין אַן אומנאָרמאַלער באַציִונג, און דאָס קאָן זיך נישט אַזוי פאַרציִען אָן אַ סוף. דו ווייסט דאָך אוודאי, אַז פראַדעל האָט איינגעפירט אַ געוויסן סיסטעם. אַמאָל פלעגט ער קלויבן צווישן די אַרטיסטינס. ער פלעגט האָבן זיינע ליבלינגען. מען פלעגט זיך באַליידיקן. איצט אָבער, אין נאָמען

פון דער געשיקטלעכקייט פונם טעאַטער־אַפּאַראַט, נעמט ער אַלע נאָך דער רײ, אויך די, וואָס געפעלן אים אינגאַנצן נישט. עס איז שוין נישט דאָ קיין ליבלינגען. אַלץ גייט מוסטערהאַפט. יאָ, יאָ, דער מענטש איז אַן אמתער דירעקטאָר.

צוליב דעם, וואָס ראָבערט איז געלעגן אין בעט און אויסגעהערט אירע רייד, נישט זאָגנדיק קיין וואָרט, איז זי צוגעגאַנגען צו אים, אויפצווועקן אים פון זיין גלייכגילטיקייט.

— הייסט עס, אַלזאָ, אַז דו וואָלסט גלייכגילטיק געבליבן, ווען איך זאָל לעבן מיט פראַדעלן?

— ניין, קינד, איך וואָלט זיכער נישט גלייכגילטיק געבליבן דערצו. מיין מיינונג קאָן דאָך אָבער אויף דער זאַך קיין שום ווירקונג נישט האָבן.

אַריבערבייגנדיק זיך איבער אים, האָט זי אים ליידנשאַפטלעך געפיעשטשעט. דאָס האָט געזאָלט זיין גלייכצייטיק אַ דראָונג און אַ שטראָף.

— דו האָסט מיך שוין גאָרנישט ליב — האָט זי הויך געזאָגט — ווייל איך זע דאָך, אַז דיך אַרט עס גאָרנישט. איך וויל, אַז דו זאָלסט זיין אייפערזיכטיק!

באַלד נאָך דעם איז זי פּלוצלינג אָפּגעשפּרונגען פון אים, און צוהאַלטנדיק מיט דער לינקער האַנט דאָס העמד, וואָס האָט זיך איר אַראָפּגערוקט ביז אונטער דער רעכטער ברוסט, האָט זי זיך אָפּגעשטעלט ביים טואַלעט־טישל און האָט אומרויִק אַ פרעג געטון:

— ראָבערט, דו האָסט גאָרנישט מיטגענומען אַהער פון יענעם צימער?

— ניין.

דאַמאָלס ערשט האָט זי זיך שטיל און שעמעוודיק צוריק אַריינגערוקט אין בעט אַריין. זי האָט זיך אָבער קוים באַוויזן אויסצוציִען, האָט זי זיך גלייך געגעבן אַ כאַפּ אויף און אָנגעשפּאַרט זיך מיט די עלנבויגנס אויפן קישן. זי האָט אויסגעשטרעקט דעם האַלז, געעפנט אַ ביסל דאָס מויל און אָנגעהויבן זיך אויפמערקזאַם צוהאָרכן. עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז זי

הערט דעם זעלבן לייכטן געריש איפן זאַמד, וואָס זי האָט שוין געהערט אויפן דע ווילייערס בולוואַר. זי איז צוגעלאָפן צום פענס־טער און אַרויסגעקוקט. זי האָט באַמערקט ביימער, דעם טראָטואַר, דעם פּלויט. דערמאַנענדיק זיך, וואָס זי וועט ווייטער דערזען, האָט זי געוואָלט פאַרדעקן דאָס פּנים מיט די הענט. זי האָט שוין אָבער נישט געקאָנט אויפהייבן די הענט, און שעוואַלייערס בילד האָט זיך איר פאָרגעשטעלט.

# XIII

זי איז אַהיימגעגאַנגען אין גרויס היץ. ראַבערט איז, נאָכן אָפּעסן מיטאָג אין דער געזעלשאַפט פון זיין פאַמיליע, אַריינגעגאַנגען אין זיין צימער. פעליציעס אָזיפּפירונג האָט אים צערייצט און אין אַ שלעכטער שטימונג אַריינגעבראַכט.

דאָס העמד און דאָס אָנטועך, וואָס זענען צוגעגרייט געווען אויפן בעט דורכן דינער, האָבן אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן אויף אים געהאָרכזאַם און אונטערטעניק געוואַרט. ער האָט זיך אָנגעהויבן געוואַלטיק שנעל אָנטוען. ער האָט געעפנט דאָס פענסטער און איינגעהאָרכט זיך אינעם שטאָטישן גערויש. הויך איבער די דעכער האָט ער דערזען אַ רויטע לאָנע, וואָס פאַריז האָט געוואָרפן איבערן הימל. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער פילט דעם ריח פון אַלע קערפּערס, וואָס זענען אָנגעזאַפּט מיט פאַרגעניגן, וועלכע האָבן זיך אין דער ווינטערדיקער נאַכט צונויפגעקליבן אין די טעאַטערן, קאַבאַרעטן, קאַוויאַרניעס און באַרן.

ער איז געווען אויפגערעגט צוליב דעם, וואָס פעליציע האָט אים אַזוי נישט אָנשטענדיק באַהאַנדלט, און ער האָט שוין געהאַט באַשלאָסן ביי זיך צו זוכן אַ באַפרידיקונג פאַר זיך ערגעץ אַנדערש־וואו. נישטפילנדיק קיין שום פאַרלאַנג און קיין שום ריכ-

טונג, האָט ער געמיינט, אַז עס איז אים גלאַט אַזוי שווער אויס־צוקלויבן, ער האָט אָבער זיך אין קורצן איבערצייגט, אַז פון די אַלע פרויען, וואָס ער האָט געקאָנט, באַגערט ער נישט קיין איי־נציקע אויסער פעליציען. ער האָט צוריק פאַרמאַכט דאָס פענסטער און זיך אַוועקגעזעצט ביים קוימענדל.

עס האָט געברענט אַ פייער פון קאָקס; פרוי דע ליני, וועלכע פלעגט טראָגן מאַנטלען צו פינף און צוואַנציק טויזנט פראַנק, האָט דערפאַר געקאַרגט אויפן טיש און אויפן הייצן. זי האָט נישט דערלויבט צו באַהייצן די שטוב מיט האָלץ.

ער האָט זיך איצט אָנגעהויבן איבערלייגן אַלץ, וועגן וועלכן ער האָט זיך ביז איצט ווייניק געקימערט, ער האָט זיך איצט אָנגעהויבן זאָרגן וועגן זיין אייגענער קאַריערע, וועלכע האָט זיך אים געוויזן טרויעריק פאַרגעשטעלט אין דער צוקונפט. דער מיניסטער איז געווען אַ האַרציקער פריינט פון זיין פאַמיליע. געשטאַמט האָט ער פון דער געבירגן-געגנד אין קאַווענעס, דערצויגן איז ער געוואָרן אין נויט, און ווען ער האָט פלוצלינג דערזען פאַר זיך טישן מיט בלומען באַדעקטע, האָט אים אַזש אין די אויגן געבלענדט און ער האָט זיי געמוזט פאַרמאַכן. גענוג פעיק איז ער געווען, אַז ער זאָל אין באַצוג צו דער אַלטער אַריסטאָקראַטיע, וועלכע האָט אים העפלעך אויפגענומען, פירן אַ פּאָליטיק פון אַ שטאַרקער האַנט און אַ דערהאַבענער פעסטקייט. דע-ליני האָט אים גוט געקאָנט, און ער האָט זיך נישט גערעכנט אויף קיין שום חסדים פון זיין זייט. אין דער הינזיכט איז ער נאָך פאַרזיכ־טיקער געווען פון זיין מוטער, וועלכע האָט געמיינט, אַז זי האָט עפּעס אַ שטיקל איבערגעוויכט איבער דעם קליינעם שוואַרץ־האַ־ריקן מענטשל, ווען זי פלעגט יעדן דאָנערשטיק פאַרבלענדן מיט דער הערלעכקייט פון אירע טואַלעטן. ראָבערט האָט אים געהאַלטן פאַר אַ שלעכט-דערצויגענעם מענטש, און אויסער דעם, איז צווישן זיי שטענדיק געווען עפּעס אַ געוויסע מיספאַרשטענדניש.

ראָבערט האָט ביי זיין מיניסטער אויסגעכאַפּט עפּעס דורך אַ פּאַ־טאַלן צופאַל דעם חסד פון דער פערזאָן, וועלכע ער האָט געליבט ביז משוגעת, דאָס איז געווען די פרוי ביילי אַ דאַמע פון אַ ביי־

סעלע נידעריקן ווערטל. עס האָט אים אויסגעזעצן, אַז דער מיניס־טער האָט זיך אויף דעם אָנגעשטויסן און האָט דערפֿאַר אויף אים קרום געקוקט. איבעריקנס, איז אויף קווי ד׳ אָרסיי־גאַס שוין לאַנג אַזאַ ווערטל אַרומגעגאַנגען, אַז די מיניסטאָרן, נישט גענוג, וואָס זיי קאָנען נישט קיין סך „אויפטון", האָבן זיי נאָך דערצו גאַנץ קליינע פֿאַרלאַנגען. ראָבערט פֿלעגט אָבער גאָרנישט איבערטרייבן, און האָט געהאַלטן פֿאַר גאַנץ מעגלעך, אַז ער זאָל אַמאָל ווערן וויצע־מיניסטער. דאָס איז ביז איצט געווען זיין איינציקער חלום. עס איז אים דערפֿאַר טאַקע געגאַנגען דערין, אַז ער זאָל נישט אַרויספֿאָרן פֿון פּאַריז. זיין מוטער ווידער האָט געוואָלט ער זאָל אַרויספֿאָרן קיין האַאַג, וואו ער האָט געקאָנט איבערנעמען דעם פּאָסטן פֿון דריטן סעקרעטאַר אינם קאָנסולאַט. „איך וועל פֿאָרן — האָט ער ענדלעך צו זיך אַליין אַ זאָג געטון — וואָס פֿריער, אַלץ בעסער וועט זיין". אָננעמענדיק דעם באַשלוס, האָט ער זיך אָנגעהויבן באַטראַכטן און אויפֿזוכן די מאָטיוון, וואָס ברענגען אים צום אַרויספֿאָרן. פֿריער פֿאַר אַלעם, איז דאָס גינסטיק געווען פֿאַר זיין צוקונפֿט. צווייטנס, האָט דאָס לעבן אין האַאַג זייער אָנגענעם געזאָלט זיין. איינער פֿון זיינע קאָלעגן, וועלכער האָט דאָרט געהאַט אַ פּאָסטן, האָט זייער געריימט די וואוילטעגלעכע היפּאָקריזיע פֿונעם קליינעם פֿאַרשלאָפֿענעם הויפּט־שטעטל, וואו אַלץ איז געווען אויסגערעכנט אַזוי, אַז עס זאָל אָנגענעם מאַכן דאָס לעבן פֿון דער דיפּלאָמאַטישער קערפּערשאַפֿט. ער האָט אַפילו געהאַלטן, אַז האַאַג איז אַ הויכווירדיק וויגעלע פֿאַר נייע אונטערנאַציאָנאַלע געזעצן. ענדלעך איז ער אָבער צוגעקומען צו דער קאָנקלוזיע, אַז אַרויספֿאָרן וויל ער נאָר צוליב פּעליציען.

ער האָט אָנגעהויבן טראַכטן וועגן איר אויף גאָרנישט קיין פֿריינטלעכן אופֿן. זי זאָגט ליגנט. זי איז אַ פּחדנטע, אַ שלעכטע אין איר באַציִונג צו אירע חברטאָרינס. ער האָט געהאַט בולטע באַווייזן, אַז זי האָט געליבט די געמיינסטע קאָמעדיאַנטן, און אויב זי האָט זיי נישט געליבט, האָט זי יעדנפֿאַלס מיט זיי געלעבט צוזאַמען, ער איז אויך נישט זיכער געווען, אַז זי וועט אים נישט פֿאַראַטן, נישט דערפֿאַר, ווייל ער האָט אינם אַרט פֿון איר לעבן

באַמערקט עפּעס אַ פאַרדאַכט, נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט אין אַלגעמיין קיין פרויען נישט געגלויבט. ער האָט זיך דערמאָנט אָן די אַלע שלעכטע אָנגעלעגנהייטן, וואָס ער האָט נאָר געוואוסט וועגן איר און האָט זיך ענדלעך איבערצייגט, אַז זי איז, אין אַלגעמיין גענומען, ווייניק וואָס ווערט, און פילנדיק פונדעסטוועגן, אַז ער האָט זי ליב, האָט ער נישט אַנדערש גערעכנט, נאָר אַז דאָס ליבט ער זי נאָר צוליב איר געראָטנקייט. די סיבה האָט אים אויסגעזען צו זיין פאָלקאָם טרעפלעך פאָרמולירט. אַריינקלערנדיק אָבער אין דער זאַך אַריין אַ ביסל טיפער, איז ער ווידער געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז ער פאַרשטייט דאָך נישט איר אייגן וועזן אינגאַנצן; אַז נישט דערפאַר ליבט ער דאָס מיידל, ווייל זי איז שיין אויף איר ספּעציעלן אופן, וועלכער איז גאָר אַנדערש, ווי ביי אַנדערע מיידלעך; אַז ער ליבט זי דערפאַר, ווייל זי פאַרמאָגט עפּעס אָריגינעלס און גאַנץ באַזונדערס, ענדלעך דערפאַר, ווייל זי איז אַ וואונדערבאַרע זאַך, וואָס פאַרמאָגט אין זיך קונסט און פאַרגעניגן. אַ לעבעדיק אומשאַצבאַר צירונג. און דערפילנדיק זיך שוואַך, האָט ער זיך צעוויינט איבער זיין פאַרלוירענער פרייהייט, איבער דער פאַרקנעכטיקייט פון זיינע געדאַנקען, איבער דער אומרויִקייט פון זיין נשמה, איבער זיין קערפּער, וואָס איז מיטן לייב און לעבן איבערגעגעבן דעם שוואַכן און פאַרדאָרבענעם באַשעפעניש.

די אויגן האָבן אים אָנגעהויבן וויי טון פונם איינקוקן זיך אינעם ברענענדיקן קאָקס. ער האָט זיי פון ווייטיק צוגעמאַכט און האָט דערזען אונטער די פאַרמאַכטע ברעמען אַ צוזאַמענגעשלאָסענע בלוטיקע באַנדע נעגערן. און ווען ער האָט אין זיין געדאַנק אָנגעהויבן זיך דערמאָנען פון וועלכע רייזע-באַשרייבונגען עס זענען די פיגורן, האָבן זיי אָנגעהויבן קלענער ווערן. עס זענען געוואָרן פון זיי קליינע פינטעלעך, ביז זיי זענען ענדלעך אינגאַנצן פאַרשוווּנדן אויפן באָדן פון דער רויטער אַפריקע, און דער באָדן האָט זיך לאַנגזאַם איבערגעענדערט אויף דער שרעקלעכער וואונד, וואָס ער האָט דערזען ביי דער שיין פונם שוועבעלע אין יענער נאַכט פונם זעלבסטמאָרד.

— אַלץ די בהמה שעוואַליער. איך האָב אפילו גאָרנישט גע־טראַכט וועגן אים.

פלוצלינג האָבן זיך פון דעם בלוטיקן און פייערדיקן באָד אַגגעהויבן אויסטיילן פּעליציעס קערפּער־טיילן און ער האָט דער־פילט, ווי עס רייסט זיך צו אים אַ פייערדיקע תאווה פון איר קער־פּער.

# XIV

צומאָרגנס איז ער זי געגאַנגען באַזוכן אין איר וואוינונג אויפן סט.-מישעל בולוואַר. ער איז נישט געוואוינט געווען דאָס צו טון. ער האָט זייער נישט ליב געהאַט צו טרעפן זיך מיט פרוי באַנטייל, כאָטש זי האָט אים אַרויסגעוויזן העפלעכקייט און אפילו אינטערעסאַנקייט אין איר באַציִונג צו אים. זי האָט אים געלאַנג-ווייליקט און געשטערט.

זי טאַקע האָט אים אויפגענומען אינם באַשיידענעם אַלקערל. זי האָט אים זייער געדאַנקט פאַר זיין זאָרגן זיך וועגן פעליציעס געזונט-צושטאַנד, און האָט אים דערקלערט, אַז דאָס אָרימע קינד איז זייער אויפגערעגט געווען דעם פאַריקן טאָג, און האָט זייער אַ סך געליטן, היינט אָבער איז איר שוין בעסער.

— זי לערנט זיך איצט איר ראָלע אין איר צימער. איך זי איר זאָגן, אַז איר זענט געקומען. זי וועט זיך זייער דער-פרייען, ווען זי וועט אייך דאָ דערזען, הער דע-ליני, זי ווייסט, אַז איר האָט זי זייער ליב, און אמתע פריינט טרעפט מען דאָך אַזוי זעלטן, איבערהויפט אינם טעאַטער-וועלטל.

ראָבערט האָט אָבסערווירט פרוי באַנטייל מיט אַן אויסערגע-וויינטלעכער אויפמערקזאַמקייט. קוקנדיק אויף איר, האָט ער זיך

געפרווט פאַרשטעלן, ווי אַזוי איר טאָכטער וועט אין דער צוקונפט אויסזען. ער האָט ליב געהאַט אַראָפּצולייענען פון די מוטערס פנימער די צוקונפטיקע יאָרן פון זייערע טעכטער. אויך דאָס איצטיקע מאָל האָט ער זיך מיט עקשנות אײַנגעקוקט אין די געזיכטס־שטריכן און פאָרמען פון פרוי באַנטייל. זיין שטאַרק איינקוקן זיך אין איר האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט געקוקט אויף איר געזיכט, ווי אויף עפעס אַן אינטערעסאַנטער נבואה. ער האָט אָבער דערפון גאָרנישט אַראָפגעלייענט, נישט קיין גוטס און נישט קיין שלעכטס. די דיקע פרוי באַנטייל מיט אירע פרישע קאָלירן און עלאַסטישער הויט האָט נישט געהאַט אין זיך קיין שום ליבלעבעס, די טאָכטער איז גאָרנישט ענלעך געווען צו איר.

דערזעענדיק זי אַ רויִקע און גלייכגעוויכטיקע, האָט ער זי אַ פרעג געטון:

— איר מוזט נישט זיין קיין נערוועזע, אמת?

— איך בין קיינמאָל נישט געווען נערוועז, מיין טאָכטער איז נישט געראָטן אין מיר. זי איז איר פאָטער אויסן אויג. ער איז זייער אַ שוואַכענקער געווען, נישט זייענדיק פון דעסטוועגן קיין קרענקלעכער. געשטאָרבן איז ער צוליב דעם — וואָס ער איז אַראָפגעפאַלן פון אַ פערד. איר וועט אפשר דערלויבן אַ גלאָז טיי?

פעליציע איז אַריינגעקומען. אירע האָר זענען ביי איר געווען צעפלאָשעט, און זי איז איינגעהילט געווען אין אַ ווייסן וואָלענעם מאַנטל, וואָס איז נאָר אין דער טאַליע אַרומגעבונדן געווען מיט אַ דיק שנירל. אויף די פיס האָט זי געהאַט רויטע פאַנטאָפעלעך, און אויסגעזען האָט זי, ווי אַ קליין מיידעלע. דער הויז־פריינט, טאָני מייער, דער בילדער־הענדלער, פלעגט זי שטענדיק, ווען ער פלעגט זי נאָר טרעפן אין דער אַ ביסל רעליגיעזער קליידונג, רופן: דעם מלאך דע קאָראַלייס ברודערל. ער האָט באַמערקט, אַז זי איז זייער ענלעך צו באַטיערס פאָרטרעט, וועלכער שטעלט פאָר דאָס פריילין דע קאָראַליי אינעם רעליגיעזן קלייד פון אַ פראַנטשישקאַנער. לעבן דעם מיידל איז עס איצט געשטאַנען ראָבערט, דערשטוינט און שווייגנדיק.

— עס איז זייער שיין פון אייער זייט, וואָס איר האָט מיר אַ וויזיט אָפּגעשטאַט — האָט זי אַ זאָג געטון — איך דאַנק אייך זייער. עס איז מיר בעסער.

— זי אַרבעט זייער אַ סך, צופיל, איבער די כוחות. — האָט זיך פרוי נאַנטייל אָנגערופן. די ראָלע אירע אין „קראַטי" מאַטערט זי אָפּ.

— איי, וואָס דו רעדסט דאָרט, מאַמע!

זי האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן טעאַטער. דער שמועס האָט זיך אָבער נישט געקלעבט.

נאָך אַ קלענער הפסקה, האָט פרוי נאַנטייל אַ פרעג געטון דע-לינין, צי ער פאַרנעמט זיך נאָך אַלץ מיטן אויפזוכן מוסטערן פון די אַמאָליקע מאָדעס.

פעליציע און ראָבערט האָבן זיך אָנגעקוקט, נישט פאַרשטייענדיק, וואָס דאָס זאָל באַדייטן. זיי האָבן איר אַמאָל געהאַט דערציילט וועגן געוויסע מוסטערן פון מאָדעס, וואָס ער פאַרנעמט זיך מיט; אויפזוכן זיי, כּדי צו האָבן אַן אויסרייד פאַר די ראַנדעוואוס, וועלכע עס איז זיי נישט געלונגען צו באַהאַלטן פון איר. זיי האָבן שוין אָבער געהאַט וועגן דעם פאַרגעסן. פון יענער צייט אָן איז שוין אויף זייער ליבע געפאַלן אַ ביסל לבנה-שיין — ווי אַ געוויסער אַלטער פאָעט האָט זיך געהאַט אויסגעדריקט. בלויז פרוי נאַנטייל אַליין, וועלכע האָט פאַרמאָגט אַ געוויסע אַכטונג צו תּירוצים, האָט נאָך וועגן דעם געדענקט.

— מיין טאָכטער האָט מיר געהאַט דערציילט, אַז איר האָט זייער אַ סך אַלטע בילדער, און אַז איר שעפּט פון זיי אייערע איינפאַלן, צו די מוסטערן פון די קאָסטיומען.

— געוויס... נאַטירלעך...

— הער דע-לינין — האָט זיך פעליציע אָנגערופן — איך וואָלט אייך געוואָלט ווייזן אַ פּראָיעקט פון אַ קאָסטיום, צו דער ראָלע פון צעציליאַ דע ראַטשעמאַר.

און האָט אים אַריינגעפירט צו זיך אין צימער.

געווען איז עס אַ קליין צימערל, וואָס איז אויסגעקלעבט געווען מיט געבלומטע טאַפּעטן. געשטאַנען איז דערין אַ שפּיגל-

שענקל, צוויי שטולן און אַן אייזערן בעטל, וואָס איז געווען אי־בערגעדעקט מיט אַ ווייסער פּיקענער קאָלדערע. איבערן בעטל איז געהאָנגען אַ רעליגיעז בילדל און אַ צווייגעלע פון בוקס־שפּאַן.

זי האָט אים אָפּגעפּרעסט אויף די ליפּן אַ לאַנג־דויערנדן קוש.

— איך האָב דיך אַזוי שטאַרק ליב, ווייסט!

— אין אמתן?

— געוויס! און דו?

— איך האָב דיך אויך ליב. איך האָב מיר קיינמאָל נישט פאָרגעשטעלט, אַז איך זאָל דיך אַזוי ליב קריגן.

— הייסט עס, אַז די ליבע איז שפּעטער געקומען?

— דאָס קומט שטענדיק דערנאָך.

— ביסט גערעכט, ראָבערט, פריִער ווייסט מען קיינמאָל נישט.

זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— נעכטן בין איך זייער קראַנק געווען.

— האָסטו שוין געפרעגט טרובלעטן? וואָס האָט ער גע־זאָגט?

— ער האָט מיר געזאָגט, אַז איך דאַרף מיך אָפּרוען.

— מיר מוזן נאָך לעבן מיט רעכנונג, טייערסטער, כאָטש אַ צוויי וואָכן. דאָס פאַרדריסט דיך?

— געוויס.

— מיך אויך. וואָס קאָן מען אָבער טון?

ער האָט אָנגעהויבן שפּאַנען הין און צוריק איבערן צימער, אַרומקוקנדיק זיך אין אַלע ווינקעלעך. זי ווידער האָט געקוקט אויף אים מיט אַ געוויסער אומרויִקייט, שרעקנדיק זיך, אַז ער זאָל זי נישט אָנהייבן אויספרעגן וועגן די באַשיידענע צירונגען און צאַצקעלעך, אומשולדיקע מתנות, וועגן וועלכע מען קאָן נישט דערקלערן פונוואַנען זיי שטאַמען. מען קאָן טאַקע זאָגן, וואָס מען וויל, מען קאָן אָבער אַמאָל אַריינפאַלן, האָבן אומאָנגענעמלעכקייטן,

און דאָ איז אין אמתן נישטאָ פּאַרוואָס. זי האָט זיך אַלזאָ באַמיט אָפּצוּווענדן זיין אויפמערקזאַמקייט.

— ראָבערט, עפן אויף מיין שעכטל פון די הענטשקעס.

— וואָס האָסטו דען דאָרט אינם שעכטל?

— די פּיאָלקעס, וואָס דו האָסט מיר געהאַט געגעבן ביים ערשטן מאָל, ווען מיר האָבן זיך געטראָפן. פאַרלאָז מיך נישט, טייערער, גיי נישט אַוועק פון מיר! ווען איך דערמאַ מיך, אַז דו קאָנסט היינט-מאָרגן אַוועקפאָרן אין אַ פרעמד לאַנד אַריין, קיין לאָנדאָן אָדער קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל — ווער איך פּשוט משוגע.

ער האָט זי באַרויִקט. ער האָט איר געזאָגט, אַז מען האָט אים געוואָלט שיקן קיין האַאַג, ער וועט אָבער נישט פאָרן, ער וועט פאַרבלייבן אין פּאַריז אין מיניסט ריום.

— זאָגסט מיר צו?

ער האָט איר אָפנהערציק צוגעזאָגט. פעליציע איז פריילעך געוואָרן.

— אָט אויף אַזאַ אופן — האָט זי מיטן פינגער אָנגעוויזן אויפן שפּיגל-שענקל — שטודיר איך מיין ראָלע. ווען דו ביסט געקומען, האָב איך פונקט באַאַרבעט די סצענע פונם פערטן אַקט. איך נוץ אויס די געלעגנהייט, וואָס איך געפין מיך אַליין אין צימער און באַמי מיך צו כאַפּן דעם געהעריקן טאָן. איך באַמי מיך צו רעדן פלייסיק און אויסדריקלעך. ווען איך זאָל פאָלגן ראַמיין, וואָלט איך אַריינגעפאַלן אין געקינסטלטקייט. איך האָב צו זאָגן אַ זאַץ: „איך האָב נישט קיין מורא פאַר אייך". דאָס איז דער שטאַרקסטער עפעקט פון דער גאַנצער ראָלע. ווייסט, ווי אַזוי ראַמילי וויל איך זאָל זאָגן. איך וועל דיר באַלד געבן צו פאַרשטיין. איך דאַרף צולייגן די האַנט צו דער נאָז, צעשפּרייטן די פינגער און ביי יעדן פינגער זאָגן אַ וואָרט, באַזונדער, מיט אַ ספּעציעלן טאָן — און מיט אַ באַזונדערן אויסדריק אויפן געזיכט: „איך האָב נישט קיין מורא פאַר אייך", פונקט ווי איך וואָלט געווען אַ מאַריאָנעטקע. דאָס זאָל זיין אַזוי סובטעל און וויציק — וואָס זאָגסטו?

זי האָט זיך צעוואָרפן די האָר און אויפגעדעקט איר דרייסטן שטערן.

— און איצט וועל איך דיר ווייזן, ווי אַזוי איך מאַך עס.

זי איז פּלוצלינג פאַרענדערט געוואָרן, ווי זי וואָלט מיט אַמאָל שטאַרק אויפגעוואַקסן, און האָט אָנגעהויבן זאָגן מיט אַ נאַזיוון שטאָלץ און מיט אַ רויִקער איינגעאַכקייט.

— ניין, מיין הער, איך האָב נישט קיין מורא פאַר אייך, ווייל פאַר וואָס, אייגנטלעך, זאָל איך מורא האָבן? איר האָט געמיינט, אַז איך וועל אַריינפאַלן אין אייער נעץ, און איר האָט אייך איינגעאַנצן איבערגעגעבן אויף מיין גנאָד אָדער אומגנאָד. איר זענט אַ מענש מיט זעלבסטווירדע. איצט, ווען איך בין אונטער אייער דאַך, זאָגט־זשע מיר דאָס זעלבע, וואָס איר האָט געזאָגט אייער שונא, דעם הער ד'אַמבערע, ווען ער האָט די שוועל איבערגעטרעטן. זאָגט מיר: „איר זענט ביי זיך, באַפעלט!"

זי איז באַשענקט געווען מיט אַ געהיימניספולער מתנה, צו קאָנען איבעראַנדערשן מאָמענטאַל איר גייסט און פיזיאָגנאָמיע. דע־ליני איז געשטאַנען איבעראַשט פון איר שיינעם ליגן זאָגן.

— דו ביסט אַנטציקנד!

— הער אויס, מיין קעצל! איך וועל גיין אָנגעטון אין אַ ווייס באַטיסטן היטעלע מיט פאַלבן. דו ווייסט דאָך אוודאי, אַז איך שפּיל די ראָל פון אַ יונג מיידל פון דער רעוואָלוציע־צייט. איך מוז דאָס געבן צו פילן. איך מוז איבערלעבן אין זיך אַליין אַ רעוואָלוציע — פאַרשטייסט?

— דו קאָנסט די עפּאָכע פון דער רעוואָלוציע?

— געוויס, די דאַטעס געדענק איך טאַקע נישט. איך פיל אָבער און פאַרשטיי דעם גאַנצן גייסט פון דער רעוואָלוציע. די רעוואָלוציע איז פאַר מיר אַ שטאָלצע ברוסט, אַרומגענומען מיט אַ טוך, פרייע פיס אונטער אַן אונטער־קליידל מיט פאַסן, די רעוואָלוציע איז פאַר מיר אויך — ברענענדיקע בעקלעך...

ער האָט זי אָנגעהויבן אויספרעגן וועגן דער פּיעסע, און

האָט זיך איבערצייגט, אַז פּעליציע קאָן זי נישט גוט. זי האָט זי גאָרנישט געדאַרפט קאָנען. זי האָט אינסטינקטיוו געטראָפן און געפילט דאָס, וואָס זי האָט געדאַרפט.

— אויף די פּרובעס דערקענט מען גאָרנישט אין מיר, אַז עס זאָל נישט מאַכן דעם געהעריקן עפעקט. אַלץ באַהאַלט איך פאַרן פּובליקום. ראַמילי וועט בלוין·און·בלוי ווערן... און אַלע וועלן איפּגערעגט ווערן... יאָ, יאָ, טייערסטער! פּאַגעט וועט דאָס זיכער איבערקרענקען!

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער שטול.

איר שטערן, וועלכער איז אַ מאָמענט פריִער מאַרמאָר·ווייס געוועזן, איז איצט ראָזע געוואָרן. זי האָט ווידער אויסגעזען ווי אַ קליין מיידעלע.

ראָבערט איז צוגעגאַנגען צו איר. ער האָט איר אַריינגע· קוקט טיף אין אירע גרויסע אויגן, און פּונקט ווי מיט אַ טאָג צוריק, ווען ער איז געזעסן ביים קוימענדל, האָט ער אויך איצט געטראַכט, אַז זי זאָגט ליגן, אַז זי איז אַ פחדנטע און אַ שלעכ· טע צו אירע חברטאָרינס. ער האָט אָבער איצט געטראַכט אויף אַ ליבלעכן און אויסגעהאַלטענעם אופן. ער האָט געטראַכט, אַז זי האָט געליבט די ערגסטע קאָמעדיאַנטן, און האָט יעדנפאַלס מיט זיי צוזאַמען געלעבט. ער האָט עס אָבער געטראַכט, מיט אַ גוטמוטיקן רחמנות·געפיל. ער האָט זיך טאַקע אויך דערמאָנט דאָס גאַנצע שלעכטס, וואָס ער האָט וועגן איר געוואוסט, אָבער שוין אָן שום פאַרביטערונג. ער האָט דערפילט נאָכאַמאָל, אַז ער ליבט זי נישט אַזוי דערפאַר, ווייל זי איז אַ שיינע, נאָר גיכער דערפאַר, ווייל זי איז שיין אויף איר ספּעציעלן אופן, אַז ער ליבט זי ענד· לעך דערפאַר, ווייל זי איז אַ לעבעדיקער אומשאַצבאַרער ברי· ליאַנט, אַן אומפאַרגלייכלעך ווערק פון וואוילטאָג און קונסט. ער האָט נאָכאַמאָל אַריינגעקוקט אינם גרויסן אָפּגרונט פון אירע אויגן, אין אירע פלאַמענדיקע אַפּלען. ער האָט אַזוי טיף אַריינגעקוקט, אַז דאָס קוקן זיינס האָט זי אַדורך און דורך געדרונגען. דערפילנ· דיק, אַז ער לייענט אַלץ אין איר נשמה, האָט זי אַריינגענומען

זיין קאָפּ אין אירע עלנבויגנס, און אַריינקוקנדיק אים אין די אויגן, האָט זי שטיל געשעפּטשעט:

— איך בין טאַקע אַ געמיין שטיק און אַן אומווירדיקע קאָמעדיאַנטקע, איך האָב דיך אָבער ליב און פייף אויף גועלט. אַזעלכע ווי איך, וועסטו קיין סך נישט געפינען. דו ווייסט עס גאַנץ גוט.

# XV

זיי האָבן זיך יעדן טאָג געזען אינם טעאַטער און זענען פֿון דאָרט צוזאַמען געגאַנגען שפּאַצירן. נאַנטייל האָט געשפּילט כמעט יעדן אָוונט, און האָט פֿלייסיק באַאַרבעט די ראָל פֿון צעציליען. לאַנגזאַם האָט זי צוריק דערוואָרבן איר פֿריִעריקן גלייכגעוויכט. נעכט האָט זי שוין געהאַט רויִקערע, די מוטער האָט זי שוין נישט געדאַרפֿט צוהאַלטן ביי די הענט, ביז זי וועט אַנטשלאָפֿן ווערן. די שרעקן פֿון ביינאַכט האָבן זי אויפֿגעהערט צו פּייניקן. אויף אַזאַ אופֿן זענען אַריבער אַ צוויי וואָכן, ביז פּלוצלינג אין אַ געוויסן פֿאַרוואָלקנטן פֿרימאָרגן, ווען זי איז געשטאַנען ביי דעם טואַלעט, קעמענדיק זיך די האָר, האָט זי, צובייגנדיק אַ ביסל דאָס געזיכט צום שפּיגל, דערזען אין אים, אָנשטאָט איר אייגן געזיכט, דאָס געזיכט פֿונם פֿאַרשטאָרבענעם. פֿון די עקן מויל איז אים גערונען אַ קליין טייכעלע בלוט; ער האָט לאַכנדיק געקוקט אויף איר.

דאַמאָלס האָט זי זיך דעצידירט צו טון אַ זאַך, וואָס זי האָט געהאַלטן פֿאַר נויטווענדיק און גוט. זי האָט גענומען אַ דראָזשקע און איז געפֿאָרן אויפֿן בית-עולם אים אַ וויזיט אָפּשטאַטן אויפֿן וועג האָט זי אין אַ בלומען-געשעפֿט געקויפֿט רויזן און זיי

אים אַהינגעפירט. זי האָט אַנידערגעקניט ביים קליינעם שוואַרצן צלם. זי האָט גערעדט צ׳ם טויטן און אים געבעטן ער זאָל זיך איבערעכענען און זי צורו לאָזן. זי האָט אים איבערגעבעטן, ער זאָל איר מוחל זיין דאָס, וואָס זי איז צו אים אַזוי אומרחמנותדיק געווען. אין אַלטעגלעכן לעבן, לעבט זיך נישט שטענדיק אין האַרמאָניע. איצט אָבער דאַרף ער איר לאַגע פאַרשטיין און איר מוחל זיין. וואָס וועט אים אַרויסקומען פון דעם, וואָס ער פייניקט זי? ער וויל דאָך נאָר דערמיט, אַז זי זאָל אים געדענקען. זי וועט אים אַזוי אויך אַלעמאָל באַזוכן. זאָל ער זי נאָר אויפהערן פאַרפאָלגן און איבערשרעקן.

זי האָט זיך באַמיט אים צו חנפענען און מילד צו מאַכן מיט זיסע ווערטלעך:

— איך פאַרשטיי, אַז דו האָסט דיך אַזוי אַרום געוואָלט אין מיר נוקם זיין. דאָס איז גאַנץ נאַטירלעך. אין אמתן ביסטו דאָך אָבער גאָרנישט קיין שלעכטער מענש. זיי שוין נישט בייז, און שרעק מיך נישט איבער. איך וועל קומען צו דיר, איך וועל אָפט קומען. איך וועל דיר בלומען ברענגען.

זי האָט חשק געהאַט אָפּצונאַרן אים, איינשלעפערן זיין פילבאַרקייט מיט פאַלשע הבטחות. זי האָט חשק געהאַט צו זאָגן אים: באַרויק דיך, ליג רויק, איך שווער דיר צו, אַז איך וועל נישט טון מער קיין שום זאַך, וואָס איז דיר נישט ניחא, איך זאָג דיר צו צו דערפילן דיין ווילן. זי האָט אָבער נישט געוואַגט ליגן צו זאָגן אויף זיין קבר. איבעריקנס, האָט זי גאַנץ גוט געוואוסט, אַז עס וועט איר גאָרנישט העלפן, ווייל טויטע ווייסן אַלסדינג.

כאָטש זי איז שוין געווען אָפּגעמאַטערט, האָט זי דאָך נאָכמאָל איבערגעחזרט, שוין אַ ביסל שוואַכער, אירע געבעטן. זי האָט אָבער באַמערקט, אַז זי דערפילט נישט איצט דעם עקל, וואָס עס פלעגן אין איר, געוויינטלעך, דערוועקן קברים אין אַז זי האָט גאָרנישט קיין מורא פאַרן טויטן. זי האָט אָנגעהויבן צו זוכן די סיבה דערפון און איז געקומען צו דער איבערציייגונג, אַז זי האָט דערפאַר נישט קיין מורא פאַר אים, ווייל ער איז אינגאַנצן דאָ נישטאָ. — ער איז דאָ נישטאָ; אומעטום איז ער דאָ, נאָר

נישט אויף דעם אָרט, וואו מען האָט אים באַגראָבן. ער פליט אַרום אין די גאַסן, אין די הייזער, אין די צימערן.

און זי האָט זיך פאַרצווייפלט אויפגעהויבן, שוין זייענדיק זיכער, אַז אומעטום וועט זי אים קאָנען געפינען, נאָר נישט אויפ׳ן בית-עולם.

# XVI

נאָך צוויי וואָכן געדולדיק זיין, האָט דע-ליני אָנגעהויבן צוצושטיין צו פעליציען, אַז זיי זאָלן אויפסניי אָנהייבן זייער אַמאָליקן לעבנס-שטייגער. ער האָט נישט געוואָלט לענגער וואַרטן. פעליציע האָט, נישט קענענדיק זיך נאָך אים איבערגעבן, גלייך געליטן מיט אים. זי האָט זיך אָבער שטאַרק געשראָקן, אַז זי וועט נאָכאַמאָל דערזען דעם טויטן. אין אָנהייב האָט זי אויסגעטראַכט פאַרשידענע אויסריידן, כדי צו נישט צו מאַכן די ראַנדע-וואוס, נאָכדעם אָבער האָט זי אַליין מודה געווען, אַז זי האָט מורא. ער האָט זי אָנגעהויבן פאַראַכטן צוליב דעם, וואָס עס האָט איר פאַרפעלט קלוגער שכל און דרייסטקייט, און האָט ביסלעכווייז אויפגעהערט פילן זיין ליבע צו איר, און אָנגעהויבן אויף אַ זייער אומאָנגענעמען אופן צו רעדן מיט איר. ער האָט זי איצט אָן אויפהער פאַרפאָלגט מיט זיין תאווה.

עס זענען אָנגעקומען שלעכטע טעג אין ביטערע שעהן. צוליב דעם, וואָס זי האָט מורא געהאַט אַריינצוגיין מיט אים צווישן פיר ווענט, זענען זיי אַריינגעזעסן אין אַ דראָזשקע אין לאַנגזאַם געפאָרן דורך גאַסן און פאָרשטעט, ביז זיי זענען ענדלעך אַרויסגעשטיגן אין זייער אַ ווייטער אַלעע און האָבן געשפאַנט מיט

גרויסע טריט, זייענדיק אונטערגעטריבן פון קאַלטן מזרח-ווינט, ווי עס וואָלט זיי געיאָגט אַן אומגעזעענע בייזע קראַפט.

אין אַ געווויסן טאָג איז אָבער דאָס וועטער אַזוי שיין געווען, אַז עס האָט זייערע נשמות דורכגעדרונגען מיט אַ זיסקייט. זיי זענען געגאַנגען דורך דער ליידיקער אַלעע פונם וואַלד, צוגע-טוליעט איינער צום צווייטן.

אויף די דינע און שוואַרצע צווייגלעך פון די ביימער האָבן שוין אָנגעהויבן אַרויסשפּראָצן קנאָספּן, אָפּשלאָגנדיק זיך מיט זייער פּיאָלעט-פאַרב אויפן ראָזן הימל. ליבקס האָט זיך געצויגן אַ לאָנקע מיט פונאַנדערגעוואָרפענע נאקעטע ביימער. מען האָט פונ-דערווייטנס אויך געזען די הייזער פון אוטייל. די פאַרמאַכטע קאָ-רעטעס, אין וועלכע עס זענען געזעסן עלטערע מענשן, האָבן זיך לאַנגזאַם גערוקט. אַמען האָבן פאַר זיך געשטופּט וועגעלעך מיט קליינע קינדער. די שטילקייט פונם וועלדל האָט פלוצלינג איבערגעריסן דאָס רוישן פון אַן אויטאָמאָביל.

— האָסט ליב די מאַשינען? — האָט באַנטייל אַ פרעג גע-טון.

— זיי זענען גאַנץ באַקוועם, אויסער דעם גאַרנישט.

ראָבערט איז נישט געווען קיין שאָפער און אויך נישט קיין ספּאָרטסמאַן. אינטערעסירט האָב אים באָר פרויען.

— האָסט געזען? — האָט אים פעליציע אַ פרעג געטון, אָנווייזנדיק אויף דער דראָזשקע, וואָס האָט זיי אויסגעמיטן.

— ניי.

— עס זענען דאָרט געזעסן יאַנינאַ פערין מיט אַ פרוי.

זעענדיק, אַז ראָבערט באַציט זיך צו דעם פאַקט גאַנץ גלייכגילטיק, האָט זי זיך מיט אַ טאָן פון פאָרוואורף אָנגע-רופן:

— אפשר ביסטו אויך ביי דער זעלבער מיינונג, וואָס דאָק-טאָר סאָקראַטעס, אַז דאָס איז אַ גאַנץ נאַטירלעכע זאַך.

דער העלער טייך, וואָס ביי זיינע ברעגן זענען געוואַקסן פיכטן, איז געשלאָפן. זיי האָבן זיך אויסגעדרייט רעכטס מיט

דער סטעזשקע, וואָס האָט זיך געצויגן לענגאויס דעם טייך, וואו די ווייסע גענז און שוואַנען האָבן זיך געגלעט די פעדערן. ווען זיי זענען נענטער צום טייך צוגעקומען איז זיי אַקעגנגעשוואומען אַ סטאַדע קאַטשקעס, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ גאַנצע פלאָטיליע שיפלעך.

— ווען איך בין נאָך קליין געווען, פלעגט מיך מיין פאָטער מיטנעמען מיט זיך, אָנצוקאָרמען די באַשעפעניש׳ן. דאָס פלעגט זיין פאַר מיר אַ באַלוינונג, אויב איך פלעג מיך ווי געהעריק אויפפירן און זיך גוט לערנען. ער פלעגט ליב האָבן הינט, פערד, אַלע חיות אין דער וועלט. געווען איז ער זייער אַ ליבלעכער און זייער אַן אינטעליגענטער. ער פלעגט אַ סך אַרבעטן. די עקזיסטענץ פון אַן אָפיציר, וואָס פאַרמאָגט גאָרנישט, איז אָבער זייער אַ שווערע. ער פלעגט זייער שטאַרק ליידן דערפון, וואָס ער האָט נישט געקאָנט פירן אַזאַ ברייט לעבן, ווי די רייכערע אָפיצירן, און צו דעם צו פלעגט ער נאָך נישט קאָנען לעבן אין האַרמאָניע מיט מיין מאַמען. ער איז קיינמאָל נישט גליקלעך געווען, און גאַנץ אָפט פלעגט ער זיין טרויעריק. ער פלעגט זייער ווייניק רעד׳ן; מיט מיר אָבער האָט ער זיך גאַנץ גוט פאַרשטענדיקט אויך אָן ווערטער. ער האָט מיך זייער ליב געהאַט... ראָבערט, אַמאָל... אַמאָל... אין אַ צייט אַרום וועל איך האָבן אַן אייגן הייזל אויפן דאָרף. און ווען דו וועסט מיך דאָרט באַזוכן, וועסטו מיך טרעפן, טייערער, אין אַ קורצן קליידל קאָרמען הינער.

ראָבערט האָט זי אַ פרעג געטון פון וואַנען עס האָט זיך דערנומען צו איר דער געדאַנק אַריינצוטרעטן אין טעאַטער.

— איך האָב געוואוסט, אַז איך וועל נישט קאָנען חתונה האָבן, ווייל איך האָב נישט קיין נדן. און דאָס אויסזען פון מיינע חברטעס אויף זייערע פאָסטנס, אין די מאָדע-געשעפטן אָדער אינם טעלעגראַף, האָט מיר נישט געגעבן קיין חשק זיי נאָכצוטון. נאָך זייענדיק אַ קינד, איז מיר שוין געפעלן דאָס אַרטיסטישע פאַך. ווען איך בין געווען אין דערציונגס-אַנשטאַלט, בין איך אויף דער סצענע אַרויסגעטרעטן אין אַ קליינער קאָמעדיע. דאָס האָט מיך דאַמאָלס זייער געוויילט, די לערערין האָט אפילו געזאָגט, אַז איך

האָב נישט גוט געשפּילט. דאָס איז אָבער געווען צוליב דעם, וואָס מיין מאַמע איז איר שולדיק געווען פאַר דריי חדשים לער-געלט. ווען איך בין אַלט געוואָרן פופצען יאָר, האָב איך שוין אָנגעהויבן ערנסט טראַכטן וועגן טעאַטער, און בין אַריינגעטרעטן אין דער דראַמאַטישער שולע. איך האָב דאַמאָלס אַ סך געהאָרעוועט, זייער אַ סך. אונזער פאַך איז אַ שווערס. ווען מען האָט דערפאָלג, רוט מען זיך שוין אָבער אויס.

לעבן פּאַווילאָן האָבן זיי געפונען אַ שיפל, וואָס איז גע-שטאַנען צוגעבונדן צום ברעג. ראָבערט איז דער ערשטער אַריינגעשפּרונגען דערין און נאָכגעשלעפּט נאָך זיך פעליציען.

— ווייסט, די הויכע ביימער זענען אָן בלעטער אויך שיין — האָט זי זיך אָנגערופן. — איך האָב אָבער נישט גערעכנט, אַז אין דער איצטיקער צייט זאָל מען קריגן צו דינגען אַ שיפל.

דער שיפער האָט דערקלערט, אַז אין די שיינע ווינטער-טעג געפינען זיך אַ סך געסט, וואָס האָבן ליב איבערצופאָרן זיך אַ ביסל איבערן אינזל, עס איז אינגאַנצן רויק, און אַז ערשט מיט אַ פּאָר מינוט צוריק האָט ער טאַקע דאָרט אַהין אַריבערגעפירט צוויי פרויען.

דאָס יינגל, וואָס האָט געוואוינט אויפן איינזאַמען אינזל, האָט זיי דערלאַנגט טיי אינם באַשיידענעם אַלטאַנקעלע, פון וועלכן דאָס גאַנצע מעבל איז באַשטאַנען פון צוויי שטולן, אַ טיש, אַ פּיאַנינע און אַ קאַנאַפּע. די פּיטרינעס פון די פענסטער זענען שוין געווען פאַרפוילט און די פּאָסאַצקענע פּאָדלאָגע איז געווען אויס-געבויגן. פעליציע האָט דורכן פענסטער אַרויסגעקוקט אויפן גרי-נעם פּלאַץ, וואָס איז אינגאַנצן מיט גראָז באַוואַקסן געווען, און אויף די הויכע גרינע ביימער.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ באַלעם, אָט דער גרויסער טונ-קעלער באַלעם אויפן בוים? — האָט זי אומרויִק אַ פרעג גע-טון.

— אַ מיסטל, טייערע.

— עס זעט עפּעס אויס, ווי אַ חיה וואָלט געווען פעסט

אַרומגעפלאָכטן אַרום דער צווייג, וועלכע זי פרעסט אויף. אַך! וואָס פאַר אַן אומאַנגענעם בילד!

זי האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויפן געליבטנס אַקסל און האָט אים ליבלעך איינגערוימט:

— איך האָב דיך זייער ליב.

ער האָט זי צוגעצויגן צו זיך אויף דער קאַנאַפּע. זי האָט דערפילט, ווי ער האָט זיך אַראָפּגערוקט צו אירע פיס און זי אָנגערירט מיט זיינע הענט, וואָס זענען פון אומגעדולדיקייט נישט געשיקט געווען. זייענדיק אָנמעכטיק, האָט זי זיך נישט געווערט, און דאָך האָט זי אינסטינקטיוו געפילט, אַז אַלץ איז איצט אומזיסט. אין די אויערן האָט איר גערוישט. פּלוצלינג האָט דאָס רויש אויפגעהערט, און זי האָט דערהערט אַ וואונדערלעכע, אָבער אַ דייטלעך קאַלטע שטימע, וואָס האָט געזאָגט:

— „איך פאַרווער אייך איר זאָלט געהערן צו זיך". עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז די שטימע רעדט צו איר אַראָפּ פון דער הייך, פון דער הייכקייט פון עפּעס אַ הערלעכער העלקייט. זי האָט אָבער נישט געוואַגט דעם קאָפּ אויסצודרייען. געווען איז עס אַן אומבאַקאַנטע שטימע. אומווילנדיק האָט זי זיך דאָך געפּרוווט דערמאָנען, וועמענס די שטימע איז און האָט באַמערקט, אַז זי האָט פאַרגעסן איר אָפּקלאַנג, אַז זי וועט שוין נישט אומשטאַנד זיין קיינמאָל זיך צו דערמאָנען אָן איר „אפשר האָט ער איצט אַזאַ שטימע" — האָט זי אַ טראַכט געטון און מיט שרעק גיך אַראָפּגעצויגן דאָס אונטערקליידל. זי האָט אָבער דאָך אָפּגעהאַלטן זיך פון שרייען און האָט דע־ליגין גאָרנישט דערמאָנט וועגן דעם, וואָס זי האָט געהערט, אויס מורא, ער זאָל נישט לאַכן פון איר און האַלטן זי פאַר אַ משוגענע. דערביי האָט זי אַליין געוואוסט, אַז דאָס איז נאָר געווען אַ האַלוצינאַציע.

דע־ליגי האָט זיך אָפּגערוקט פון איר.

— אויב דו ווילסט מיך נישט מער, זאָג אָפּ, מיט געוואַלט וועל איך דיך נישט נעמען.

זי איז געזעסן שטייף, מיט צונויפגענקוועטשטע פיס.

— איך ווייס נישט, וואָס דאָס איז. אַזוי לאַנג, ווי מיר גע־

פינען זיך צווישן מענטשן, אַזוי לאַנג, ווי אַרום אונז רוישט עס פון פאַרשידענע מענשן, ווייל איך דיך און באַגער דיך. מיט דער מינוט אָבער, וואָס מיר בלייבן אַליין — קריג איך מורא.

— אַזוי הייסט עס. כדי זיך צו פצורייצן, דאַרפסטו האָבן אַן עולם מענשן — האָט ער אַ זאָג געטון מיט אַ בייזווילִיקער אין בילִיקער איראָניע.

פעליציע האָט זיך אָפּגעשטעלט און איז צוגעגאַנגען צום פענסטער. אויף איר באַק איז געוואָרן אַ טרער. זי האָט לאַנג און שטיל געוויינט. פלוצלינג האָט זי צו אים אין אַ לעבעדיקן טאָן אַ געשריי געטון:

— זע!

און זי האָט אים געוויזן יאַנינאַ פערין, וועלכע האָט שפּאַצירט מיט אַ יונגער פרוי אויפן גראָז.

זיי האָבן זיך ביידע געהאַלטן אַרומגענומען ביי די טאַליעס, זיך קעגנזייטיק דערלאַנגט פּאַלקעס, און דערביי ביידע געלאַכט.

— זע! די פרוי איז גליקלעך און רויק.

יאַנינאַ פערין האָט רויק און צופרידן שפּאַצירט, זי האָט אפילו נישט געפּרווט באַהאַלטן די גאווה. זי האָט שטאָלצירט מיט אירע וואונדער־לעכע אייגנפאַלן.

פעליציע האָט זיך איינגעקוקט אין איר שטאַרק פּאַראַינטע־רעסירט און האָט זי מקנא געווען מיט איר רויקייט.

— זי האָט נישט קיין מורא.

— לאָז זי צורו. וואָס שטערט זי דען אונז? ער האָט זי געוואַלטיק שטאַרק אַרומגענומען ביי דער טאַליע.

ציטערנדיק אינגאַנצן, האָט זי זיך פון זיינע הענט אַרויסגע־ריסן.

ראָבערט, וואָס האָט זיך איצט געפילט נידערגעשלאָגן, דערנידעריקט און פאַרפירט אין זיינע בעסטע האָפנונגען, איז ענד־לעך אַריינגעפאַלן אין אַ שטאַרקן כעס, האָט זי גערופן משוגענע:

און דערקלערט, אַז מער וועט ער נישט דולדן אירע וואונדערלעכע און לעכערלעכע נאַרישקייטן.

זי האָט גאָרנישט געענטפערט, נאָר אויסגעזייט זיך פונאַנדערגעוויינט.

ער איז נאָך מער אויפגערעגט געוואָרן פון אירע טרערן און האָט איר שאַרף אַ זאָג געטון:

— צוליב דעם, וואָס דו קאָנסט מיר שוין נישט געבן דאָס, וואָס איך וויל, איז איינגאַנצן איבעריק, אַז מיר זאָלן זיך ווייטער זען. מיר האָבן שוין גאָרנישט וואָס צו זאָגן זיך קעגנזייטיק. און אויב דו וואָלסט כאָטש איין איינציק מאָל פעיִק געווען צו זאָגן דעם אמת, וואָלסטו אַליין מודה געווען, אַז אויסער דעם געמיינעם קאָמעדיאַנטל, האָסטו קיינעם נישט ליב געהאַט.

דאַמאָלס האָט פעליציע אויסגעבראָכן מיט כעס, און האָט אַזש פון פאַרצווייפלונג אַ זיפץ געטון:

— ליגנער, ליגנער! דאָס איז עקלהאַפטיק, וואָס דו זאָגסט. דו זעסט אַזוי אויך, אַז איך וויין און בין פול מיט יסורים, און דו ווילסט, אַז איך זאָל נאָך מער ליידן. דו נוצט אויס דאָס, וואָס איך ליב דיך, כדי מיך צו פייניקן! דאָס איז געמיין, נידערטרעכטיק. אויף אַזאַ אופן האָב איך דיך שוין טאַקע מער נישט ליב! גיי דיר אַוועק פון מיר! איך וויל דיך נישט מער אָנקוקן, גיי... צוואָס זענען מיר דאָ צוזאַמען? צי מוזן מיר דען שטענדיק קוקן אויף זיך מיט אַזאַ כעס, מיט אַזאַ פאַרצווייפלונג און פאַרביטערונג?... דאָס איז נישט מיין שולד... איך קאָן נישט... איך קאָן נישט! זיי מיר מוחל, טייערסטער, געליבטער מיינער! איך האָב דיך ליב. איך פאַרגעטער דיך און באַגער דיך, אָבער טרייב אים אַוועק! דו ביסט דאָך אַ מאַנספערשוין, און דו דאַרפסט דאָך גיכער וויסן, וואָס מען דאַרף טון. פאַרטרייב אים! דו האָסט אים דערמאָרדעט, נישט איך. דו! דערהרגע־זשע אים שוין אינגאַנצן... ער זאָל שוין נישט מער צוריקקומען. איך פאַרליר די געדאַנקען... מיין גאָט... איך וועל משוגע ווערן!

צומאָרגנס האָט דע־ליני געבעטן, אַז מען זאָל אים נאָמ־

נירן אַלס דריטן סעקרעטאַר פונם קאָנסולאַט אין האַאַג. אין פאַר־
לויף פון אַ וואָך האָט מען אים באַשטימט אויף דעם פּאָסטן, ער
איז גלייך אַרויסגעפאָרן, נישט זעענדיק זיך מער מיט פּע־
ליציען.

# XVII

פרוי באַנטייל האָט נאָר געקלערט וועגן איר טאָכטער. איר באַציִונג מיטן בילדער-הענדלער טאַני מייער פון דער קלישי-גאַס האָט ביי איר נאָך נישט געהאַט פאַרנומען דאָס גאַנצע האַרץ און האָט איר נאָך גענוג פרייע צייט איבערגעלאָזט פאַר פעלי-ציען. אין טעאַטער האָט זי זיך באַקאָנט מיט דעם זייער העפלעכן און נאָך גאָר יונגן פאַבריקאַנט פון עלעקטרישע אַפּאַראַטן, הער באַנדאַיס. זיין טעמפּעראַמענט איז אינגאַנצן פול געווען מיט ליבע, און דערצו איז ער געווען געשטימט אומדרייסט. און צוליב דעם, וואָס די יונגע און שיינע מיידלעך האָבן אין אים דערוועקט אַ שרעק, האָט ער זיך ביסלעכווייז צוגעוואוינט צום געדאַנק, אַז ער זאָל חשק האָבן צו עלטערע. פרוי באַנטייל איז נאָך גענוג רייצנד געווען. אין אַ געוויסן אָוונט, ווען זי האָט, אגב, זייער שלעכט אויסגעזען און זי איז געווען מיאוס געקליידט, האָט ער איר אַ פאָרשלאָג געמאַכט, און זי האָט אים אָנגענומען, צוליב דעם, די צו קאָנען איר הויז בעסער פירן און כדי עס זאָל איר טאָכ-טער גאָרנישט פעלן. איר מקריב זיין זיך האָט איר פאַרשאַפט גליק.

הער באַנדאַיס האָט זי זייער ליב געהאַט און האָט געזאָרגט פאַר איר. אין אָנהייב האָט עס זי אפילו א ביסל געוואונדערט. מיט דער צייט אָבער האָט עס זי גליקלעך געמאַכט און איר פאַרשאַפט רו. דאָס, וואָס זי איז איצט געליבט געווען, האָט זיך איר אויסגעזען, ווי אַ גוטע און באַטירלעכע זאַך. זי האָט אויך אויפגעהערט צו אַנערקענען, אַז איר צייט איז שוין אַריבער, ווייל זי האָט דאָך געזען, אַז די ווירקלעכקייט האָט גאָר עפּעס אַנדערש געוויזן.

זי איז פון אייביק אָן געווען אַ גוטע, און די שטימונג אירע איז שטענדיק געווען אַ לייכטע און אויך אַ רויִקע. פונדעסטוועגן האָט זי ביז איצט נאָך קיינמאָל נישט געקאָנט שאַפן אַרום זיך אַזאַ ליבע און וואַרעמע אַטמאָספערע. זי איז געווען א ליבלעכע, האָט שטענדיק געשמייכלט — דער שמייכל פלעגט אַנטפּלעקן אירע שיינע ציינדלעך, און אין אירע פולע באַקן איבערלאָזן חן-גריבלעך. — זי איז דאַנקבאַר געווען דעם גורל פאַר דעם, וואָס ער האָט איר געגעבן און איז ווי אויפסניי בליִענדיק און צעפלאַמט געוואָרן, און דאָס הויז האָט ווידער געאָטעמט מיט יוגנט.

אין דער צייט, ווען פרוי באַנטייל איז געווען פריילעך און לוסטיק, איז פעליציע געווען טרויעריק, קאַפּריזנע און מרה שחורה-דיק. אויף איר שיין פּנים האָבן זיך באַוויזן, ווי בייטן, און די שטימע איז איר געוואָרן שאַרף. זי האָט זיך גלייך אָריענטירט, וואָס פאַר אַ ראָלע דער הער באַנדאַיס שפּילט אין איר משפּחה. עס קאָן זיין, אַז ער איז איר געווען דערווידער, ווייל זי האָט געוואָלט, אַז איר מוטער זאָל לעבן און אָטעמען בלויז פאַר אירעטוועגן, און אפשר דערפאַר, ווייל איר געפיל אַלס טאָכטער האָט שטאַרק געליטן דערפון, וואָס זי מוז איר מוטער ווייניקער אַכטן, אָדער אפשר גאָר צוליב דעם, וואָס זי האָט איר נישט פאַרגינען דאָס גליק, און עס איז אויך נישט אויסגעשלאָסן, אַז געאַרט האָט זי אַזוי שטאַרק דאָס קרעמפּירן זיך, וואָס די ליבע-אומשטענדן, וואָס ווערן אַזוי באָגנט אַרום אונז געשאַפן, רופן אַרויס אין אונז.

געננג איז געווען דאָס, וואָס פעליציע פלעגט יעדן טאָג ביים עסן פאַרוואַרפן דער מוטער מיט אַ באַזונדערן חשק און אויף אַ גאָר פאַרביטערטן אופן דעם נייעם הויז־פריינט. דעם הער באַנדאַיס ווידער אַליין, ווען זי פלעגט אים נאָר טרעפן, פלעגט זי אַרויס־ווייזן אַ דייטלעכן ווידערווילן און גאָרנישט פאַרמאַסקירטן עקל. פרוי באַנטייל פלעגט זיך אָבער מיט דעם נישט שטאַרק איבערנע־מען און פלעגט דער טאָכטער מוחל זיין, נעמענדיק דערביי אין אַכט איר קליינע לעבנס־דערפאַרונג. הער באַנדאַיס ווידער, וועל־כער פלעגט זיך איינפאַך שרעקן פאַר פעליציען מיט אַן איבער־מענשלעכער שרעק, פלעגט אָנווענדן אַלע מעגלעכקייטן זי צו מילדערן מיט קלענערע מתנות און אויך מיט אַרויסווייזן איר צייכנס פון הויכער אַכטונג.

פעליציע איז געוואָרן געוואַלטיק אויפגערעגט, ווייל זי האָט זייער געליטן. די בריוו פון האַאג האָבן איר ליבע אַזוי ווייט אויפגערייצט, אַז זי איז אַזש דורכגענומען געוואָרן מיט שמערצן. זי האָט אָנגעהויבן וועלקן, זייענדיק געפייניקט דורך דער היץ פון דער איינבילדונגס־קראַפט, וואָס האָט זי איצט אינגאַנצן באַהערשט. ווען עס פלעגט זיך פאָרשטעלן פאַר די אויגן דאָס בילד פונם דאָ נישט־אָנוועזנדן געליבטן, פלעגט איר אָנהויבן רוישן אין די שלעפן, דאָס האַרץ פלעגט אָנהויבן געוואַלטיק קלאַפן און אַ מרה־שחורהדיקע טונקלהייט פלעגט איר קאָפּ איינהילן. די גאַנצע נערוון־צערייצונג, די גאַנצע היץ פון איר בלוט, אַלע לעבעדיקע כוחות פלעגן זיך דעמאָלס אין איר דערוועקן און אויסברעכן אין דער טיפקייט פון איר ווען מיט אַ הייסן פלאַם פון ליידנשאַפט. קיין שום זאַך האָט זי דעמאָלס נישט פאַרלאַנגט, נאָר זיך צו פאַראייניקן מיט דע־לינען, נאָר אים אַליין האָט זי באַגערט, און זי האָט זיך זייער געוואונדערט, פון וואַנען עס דערנעמט זיך דער אָפּשיי, וואָס זי פילט צו יעדערן אַנדערן מאַנספערשוין. ביז איצט איז זי נאָך קיינמאָל נישט געווען אַזוי שטאַרק אין איר געפיל. זי האָט באַשלאָסן צו בעטן הער באַנדאַיס, ער זאָל איר לייען געלט, כדי צו האָבן אויף הוצאות קיין האַאג, און פונדעסטוועגן האָט זי דאָס נישט געטון. אָפּגעהאַלטן האָט זי דערפון, נישט אַזוי ווייט

די מורא, אַ די רייזע אירע קאָן אַמאָל נישט געפעלן איר גע־ ליבטן, וועלכער קאָן דאָס אָננעמען אַלס פאַר אומטאַקטיש פון איר זייט, ווי די אומ־ייטלעכע שרעק, וואָס זי האָט געפילט, אַז די ווזיע קאָן זיך אויפסניי ביי איר דערוועקן.

די וויזיע האָט זיך איר שוין נישט געוויזן, זינט דע־ליני אין אוועקגעפאָרן. פונדעסטוועגן פלעגן אַרום איר טרעפן זאַכן, וואָס האָבן זי שטאַרק באַאומרויקט. איינמאָל, ווען זי איז געגאַנ־ גען אויף דער גאַס, האָט זי דערזען, אַז עס גייט איר נאָך אַן עלטערער מענש מיט אַ באָרד, און ווען זי האָט זיך אויסגעדרייט אים גוט אָנצוקוקן, איז ער גלייך פאַרשוואונדן, און זי האָט אים שוין מער נישט געקאָנט זען. אַ צווייט מאָל האָט זיך איר געטראָפן פאָלגענדער פאַל: ווען זי איז אינדערפרי נאָך געלעגן אין בעט, האָט איר די מוטער געזאָגט: „איך גיי צו דער שנייד ערין, און איז אַרויס־ געגאַנגען. אין אַ צוויי־דריי מינוט אַרום האָט פעליציע זי דערזען צוריק אַריינקומען אין שטוב אַריין, פונקט ווי זי וואָלט געהאַט עפעס פאַר־ געסן. די וו זיע האָט זיך גערוקט בלינד, שטום און אָן גערויש. ווען זי איז אָבער צוגעקומען נאָענט צו איר בעט, איז זי פאַר־ שוונדן געוואָרן.

זי פלעגט האָבן פאַנטאַזיעס, וואָס האָבן זי נאָך מער באַ־ אומרויקט. אין אַ געוויסן זונטיק האָט זי געשפילט אין „סטעליע" די ראָלע פונם יונגן זכריה. צוליב דעם, וואָס זי האָט געהאַט זייער שיינע פיס, האָט איר דאָס איבערטון זיך זייער הנאה גע־ טון. זי איז אויך צופרידן געווען פון דעם, וואָס זי קאָן זיך אויס־ צייכנען מיט איר שיין דעקלאַמירן די לידער. זי האָט באַמערקט, ווי צווישן די שטולן זיצט אַ גלח אָנגעטון אין אַ קיטל. נישט איינמאָל פלעגט טרעפן, אַז גלחים פלעגן קומען אויף דער נאָכ־ מיטאָגדיקער פאָרשטעלונג פון דער דאָזיקער טראַגעדיע, וואָס איר אינהאַלט איז גענומען געוואָרן פון דער ביבעל. אויף פעלי־ ציען האָט אָבער דאָס אויסזעען געמאַכט אַן אומאָנגענעמע איינדרוק. ווען זי איז אַרויפגעקומען אויף דער סצענע, האָט זי גאַנץ דייטלעך דערזען לוואירא דאָלן, וועלכע איז געווען אָנגע־ טון אין יאַזאַבעטיס טורבאַן און האָט לעבן סיפלאָרס ביידל אָנ־

געלאָדן אַ רעוואָלווער. זי האָט אַפילו פאַרמאָגט אין זיך גענוג ווילנס-קראַפט און באַוואוסטזיין אַוועקצוטרייבן פון זיך די אומזיניקע וויזיע, וועלכע איז טאַקע גלייך פאַרשוואונדן געוואָרן. פונדעסטוועגן האָט זי די ערשטע סטראָפן געזאָגט מיט אַ פאַרשטיקטער שטימע.

זי האָט געפילט, אַז עס ברענט זי עפּעס אין מאָגן און האָט אָפט געליטן אויף דושנעקייט; עס פלעגט זי טיילמאָל אָנכאַפּן אינעווייניק אַ שמערצלעכער קראַמף, דאָס האַרץ פלעגט איר אָנהייבן שרעקלעך צו קלאַפּן און עס פלעגט זיך איר דאַכטן, אַז זי שטאַרבט אַוועק.

דאָקטאָר טרובלעש האָט זי פאָרזיכטיק און געוויסנהאַפט קורירט. גאַנץ אָפט פלעגט זי אים זען אין טעאַטער, און טיילמאָל פלעגט זי אַהיימגיין צו אים אויף אַ וויזיט. אַדורכגיין פלעגט זי נישט דורכן וואַרטע-צימער. דער שווייצאַר פלעגט זי אַריינלאָזן אין קליינעם עס-צימער אַריין, וואו עס האָבן אין דער האַלב-טונקלקייט געבלאַנקט די אַראַבישע פאָרצעליי-כלים, און אין דאָקטאָרס קאַבינעט פלעגט זי שטענדיק אַריינקומען די ערשטע. אין אַ געוויסן טאָג איז סאָקראַטעסן געלונגען איר פאַרשטיין צו געבן אויף וואָס פאַר אַן אופן די בילדער ווערן געשאַפן אינעם מענטשלעכן געדאַנק און ווי אָפט זיי פאַסן זיך גאָרנישט צו צו די אויסערלעכע זאַכן, אָדער זיי פאַסן זיך צום וויניקסטן גענוי נישט צו.

— די האַלוצינאַציעס — האָט ער צוגעגעבן — זענען צום מערסטן טייל נאָר פאַלשע וואָרנונגען. מיר זען טאַקע זאַכן, וועלכע קומען פאָר אין דער ווירקלעכקייט. מיר זען זיי אָבער שלעכט. פון אַ פעדער קומט בא אונדז אַרויס אַ קאָפּ מיט אויפגעשטעלטע האָר, פון אַ רויט קנעפּל — אַ פּיסק פון אַ חיה, פון אַ העמד — אַ טויטן-געשפּענסט.

פון די דערקלערונגען האָט זי כוחות געשעפּט גרינגצושעצן און אָפּצוטרייבן פון זיך די וויזיעס פון הינט, קעץ און לעבעדיקע מענטשן. זי האָט פונדעסטוועגן נאָך מורא געהאַט, אַז

זי זאָל נאָכאַמאָל נישט דערזען דעם טויטן. די אַבערגלויבערישע שרעק, וואָס איז ערגעץ־וואו פאַרשטעקט געווען אין די טיפסטע קעמערלעך פון איר געדאַנק, איז פיל שטאַרקער געווען פון דעם דאָקטאָרס באַווייזן. לאָז ער זיך דאָרט איבערחזרן דאָס זעלבע, וויפיל מאָל ער וויל, אַז קיין טויטע קומען נישט מער צוריק. זי ווייסט אירס!

סאָקראַטעס האָט איר אַרויסגעגעבן פאַרשריפטן, אַז זי זאָל זיך אָפּזוכן פאַרווייליקונגען, אַז זי זאָל אַלץ אין איינעם זיך נאָר געפינען אין דער געזעלשאַפט פון אירע באַקאַנטע, איבערהויפּט נאָר מיט סימפּאַטישע מענשן זאָל זי איר צייט פאַרברענגען און אַז זי זאָל אויסמיידן אירע צוויי גרעסטע קעגנער: די פינסטערניש און איינזאַמקייט.

— איבערהויפּט דאַרפסטו אויסמיידן אַזעלכע מענטשן און זאַכן, וועלכע קאָנען האָבן וועלכע עס איז פאַרבינדונג מיט דער אָנגעלעגנהייט פון דיינע וויזיעס.

ער האָט זיך נישט געכאַפּט, אַז דאָס איז אַן אוממעגלעכע זאַך, און פעליציע האָט דאָס אויך נישט באַמערקט.

— וועט איר מיך אַלזאָ אויסקורירן, מיין גוטער סאָקראַטעס? — האָט זי אַ פרעג געטון, אָנשטעלנדיק אויף אים אירע שיינע גרויע אויגן, וועלכע האָבן אויסגעדריקט הכנעה און געבעט.

— דו וועסט דיך אַליין אויסקורירן, קינד מיינס. דו וועסט זיך געוויס אויסקורירן, ווייל דו ביסט אַן אַרבעטסזאַמע, אַ פאַרשטענדיקע און אַ דרייסטע... יאָ, יאָ, דו ביסט גלייכצייטיק אַ פּחדנטע און אַ דרייסטע. דו שרעקסט דיך פאַר אַ געפאַר, וואָס קאָן דיר קומען פון דער וויזיע, דו האָסט נאָך אָבער געוויסן חשק צום לעבן; דו וועסט אַלזאָ געזונט ווערן, ווייל דו ווילסט געזונט ווערן.

— איר רעכנט, אַז אויב מען וויל נאָר, קאָן מען געזונט ווערן?

— אויב מען וויל אויף אַ געוויסן טיפן און ספּעציעלן אופן, אויב אַזוי ווילן אונזערע קעמערלעך, אויב אַזוי וויל אונזער באַוואוסטזיין, אויב דער מענש וויל מיטן פרוכטבאַרן און מעכטיקן ווילן פונם בוים, וועלכער וויל גרין ווערן אין פרילינג.

## XVII

די נאַכט האָט זי נישט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן און זיך
געדרייט אויפן געלעגער פון איין זייט אויף דער צווייטער, און
פון גרויס היץ האָט זי פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די קאָלדערע. זי
האָט געפילט, אַז דער שלאָף איז נאָך ווייט פון איר און אַז ער
וועט ערשט קומען דאַמאָלס, ווען עס וועלן זיך באַווייזן אויפן
הימל די ערשטע שטראַלן פונם פרימאָרגן, וואָס זענען פול מיטן
גאָלדענעם שטויב, און דאַמאָלס, ווען די שטויבלעך וועלן זיך אַריינ־
שטופן צו איר אין צימער דורך די לעכלעך פון די פאַרהאַנגען.
־ער נאכט־לאָמפּ, וואָס זיין קליין פייערל האָט אַדורכגעפינקלט
דורכן פאַרצעלייערנעם קלאָש, איז געווען איר טרייע און גע־
היימנישפולע חברטע. פעליציע האָט געעפנט די אויגן און מיין
בליק געשלונגען דאָס ווייסע פייערל, וואָס האָט איר צוגעגעבן
רויקייט. פאַרמאַכנדיק דערנאָך ווידער די אויגן, איז זי צוריק
אַריינגעפאַלן אין לאַנגווייליקייט און יסורים צוליב דער שלאָפ־
לאָזיקייט. מאָמענטנווייז האָט זי זיך דערמאַנט געוויסע ווערטער
פון אַ ראָלע, וועלכע זי האָט שוין איצט קיין שום באַדייטונג
נישט צוגעגעבן און וועלכע האָבן זי דאָך פאַרפאָלגט: „אונזערע
טעג זענען אַזעלכע, ווי מיר שאַפן זיי פאַר זיך“. ביסלעכווייז איז

איר געדאנק דערשעפט געווארן פון כסדרדיקן איבערחזרן אלץ די אייגענע ווערטער.

מארגן מוז איך גיין צו פרוי ראיאמאן אנמעסטן די קליידער. נעכטן בין איך אריינגעגאנגען צוזאמען מיט פאגנטן אין דער גארדעראבע צו יאנינא פערין, וועלכע האט זיך פונקט געהאלטן אין אנטון און האט געוויזן אירע האריקע פיס, ווי זי וואלט זיך געהאט מיט וואס גרויס צו האלטן. די דאזיקע יאנינא פערין איז גאר נישט קיין מיאוסע; זי האט אפילו א שיין קעפל. עס געפעלט מיר בלויז נישט דער אויסדרוק פון איר געזיכט. ווי אזוי פארלאנגט עפעס פרוי קאלבערט פון מיר צוויי און דרייסיק פראנק? פערצען און דריי, איז זיבצען, און נאך צען, איז פינף און צוואנציק. בין איך איר נאר שולדיק זעקס און צוואנציק פראנק. „אונזערע טעג זענען אזעלכע, ווי מיר שאפן זיי פאר זיך". אוי, ווי הייס מיר איז!

מיט א שנעלן ווארף פון אירע בויגזאמע לענדן האט זי זיך איבערגעדרייט אויף דער צווייטער זייט און האט צעשפרייט אירע נאקעטע אָרעמס, וועלנדיק כאפן א ביסל פרישע לופט.

עס דאכט זיך מיר, אז זייט ראבערט איז אוועקגעפארן זעבען שוין אדורכגעלאפן גאנצע יארהונדערטער. עס איז זייער מיאוס פון זיין זייט, וואס ער האט מיך אזוי איינזאם איבערגעלאזט. עס בענקט זיך מיר אזוי נאך אים.

און איינקערטשענדיק זיך אינם בעטל, האט זי זיך דערמאנט, ווי עס איז געווען, ווען זיי זענען געלעגן צוזאמען צוגעטוליעט.

— טייער קעצל, געליבטער מיינער — האט זי אים גערופן.

און ווידער זענען איר געקומען אין קאפ אריין די פריערדיקע געדאנקען, אלץ די זעלבע.

„אונזערע טעג זענען אזעלכע, ווי מיר שאפן זיי פאר זיך".

„אונזערע טעג זענען אזעלכע, ווי מיר שאפן זיי פאר זיך". „אונזערע טעג זענען — — פירצען און דריי איז זיבצען און צען איז זעקס און צוואנציק. איך האב גאנץ גוט בעזען, ווי יאנינא פערין האט

געוויזן אירע לאַנגע מענערישע פיס, וואָס זענען אַזוי באַוואַקסן געווען, אַז זיי זענען אַזש איינגאַנצן שוואַרץ געווען. איז דאָס אמת, וואָס מען זאָגט, אַז זי קויפט זיך פרויען פאַר געלט? מאָרגן פיר אַ זייגער מוז איך גיין אָנמעסטן דאָס קלייד. איין זאַך איז שרעקלעך, דאָס, וואָס פרוי ראַיאַמאַן בייט שטענדיק זייער שלעכט איין די אַרבל. אוי! ווי הייס מיר איז! סאָק ראַטעס איז אַ גוטער דאָקטאָר. טיילמאָל האָט ער אָבער ליב צו נאַר צו מאַכן מענשן.

פלוצלינג האָט זי אָנגעהויבן טראַכטן וועגן שוואַליערן און האָט דערפילט, ווי עפעס פון אים האָט זיך אָנגעהויבן רוקן אויף דער וואַנט פונם צימער. עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז די שיין פונם לעמפל איז אויך טונקעלער געוואָרן פון דעם. עס איז אפילו געווען עפעס אַזוינס, וואָס איז נאָך ווייניקער פון אַ שאָטן, און דאָך האָט עס זי באַאומרויִקט. פלוצלינג איז איר געקומען אויפן געדאַנק, אַז דאָס איידעלע „עפעס" שטאַמט פון דעם פאַרשטאָרבענעמס פאָטאָגראַפיע. אין איר צימער האָט זי שוין קיין שום פאָטאָגראַפיע זיינע נישט געהאַט, אין זייער וואוינונג זענען נאָך אָבער געבליבן עטלעכע, וואָס זי האָט נאָך נישט געהאַט פאַרניכטעט. זי האָט אָנגעהויבן צוזאַמענרעכענען און איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז עס האָבן נאָך געדאַרפט בלייבן דריי: איינע אויף אַ נעפלהאַפטן גרונט, ווי ער איז געווען פאָטאָגראַפירט נאָך אַלס גאָר יונג ייִנגל. אַ צווייטע — אַ פריילעכע און מיט אַ שמייכל אויף די ליפן, ווי ער זיצט אויף אַ שטול פונקט ווי אויף אַ פערד, און אַ דריטע אַלס דאָן צעזאַר דע באַזאַן. צוליב דעם, וואָס זי האָט זיי אַלע איצט געוואָלט פאַרניכטן ווי אַמגיכסטן, איז זי אַרויסגעשפרונגען פונם בעט, האָט אָנגעצינדן אַ ליכט, און נאָכשלעפנדיק נאָך זיך די פאַנטאָפלען, האָט זי זיך אין בלויזן העמד אַריינגערוקט אין סאַלאָנדל. זי איז צוגעגאַנגען צום פאַליסאַנדראָוון טיש, אויף וועלכן עס איז געשטאַנען אַ פאַלמע-פעניקס, האָט אויפגעהויבן דאָס טישטוך און אָנגעהויבן דורכנישטערן דאָס שופלאָד. געווען זענען דאָרט פאַרשידענע זשעטאָנען, לייכטער, אָפגעבראָכענע שטיקלעך מעבל, אַ צוויי-דריי שטיקלעך פון אַ

זשיראַנדעל און עטלעכע פֿאָטאָגראַפֿיעס, צווישן וועלכע נאָר איינע איז געווען שעוואַליערס, די אַלס יונג ייִנגל אויפֿן טונקעלן גרונט.

זי האָט ווייטער געזוכט די צוויי איבערגעבליבענע אינם קליינעם נאַכט־שענקעלע, וואָס איז געשטאַנען צווישן ביידע פֿענסטער, אויף וועלכן עס זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט עטלעכע כינעזישע לאָמפּן. דאָרט ווידער זענען געלעגן שטיקלעך גלאָז, קרישטאָלענע אַבאַזשורן, בעכערס מיט באַגילדטע קאַנטן, אַ פּאָסטומענט אויף שוועבעלעך פֿון קאָלירטן פּאָרצעליי, עטלעכע אַלטע ביכער, אויך שטיקלעך צעריסענע ביכער מיט נאָטן, צוויי צעבראָכענע וואַכלאַזשן, א פליט אין אַ פּעקל פֿאָטאָגראַפֿיעס אויף קאַרט. צווישן דעם פּעקל פֿאָטאָגראַפֿיעס האָט זי ווידער געפֿונען איינע שעוואַליערס, די אין קאָסטיום פֿון צעזאַר דע באַזאַן. די דריטע פֿאָטאָגראַפֿיע האָט זי אָבער נישט געפֿונען. אומזיסט האָט זי זיך דעם קאָפּ געבראָכן, וואו זי האָט געקאָנט אַהינקומען. אומזיסט האָט זי הין און צוריק געוואָרפֿן די שאַכטלען, די קאָלאָשן און די נאָטן אויף דער עטאַזשערקע. בשעת זי האָט אַזוי פֿלייסיק געזוכט, איז די פֿאָטאָגראַפֿיע אויסגעוואַקסן אין איר פֿאַנטאַזיע צו דער מאָס פֿון אַן אמתן מענטש, און זי האָט אָנגענומען אַן איראָנישן אויסדרוק, ווי זי וואָלט פֿון איר חוזק געמאַכט. פֿעליציעס געזיכט האָט איצט געפֿלאַמט, די פֿיס זענען איר געווען פֿאַרשטייפֿט, און די שרעק האָט זי אַדורכגעדרינגען ביזן ביין. אין דער מינוט אָבער, ווען זי האָט שוין געהאַט באַשלאָסן ביי זיך צו רעזיגנירן פֿון ווייטערדיקן זוכן און צוריק אַרייגגיין אין בעט אַריין, כדי צו באַהאַלטן דאָס פּנים אין קישן אַריין, האָט זי זיך דערמאַנט, אַז די מוטער אירע האַלט אויך פֿאָטאָגראַפֿיעס אין איר שפּיגל־שענקל. זי האָט ווייטער באַקומען דרייסטקייט און האָט זיך שטילערהייט אַרייגעשאַרט אין פֿרוי נאַנטייס שלאָף־צימער. אַרויפֿקריכנדיק אויף אַ שטול, האָט זי געעפֿנט דאָס שענקל און אָנגעהויבן זוכן צווישן די שאַכטלען אין די פּאַפּירן, וואָס זענען געלעגן אויף דער העכסטער פּאַך פֿון שענקעלע. זי האָט געפֿונען דעם אַלבום, וועלכער האָט נאָך געשטאַנט פֿון דער עפּאָכע פֿון דעם צווייטן קיסר־

טום, וואָס קיינער האָט שוין צייט צוואַנציק יאָר נישט געהאַט גע־
עפנט. זי האָט אַדורכגענישטערט אַ גאַנצן שטויס פּאַפּירן, בריוו
און לאָמבאַרד־קוויטן. פרוי באַנטייל האָט זיך אויפגעכאַפּט צוליב
דער שיין פונם ליכט און אויך צוליבן גערויש, וואָס עס האָט זיך
איר געדאַכט, אַז עס איז פון אַ מייזל און האָט אַ פרעג געטאָן
אומרויק:

— ווער איז דאָרט?

זי האָט אָבער באַלד באַמערקט שטיין אויף דער שטול אַ
לאַנג נאַכט־העמד, אַ דיקן צאָפּ האָר און די גאַנצע סילועטקע, וואָס
איז איר אַזוי באַקאַנט געווען.

— דאָס ביסטו פעליציע? ביסט נישט אַמאָל קראַנק? וואָס
טוסטו דאָרט?

— איך זוך עפּעס.

— אין מיין שאַנק?

— יאָ, מאַמע.

— גיי שוין צוריק אין בעט אַריין! דו וועסט דיך נאָך
פאַרקילן! זאָג מיר כאָטש, וואָס דו זוכסט. אויב דו זוכסט די שאָ־
קאָלאַדע, ליגט זי אויף דער מיטלסטער פאַך אינמיטן, לעבן דער
זילבערנער צוקער־פּושקע

פעליציע האָט אָבער געפונען דאָס פּעקל פאָטאָגראַפיעס און
האָט עס גיך דורכגעקוקט. דורך אירע אומגעדולדיקע פינגער האָבן
זיך אַדורכגערוקט: פרוי דולק, וואָס איז געפוצט געווען מיט
האַפטן; פאַגעט, וועלכע האָט אימפּאָנירט מיט אירע רויטע האָר;
טאָני מייער מיט די אויגן, וואָס זענען אַריינגעזעצט געווען איינס
לעבן צווייטן, און מיט דער לאַנגער נאָז, וואָס האָט אַזש געגרייכט
ביז די ליפּן; פּראַדעל מיט זיין פרעכטיקער באָרד; טרובלעט מיט
די אויסגעקראָכענע האָר; הער באַנדאַיס מיט די איבערגעשראָקע־
נע אויגן, גלייכער נאָז און געדיכטע האָר. כאָטש פעליציע האָט
איצט נישט געהאַט דעם קאָפּ צו פאַרנעמען זיך מיט באַנדאַיסן,
האָט זי אויף אים פונדעסטוועגן געוואָרפן אַן אומגערעכנעם בליק, און
אַרויפגעטריפט אים אויף דער נאָז אַ ביסל חלב. פרוי באַנטייל,

וואָס האָט שוין געהאַט אינגאַנצן פון שלאָף דערוואַכט, האָט זיך געוואונדערט.

— פעליציע, וואָס גריבלסטו אַזוי אין מיין שאַנק?

פעליציע, וואָס האָט פונקט געפונען אין דעם זעלבן מאָמענט די פאָטאָגראַפיע, וואָס זי האָט געזוכט, האָט נאָר אָפגעענטפערט מיט אַ ווילד געשריי און איז אַראָפגעשפרונגען פונם בענקל, צו-געמענדיק על פּי טעות אַ חוץ די פאָטאָגראַפיע פון טויטן אויך הער באַנדאַיס פאָטאָגראַפיע.

אַריינקומענדיק אין צווייטן צימער, האָט זי אַנידערגעקניט ביים קוימען און אָנצינדנדיק אַ פייער, האָט זי אַריינגעוואָרפן דע-רין שעוואַליערס אַלע דריי פאָטאָגראַפיעס. זי האָט זיך גוט צוגע-קוקט צום פייער, ווי זיי האָבן געברענט, און ווען עס איז שוין נישט געבליבן פון זיי מער, ווי נאָר אַ ביסל אַש, האָט זי ערשט פריי אָפגעאָטעמט. עס האָט איר איצט אויסגעוויזן, אַז צונעמענדיק ביים טויטן די סובסטאַנץ פון זיינע וויזיעס, האָט זי זיך שוין איצט אויף אַן אמת באַפרייט פון מת.

אויפהייבנדיק דאָס ליכט, האָט זי דערזען הער באַנדאַיס, וועמענס נאָז עס איז אַ גאַנצן פאַרשוואונדן געוואָרן אינטערן חלב, און נישט וויסנדיק, וואָס זי האָט צו טון מיט אים האָט זי אים אויך אַריינגעוואָרפן אין ברענענדיקן קוימען אַריין און דערביי זיך שטאַרק צעלאַכט.

ווען זי איז צוריק אַריינגעקומען צו זיך אין שלאָף-צימער, האָט זי זיך אַנידערגעשטעלט פאַרן שפּיגל אין צוגעקוועטשט דאָס העמד אויף די ברוסטן, כּדי אירע פאָרמען זאָלן בולטער אויסזען. דער איינפאַל, וועלכער פלעגט איר אַמאָל פלוצליגג אין קאָפּ אַריין קומען, האָט זי דאָס איצטיקע מאָל מער באַרויִקט ווי ווען עס איז.

— פאַרוואָס — האָט זי געקלערט — ווערט מען עפעס געבויט מיט אַ קאָפּ, הענט, פיס, ברוסטן און אַ בויך? פאַרוואָס עפעס פונקט אַזוי און נישט אַנדערש? דאָס איז וואונדערלעך!

און דאָס געשטאַלט פון מענש האָט זיך איר אויסגעוויזן קאָמיש און וואונדערלעך. איר פאַרוואונדערונג איז אָבער גיך

פאַרשוואונדן און וואָס מער זי האָט זיך צוגעקוקט צו זיך, אַלץ מער האָט זי זיך אָנגעהויבן אַליין צו געפעלן. זי האָט ליב גע־קריגן איר קערפער און האָט אויפגעדעקט אירע ברוסטן. מיט דער האנט האָט זי זיי איידל אָנגענומען און איינגעקוקט זיך אין זיי אין שפּיגל מיט געפיל, ווי זיי האָלטן נישט געווען קיין קלייגער טייל פון איר קערפּער, נאָר איר אייגנטום, ווי זיי וואָלטן געווען צוויי באַזונדערע לעבעדיקע וועזנס, ווי זיי וואָלטן געווען צוויי קליינע טייבעלעך.

זי האָט זיך שמייכלענדיק צו זיי צוריקגעלייגט, און אויפ־כאַפּנדיק זיך שפּעט, האָט זי אין פאַרלויף פון אַ מינוט אַרומגע־כאַפּט א געפיל פון דערשטוינונג צוליב דעם, וואָס זי ליגט אַליין, ווייל טיילמאָל פלעגט זיך איר אין שלאָף חלומען, אַז זי האָט זיך צעטיילט אויף צווייען, און דערפילנדיק איר אייגענעם קערפּער האָט זיך איר געדאַכט, אַז עפּעס אַ פרוי צערטלט זי אַזוי.

# XIX

די גענעראַל־פּרובע פון „קראַטי“ איז באַשטימט געוואָרן אויף צוויי אַ זייגער נאָכמיטאָג. אַרום איינס אַ זייגער איז שוין דאָקטאָר טרובלעט געזעסן אין באַנטיילס גאַרדעראָבע אויף זיין געוויינטלעכן אָרט.

פעליציע, וואָס האָט זיך איצט אינגאַנצן געפונען אין פרוימיכאָנס פלינקע הענט, האָט פאָרגעוואָרפן דעם דאָקטאָר, פאַרוואָס ער רעדט נישט מיט איר. אין אמתן אָבער האָט זי, זייענדיק אינגאַנצן דורכגעדרונגען מיט דער ראָלע, וואָס זי האָט געדאַרפט צו שפילן, אים גאָרנישט געהערט. זי האָט אפילו געהאַט אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל צו איר אין גאַרדעראָבע אַריין קיינעם נישט אַריינלאָזן, פונדעסטוועגן האָט זי אָבער גערן אויפגענומען קאָנסטאַנטי מאַרקן, מיט וועמען זי פלעגט זיך לעצטנס ליבן קעגנזייטיק.

דער אויטאָר איז געווען זייער גערירט. וועלנדיק באַהאַלטן אין זיך זיין אומרויִקייט, אַז קיינער זאָל עס נישט דערקענען, האָט ער אָנגעהויבן דערציילן וועגן זיינע וועלדער אין וויוואַריס, וועגן זיינע געיעגן און וועגן פויערן. ער האָט אָבער גאָרנישט געענדיקט.

— איך האָב איצט אַ טרעמאַ — האָט זיך נאַנטייל אָנגע־רופן — און איר, הער מאַרק, צי קווטשט אייך גאָרנישט אין מאָגן?

ער האָט זיך גאָרנישט געוואָלט מודה זיין, אַז ער זאָל זיין אַ ביסל אומרויק. פעליציע איז אָבער צוגעשטאַנען צו אים:

— זייט מודה, אַז איר קוקט אויס די מינוט, עס זאָל שוין נעמען אַן עק.

— אויב עס גייט אייך אַזוי שטאַרק אין דעם, נו מילא זאָל זיין, אַז איך קוק טאַקע אויס די מינוט, עס זאָל שוין זיין נאָך אַלעמען.

— צי רעכנט איר נישט — האָט אים דאָקטאָר סאָקראַטעס אַ פרעג געטאָן — אַז דאָס, וואָס מען דאַרף ערשט טאָן, איז שוין לאַנג אָפּגעטאָן געוואָרן, איז נאָך מיט הונדערטער יאָרן צוריק אָפּגעטאָן געוואָרן?

און נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער האָט ער צוגעגעבן:

— אויב די לעבנס־דערשיינונגען קריגן זיך אַריין אין אונזער באַוואוסטזיין לויט אַ רייע, דאַרפן מיר נאָך נישט דערפון קיין באַשלוס ציען, אַז זיי בלייבן אין דער ווירקלעכקייט צווישן זיך אין אַ געוויסן סדר. נאָך ווייניקער זענען מיר באַרעכטיקט אָנצונעמען, אַז זיי ווערן געשאַפן אין דעם זעלבן מאָמענט, ווען מיר נעמען זיי אויף.

— דאָס איז גאַנץ פאַרשטענדלעך — האָט מאַרק אָפּגע־ענטפערט, כאָטש ער האָט גאָרנישט געהערט.

— די אַלוועלטלעכקייט — האָט דאָקטאָר סאָקראַטעס פאַר־געזעצט — איז לויט ווי אונז דאַכט זיך, נישט קיין פולקאָמע, און מיר פאַנטאַזירן, אַז זי ענדיקט זיך כסדר. און ווי פאַרשי־דענע דערשיינונגען קומען אַריין אין אונזער באַוואוסטזיין מיט אַ סדר, דאַכט זיך אונז אַלץ, אַז זיי קומען אין אמתן פאָר מיט אַ סדר איינס נאָכן צווייטן. מיר שטעלן זיך פאָר, אַז דאָס וואָס מיר זען שוין מער נישט, איז געוויס שוין לאַנג פאַריבער, און דאָס ווי־

דער, וואָס מיר זען נאָך נישט, דאַרף ערשט אָנהייבן עקזיסטירן. פונדעסטוועגן קאָן מען זיך פאָרשטעלן אַזעלכע וועזנס, וואָס זענען קאָנסטרויִרט אויף אַזאַ אופן, אַז זיי נעמען אַרום אונזער פאַרגאַנגענהייט גלייכצייטיק מיט אונזער צוקונפט. מען קאָן זיך ווידער פאָרשטעלן אַזעלכע וועזנס, וואָס אַנטהאַלטן אין זיך דערשיינונגען מיט אַ פאַרקערטן סדר, אַזעלכע, וועלכע אַנטוויקלען זיך פון אונזער צוקונפט צו אונזער פאַרגאַנגגהייט. די חיות, וואָס רעגירן אויפן שטח אַנדערש, ווי מיר, און וועלכע זענען צום ביישפיל אומשטאַנד צו באַוועגן זיך מיט אַ גרעסערער שנעלקייט, ווי דאָס ליכט, וואָלטן זיך אַ גאַנץ אַנדערן באַגריף אויסגעאַרבעט וועגן דעם סדר פון די דערשיינונגען, ווי מיר.

— דורוויל זאָל מיך נאָר נישט אויפרעגן היינט אויף דער סצענע — האָט באַנטייל הויך אַ זאָג געטון, אין דעם זעלבן מאָמענט, וואָס פרוי מיכאָן האָט איר אַרויפגעצויגן די זאָקן אונטערן קלייד.

מאַרק האָט זי פאַרזיכערט, אַז דורוויל טראַכט אפילו גאָרנישט וועגן דעם, און האָט זי געבעטן, אַז זי זאָל זיך באַרויִקן.

און דאָקטאָר סאָקראַטעס האָט ווייטער פאָרגעזעצט זיינע באַווייזן:

— מיר אַליין, ווען מיר קוקן זיך צו אין אַ העלער נאַכט צו אַ שטערן, וואָס באַוועגט זיך הין און צוריק הויך איבער די ביימער־שפּיצן, זען מיר אין דער זעלבער צייט דאָס, וואָס איז שוין לאַנג געווען, דאָס, וואָס עס איז איצט און אויך דאָס, וואָס עס וועט זיין, ווייל מען מוז דאָך פאַרשטיין, אַז אויב דער שטערן, אַזוי ווי מיר זען אים איצט, הייסט די פאַרגאַנגענהייט אין באַציִונג צום בוים, איז ווידער דער בוים די צוקונפט אין באַציִונג צום שטערן. אָבער נישט קוקנדיק אויף דעם, עקזיסטירן פאַר אונז אין דער זעלבער צייט, צוזאַמען מיט דעם שטערן, וועלכער באַווייזט זיך צו אונז פון גאָר ווייט מיט זיין קליינעם פייערדיקן פנימל, נישט בלויז מיט זיין איצטיקן אויסזען, נאָר אויך מיט זיין אויסזען פון נאָך איידער מיר זענען געבוירן געוואָרן — אויך די

ביימער, ווינמענס קלייניטשקע בלעטעלעך עס ציטערן אין דער קילקייט פון ביינאַכט, וואָס זענען פאַראייניקט מיט אונז אין דעם זעלבן מאָמענט. מיר זאָגן שטענדיק וועגן אַ געוויסער זאַך, אַז זי קומט פאָר אין דער קעגנוואַרט, אויב מיר באַמערקן זי געגוי, מיר זאָגן ווידער אויף דער זאַך, אַז זי איז פאָרגעקומען אין דער פאַרגאַנגענהייט, אויב עס איז אונז געבליבן פון איר בלויז אַן אומקלאָר בילד. נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס אַ געוויסע זאַך איז נאָך אָפּגעטון געוואָרן מיט מיליאָנען יאָרן צוריק, פונדעסטוועגן, אויב זי רופט אַרויס אין אונז איצט אַ שטאַרקן איינדרוק, וועט זי שוין נישט הייסן אַ זאַך פון דער פאַרגאַנגענהייט, נאָר פון דער קעגנוואַרט. דער סדר, לויט וועלכן די זאַכן קוילערן זיך אַראָפּ אין די אָפּגרונטן פון דער אַלוועלטלעכקייט, איז אונז איינגאַנצן אומבאַקאַנט. דער בלויזער סדר פון אונזערע באַבאַכטונגען איז אונז באַקאַנט. רעכענען, אַז די צוקונפט עקסזיסטירט פאַר אונז נישט, ווייל זי איז אונז אומבאַקאַנט. וואָלט גע־הייס; דאָס זעלבע, ווי מען זאָל זאָגן אויף אַ געוויס ביכל, אַז עס איז נאָך נישט געענדיקט, דערפאַר, ווייל מיר האָבן עס נאָך נישט געענדיקט לייענען.

דאָ האָט דער דאָקטאָר אויפגעהערט אַ מאָמענט רעדן, און נאָענטייל האָט אין דער שטילקייט דערהערט, ווי דאָס האַרץ קלאַפּט איר.

— רעדט ווייטער, מיין גוטער און טייער סאָקראַטעסל — האָט זי הויך זיך אָנגערופן — רעדט ווייטער! ווען איר זאָלט וויסן, ווי גוט אייער רעדן ווירקט אויף מיר! איר מיינט זיכער, אַז איך ווייס גאָרנישט, וואָס איר רעדט, טאַקע אָבער דאָס, וואָס איר רעדט וועגן ווייטע זאַכן, ווײלט מיין געדאַנק און דערלויבט מיר צו פילן, אַז עס עקזיסטירן אויף דער וועלט אויך אַנדערע זאַכן, אויסער מיין אַרויסטרעטן אויף דער סצענע. גלייכצייטיק האַלט עס מיך אָפּ פון אַריינפאַלן אין דעם שוואַרצן אָפּגרונט... רעדט ווייטער, וואָס עס קומט אייך נאָר אויף דער צונג, און הערט קיינמאָל נישט אויף צו רעדן...

דער דורכגעטריבענער סאָקראַטעס, וועלכער האָט פאָרויסגי

זען דעם גוטן איינפלוס, וואָס זיינע ווערטער וועלן מאַכן אויף פּעליציען, האָט ווייטער גערעדט:

די אַלוועלטלעכקייט לאָזט זיך קאָנסטרויִרן אויף פּונקט אַזאַ אופן און אַזוי אומפּאַרענדערלעך, ווי דער דרייעק, אין וועלכן מיר געפינען איין זייט מיט צוויי ווינקלען. די צוקונפטיקע זאַכן זענען שוין פון לאַנג אָנגעצייכנט און דערפאַר הייסן זיי שוין אָפּגעטון. זיי עקזיסטירן, זיי עקזיסטירן אַזוי ווייט, אַז אַ געוויסער טייל פון זיי איז אונדז שוין באַקאַנט. און נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס דער קלײנער טייל איז גענוג קליין מיט דער געוואַלטיקער גרויסקייט פון דער זאַך, איז ער אָבער גענוג גרויס אין באַצוג צו דער טייל פון דער אָפּגעטוענער זאַך, וועלכע איז אונדז שוין באַקאַנט. מיר קענען גאַנץ דרייסט זאָגן, אַז די צוקונפט איז פאַר אונדז נישט קיין סך טונקעלער, ווי די פאַרגאַנגענהייט. מיר ווייסן, אַז דורות וועלן אַרבעטן, פרייען זיך און אויך ליידן צרות. מיין בליק דערגרייכט אָבער אַריבער די גרענעצן פון דער עקזיסטענץ פונם מענטשלעכן געשלעכט. איך זע, ווי עס שפּאַנט זיך אויס דער גאָר אַלטער וואָגן פון הונדערטער דורות צוריק, ווי עס ווערט צעבראָכן אָריאָנס פּאַנצער, ווי סיריוש ווערט פאַרלאָשן. מיר ווייסן, אַז די זון וועט מאָרגן אויפשיינען און אַז נאָך לאַנגע צייטן וועט זי יעדן פרימאָרגן אויפשיינען צונויפגעמישט מיט אַ געדיכטן נעפּל אָדער מיט אַ לייכטן דאַמף.

אַדאָלף מיינער איז שטיל אַריינגעקומען אויף די שפּיץ פינגער.

דער דאָקטאָר האָט אים געדריקט די האַנט.

— גוט מאָרגן, הער מיינער. מיר זען די נייע לבנה פונם צוקונפטיקן חודש. מיר זען זי נישט אַזוי דייטלעך, ווי די לבנה פון דער היינטיקער נאַכט, ווייל מיר ווייסן נישט צי זי וועט זיך באַווייזן אויף אַ גרויען פלאַך פון הימל אָדער גאָר אויף אַ רויטן. ווען מיר וואָלטן אָבער אומשטאַנד געווען גענוי פאָרויס צו זען אַלע קלענסטע אומשטענדן פון אויפשיינען פונם צוקונפטיקן חודש, וואָלטן מיר געקאָנט באַקומען אַ בילד פון דער נאַכט, וואָס דאַרף קומען, וואָס איך רעד וועגן איר מיט דער זעלבער גענויִקייט, וואָס

עגן דער היינטיקער נאַכט — ביידע נעכט וואָלטן פאַר אונז געווען גלייך אָנוועזנד. דאָס קאָנען די פאַקטן, איז די איינציקע סיבה, וואָס הייסט אונז גלויבן אין זייער רעאַליטעט. עס זענען אונז באַקאַנט געוויסע פאַקטן, וועלכע דאַרפן געשען, און דערפאַר מוזן מיר זיי אָננעמען אַלס זיכערע. קוים ווידער זענען זיי שוין זיכערע, הייסן זיי שוין פאַרווירקלעכט. דעריבער, הער מאַרק, איז גאַנץ מעגלעך, אַז אייער פיעסע שפּילט מען שוין זינט טויזנט יאָר, אָדער אפשר גאָר זינט אַ האַלבע שעה, וואָס באַדייט איינס און דאָס זעלבע. עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז מיר אַלע זענען שוין לאַנג געשטאָרבן. אויב איר וועט אַזוי טראַכטן, וועט איר קאָנען זיין רויק.

קאָנסטאַנטי מאַרק, וועלכער האָט פון די אַלע אויספירונגען געהערט אפשר איינעם פון צען און האָט נישט פאַרשטאַנען זייער באַדייטונג פונקט ווי זייער צופּאַסונג, האָט מיט אַ לייכטן בייגעדולד געענטפערט, אַז די אַלע זאַכן קאָן מען נאָך געפינען ביי באָסעטן.

— ביי באָסעטן! — האָט דער דאָקטאָר אַ געשריי געטאָן זייער אויפגערעגט — איך גאַראַנטיר אייך, אַז איר וועט דאָרט נישט געפינען קיין שום ענלעכס צו מיינע ווערטער, באָסעט האָט אין אַלגעמיין נישט פאַרמאָגט אין זיך קיין שום פילאָזאָפיע.

באַנטייל האָט זיך אויסגעדרייט צום דאָקטאָר. אויפן קאָפּ איז זי געגאַנגען אָנגעטון אַ ווייס באַטיסטן היטעלע מיט אַ הויך קיילעכדיק קעפּל, וואָס איז געווען אַרומגענומען מיט אַ ברייטער ביי־בלויער באַנד. אַ ברייטע פאַלב איז איר אַראָפּגעפאַלן אויפן שטערן און האָט געוואָרפן אַ שאָטן אויף אירע באַקן. זי האָט אויך געהאַט אויף זיך אַ טונקל רויטן פאַרוק, וואָס איז פאַרקעמט געווען אין לאָקן, וועלכע זענען איר אַראָפּגעהאָנגען ביז די אַקסלען. אויף די ברוסטן האָט זי געהאַט אַ טיולן טיכל, וואָס איז געלעגן איבערגעלייגט מיט איין עק אויפן צווייטן און איז געווען אַרומגענומען מיט אַ לילאַ־פּאַסעק. דאָס ווייסע קליידל מיט די ראָזע פּאַסן האָט זי נאָך העכער געמאַכט, ווי זי איז אין אמתן געווען. זי האָט אויסגעזען ווי אַ פאַרחלומטע פיגור.

— דעלאַזש — האָט זי געזאָגט — טוט איך אָפּ פאַרשיי־דענע שפּיצלעך. איר ווייסט, וואָס ער האָט געטון מאַריאַ קלאַרען? זיי האָבן צוזאַמען געשפּילט אין „פּעמעס סעוואַנטעס". ווען זיי זענען געווען אויף דער סצענע, האָט ער איר אַריינגעלייגט אין דער האַנט אַן איי. זי האָט עס נישט געקאָנט פּטרן ביזן סוף פונם אַקט.

דער טעאַטער־אויפזעער האָט זי גערופן אויף דער סצענע. זי איז אַרויפגעגאַנגען אונטן, און קאָנסטאַנטי מאַרק איז איר נאָכ־געגאַנגען. זיי האָבן געהערט דאָס גערויש פונם זאַל, און עס האָט זיך זיי אויסגעוויזן, אַז זיי גייען אַריין אין אַ פּיסק פון אַ געהיימנישפולער חיה, וואָס איז אינגאַנצן פלאַם־פייער.

„קראַזי" איז גוט אויפגענומען געוואָרן צוליב דעם, וואָס זי איז געשטעלט געוואָרן שוין אין סוף סעזאָן. אָן דער מינדס־טער האָפנונג, אַז זי זאָל לאַנג געשפּילט ווערן, האָט זי זיך דער־וואָרבן חסד ביי אַלע.ביים ערשטן אַקט האָט מען באַלד דער־פילט סטיל און פּאָעזיע. אויף עטלעכע ערטער האָט מען אפילו געפילט געוויסע אומקלאָרקייטן. קיין גרויסן איינדרוק האָט עס אָבער נישט געמאַכט. פון דעם מאָמענט אָן האָט מען שוין אָנ־געהויבן די פּיעסע צו אַכטן, מען האָט אָנגעהויבן צו מאַכן דעם אָנשטעל, אַז זי געפעלט זייער, מען האָט זיך אָנגעהויבן אפילו מי צוגעבן זי צו פאַרשטיין. מען האָט איר איך מוחל געווען דאָס, וואָס עס האָט אין איר געפעלט דער דראַמאַטישער נערוו. זי איז געווען אַ זאַך, וואָס איז דורך־און־דורך געווען ליטעראַריש, און דאָס איצטיקע מאָל האָט מען דווקא איינגעשטימט אויף דעם מין פּיעסן.

קאָנסטאַנטי מאַרק האָט נאָך קיינעם אין פּאַריז נישט גע־קאָנט. ער האָט מיטגעבראַכט אין טעאַטער אַריין אַ דריי־פיר באַלעבאָסטעס פון וויוואַריס, וועלכע זענען געזעסן אין דער ערש־טער רייע מיט זייערע רויטע געזיכטער און אָנגעטון אין ווייסע קראַוואַטן. זיי האָבן ברייט געעפנט די דערשטוינטע אויגן און האָבן נישט געהאַט אין זיך קיין מוט צו אַפּלאָדירן ווען עס איז פון די שוישפילערס. צוליב דעם, וואָס ער האָט נישט געהאַט

קיין גוטע קאָלעגן, איז טאַקע נישט געווען, ווער עס זאָל שאָדן ברענגען אָדער שטערן, אַפילו אין די שמועסן, וואָס זענען פאָרגעקומען אין די קולואַרן פונם טעאַטער, האָט מען אים אין פאַרגלייך מיט אַנדערע אויטאָרן אויך געהאַלטן פאַר אַ מענטש מיט טאַלאַנט. און אויפגערעגטער האָט ער זיך אַרומגעשלעפּט פון איין גאַרדעראָבע אין דער צווייטער אַריין און האָט זיך נאָכדעם באַהאַלטן אין דירעקטאָרס לאָזשע. אַזוי מורא האָט ער געהאַט פאַר דער קריטיק.

— איר מעגט זיין רויק — האָט צו אים אַ זאָג געטון ראַמילי — וועגן אייער פיעסע. צי זי איז גוט אָדער שלעכט, וועט אַנטשליסן דאָס, ווי אַזוי מען טראַכט וועגן פּראַדעלן. טראַכט מען וועגן אים גוטס, וועט מען אויף איר זאָגן, אַז זי איז גוט, פאַרקערט ווידער, קוים טראַכט מען וועגן אים שלעכטס, וועט מען אויף איר זאָגן, אַז זי איז שלעכט. אין איצטיקן מאָמענט אָבער טראַכט מען וועגן אים מער שלעכטס, ווי גוטס.

אַדאָלף מיינער האָט אים דערציילט מיט אַ שמייכעלע, אַז דער זאָל איז זייער גוט געשטימט, און די קריטיקער געפינען איין, אַז די פיעסע איז זייער גוט אָנגעשריבן. ער האָט געוואַרט אַ פאָר מינוט, ער זאָל אים אויך זאָגן אַ פאָר גוטע ווערטער וועגן זיין פיעסע „פאַנדאָלף און קלאַרימאָנד“. מאַרקן איז דאָס אָבער נישט געקראָכן אין קאָפּ אַריין.

— מען דאַרף זיין צוגעגרייט צו האָבן אומאָנגענעמלעכקייטן — האָט ראַמילי זיך אַריינגעמישט.

— הער מיינער ווייסט שוין וועגן דעם. די פרעסע איז אין איר באַציִונג צו אים געווען אויסטערליש אומגערעכט.

— נום באַדויערן! — האָט מיינער אַ זיפץ געטון — פונדעסטוועגן ווערט מען וועגן אונז קיינמאָל אַזוי פיל שלעכטס נישט רעדן, וויפיל מען האָט גערעדט וועגן שעקספּירן און מאָליערן.

באַנטייל האָט געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג, וועלכער האָט זיך אַרויסגעוויזן, נישט אַזוי דורך די רוישנדע אַפּלאָדיסמענטן און אַרויסרופונגען אויף בינע, ווי דורך דער דיסקרעטער און טיפער

אָנערקענונג מצד די מבינים. זי האָט ארויסגעוויזן, אַז זי פאַרמאָגט אַזעלכע מעלות, וואָס מען האָט ביי קיין אַנדערן נישט געזען: אַ ריינע אויסשפּראַך, איידלקייט אין אירע פּאָזעס, וואָס זענען געווען פּרעכטיק און פול מיט שטאָלץ.

ביים לעצטן אַנטראַקט האָט איר דער מיניסטער אַליין גליק געוואונשן אויף דער סצענע. דאָס איז שוין געווען אַ דייטלעכער באַווייז, אַז דער זאַל איז פון איר צופרידן געווען. מיניסטאָרן דריקן קיינמאָל נישט אויס קיין מיינונג, וועלכע איז דערווידער דעם פּובליקום. נאָכן הויכווירדיקן מיניסטער האָבן זיך נאָכגעשלעפּט אַ גאַנצער המון באַאַמטע, פאָרשטייער פון דער „געזעלשאַפט" און אויטאָרן פון דראַמעס, און אַלע מיט קאָמפּלימענטן. אַלע האָבן איר דערלאַנגט זייערע הענט און גלייכצייטיק אויסגעדריקט זייער אַנטציקונג. און פרוי דולק, וואָס האָט זיך געפּאַקט צווישן המון, האָט איבערגעלאָזט אויף די קנעפּ פון די מענער־אַנצוגן שטיקעלעך פון אירע ביינוולנע טאַשמעס.

דער לעצטער אַקט איז געווען נאַנטיילס טריומף. דאָס פּובליקום האָט איר איצט געשענקט עפּעס מער ווי געשרייען און טרערן. אַלע אויגן זענען איבערגעצויגן געווען מיט אַ נעפּל, וועלכער איז נישט איבערגעגאַנגען אין קיין טרערן, נאָר אין אַ טיפן און קוים הערבאַרן גערויש, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון אַלע ברוסטן, וואָס נאָר אַ ווירקלעך שייגער מאָמענט איז אומשטאַנד אַרויסצורופן.

זי האָט אַליין אויך דערפילט, אַז אין איין־איינציקער מינוט איז זי אַריבערגעוואַקסן איר ביז איצטיקער מאָס. און ווען דער פאָרהאַנג האָט זיך אַראָפּגעלאָזט, האָט זי געשעפּטשעט:

— דאָס איצטיקע מאָל האָט זיך עס מיר אין אמתן איינגעגעבן.

זי האָט זיך אויסגעטון אין דער גאַרדעראָבע, וואָס איז אָנגעשטעלט געווען מיט קוישן אָרכידעען, בוקעטן, רויזן און בינטלעך בעז. מען האָט איר אַרייַנגעברענגט אַ טעלעגראַמע. עפענענדיק זי, האָט זי דערזען, אַז זי איז פון האַאַג. אנטהאַלטן האָט זי פאָלגנדע ווערטער:

„מיטן גאַנצן האַרץ דריק איך דיר אויס מיין גליקוואונש צו דיין גרויסן דערפאָלג.

ראָבערט".

אין דעם מאָמענט, ווען זי האָט אויפגעהערט לעזן, איז אַריינגעקומען אין דער גאַרדעראָבע דער דאָקטאָר טרובלעט.

זי האָט אים פאַרוואָרפן אויפן האַלז אירע הענט, וואָס האָבן פון מידעקייט און פרייד געברענט ווי פייער, און צוציענדיק אים שטאַרק צו איר ברוסט, האָט זי אים אָפּגעפרעסט אויף זיין געזיכט, וואָס האָט אויסגעזען, ווי דאָס געזיכט פונם פאַרקלערטן סילען, אַ הייסן קוש פון אירע ברענענדע ליפּן.

סאָקראַטעס, וועלכער איז געווען אַ קלוגער יונג, האָט דעם קוש אָנגענומען ווי אַ מתּנה פון זיין גורל, וויסנדיק גאַנץ גוט, אַז ער איז נישט באַשטימט געווען פאַר אים, נאָר איז געווידמעט געווען דער ליבע און רום.

באַנטייל האָט באַכדעם אַליין באַמערקט, אַז, זייענדיק שטאַרק באַרוישט, האָט זי אין דעם קוש אַפּשר אַ ביסל צופיל פייער אַריינגעלייגט, און אויסשפּרייטנדיק אירע אָרעמס אין דער לופט, האָט זי הויך אַ זאָג געטון:

— אָ, זאָל זיין וואָס עס וויל! אָבער איך בין גליקלעך!

# XX

פסח איז אין איר לעבן געשען אַן אויסערגעוויינטלעכער פּאָרפּאַל, וואָס האָט נאָך אַ סך מער פאַרשטאַרקט איר פרייד. מען האָט זי אַנגאַזשירט אין פראַנצויזיש קאָמעדיע־טעאַטער.

שוין זייער אַ לאַנגע צייט האָט זי זיך באַמיט וועגן דעם פּאָסטן און האָט קיינעם וועגן דעם קיין וואָרט נישט דערמאָנט. די מוטער האָט איר אין דעם צוגעהאָלפן. פון דער צייט אָן, וואָס פרוי באַנטייל איז געוואָרן אַ געליבטע, איז זי זייער העפלעך געוואָרן. זי האָט אָנגעהויבן טראָגן גאָרסעטן מיט אַ שטייפן פראָנט און אַזעלכע אונטערקליידלעך, מיט וועלכע זי פלעגט זיך אומעטום קאָנען ווייזן. זי איז כסדר געגאַנגען אין די ביוראָס פון מיניסטעריום, און לויט פראַדעל האָט געזאָגט, האָט זי איינגעשטימט צו אַ געוויסער ביטע פונם וויצע־מיניסטער פון דער שייגער קונסט.

— באַנטיילס מוטער קאָן מען גאַרנישט דערקענען! — האָט פראַדעל געזאָגט, שטראַלנדיק פון פרייד — זי איז איצט געוואָרן זייער רייצנד, און איך האָב איצט מער חשק צו איר, ווי צו דער טאָכטער. זי געפינט זיך איצט אין אַ ליבלעכער שטימונג.

פעליציע פלעגט, פונקט אַזוי ווי אַנדערע, פאַראַכטן און

חוזק מאַכן פונם פראַנצויזישן קאָמעדיע־טעאַטער. זי פלע:ט דאָס זעלבע איבערחזרן ווי אַלע איבעריקע: „איך האָב נישט דעם מינדסטן חשק אַריבערצוטרעטן די שוועל פון דער בודע". ווען זי האָט זיך אָבער שוין געהאַט אַריינגעכאַפּט דאָרט אַהין, האָט זי אָנגעהויבן צו שטראַלן פאַר פרייד און איז שטאָלץ געוואָרן. איר פרייד האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט צוליב דעם, וואָס זי האָט געדאַרפט אַרויסטרעטן אין די „פרויען־שולע". זי האָט שוין טאַקע באַאַרבעט די ראָלע פון אַגניעשקאַ מיטן פּראָפעסאָר מאַקסים. ווען זי איז ביינאַכט אַרויסגעטרעטן אין דער ראָלע פון צעציליע אין דער פּיעסע „קראַטי", האָט מען איר אָפּגעגעבן אַ בריוו פון ראָבערט דע־ליני, וועלכער האָט איר מיטגעטיילט, אַז ער קומט קיין פּאַריז.

אין דער צייט, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין האַאַג, האָט ער דערוואָרבן אַ גאַנצע רייע דערפאַרונגען, וואָס האָבן אים איבערצייגט, ווי שטאַרק זיין ליבע איז צו פעליציען. ער האָט דאָרט געלעבט מיט פרויען, וועלכע זענען אָנגעגאַנגען אַלס שיינע און ליבלעכע, פונדעסטוועגן האָט ער נישט געפונען קיין אמתן וואוילטאָג און קיין פולקאָמע צופרידנהייט ביי זייער זייט. עס האָבן אים נישט געקאָנט צופרידנשטעלן, נישט די פרישע און גרויסע פרוי באָום דערנאַט פון בריסל, נישט די שוועסטערן פאָן קרישן, וואָס זענען געווען מאָדיסטינס אין וויווער און אויך נישט זוזאַנאַ בערגער פון פאַליעס־מאַריני, וועלכע האָט דאַמאָלס געמאַכט אַ רייזע איבער אייראָפּע. זייענדיק לעבן זיי, האָט ער אַלץ געבענקט נאָך פעליציען און האָט זיך איבערצייגט, אַז פון די אַלע פרויען באַגערט ער נאָר פעליציען. אָן פרוי באָום דענאַרט, אָן די שוועסטערן קרישן און אָן זוזאַנאַ בערגער, וואָלט ער זיך קיינמאָל נישט געקאָנט איבערצייגן, וואָס פעליציע באַטייל איז פאַר אים. אויב מען זאָל וועלן באַטראַכטן די זאַך, ווי זי האָט אויסגעזען, קאָן מען זאָגן, אַז ער האָט זי פאַראַטן, און די בעסטע באַצייכנונג דערפאַר איז: עס זענען אויך דאָ אַנדערע פרויען, וואָס באַדייטן דאָס זעלבע, וואָס נאַטייל, פונדעסטוועגן קאָן מען זיי ווייניקער באַנוצן. ווען מען זאָל זיך אָבער צוקוקן צו דער זאַך אַ ביסל בענטער — האָט

ע־ זי אין אמתן נישט פאַראַש. ער האָט זי בלויז געזוכט אויך ערגעץ אַנדערש, וואו זי געפינט זיך גאָרנישט, און געוואָלט זי געפינען אויסער אין איר אַליין, און איז גיך געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז אויסער אין איר זעלבסט, וועט ער זי ערגעץ אַנדערש נישט געפינען. דער פאַרשטאַנד, וועלכער איז איבעריקנס דאָ נישט אינגאַנצן נייטיק געווען, האָט אים געהייסן זיך שרעקן, צוליב דעם, וואָס ער קאָן זי פאַרלירן. דער זעלבער פאַרשטאַנד האָט אים אויך געבערענגט דערצו, אַז ער האָט אַנגעהויבן בייז ווערן צוליב דעם, וואָס ער מוז איצט אַלע זיינע פאַרלאַנגען קאָנצענטרירן אויף דעם איין און איינציקן, אַזוי שוואַכן און פאַרגענגלעכן באַשעפענישל. דעריבער טאַקע האָט ער איצט פעליציען נאָך מער ליב בעקריגן, ווייל זיין איצטיקע ליבע, איז געווען געמישט מיט אַ ביסל ביי..קייט און פיינטשאַפט.

באַלד אינם זעלבן טאָג, ווען ער איז געקומען צו פאָרן, האָט ער איר באַשטימט אַ ראַנדע-וואו אין אַ צימער, וואָס ער האָט גענומען אויף עטלעכע שעה ביי זיינס אַ רייכן קאָלעגע פונם אויסערן-מיניסטעריום. געווען איז עס אויף דער אַלמאַ-גאַס אין פאַרטער פון אַ שיין הייזל, און באַשטאַנען איז עס פון צוויי קליינע צימערלעך, וועלכע זענען אויסגעקלעבט געווען מיט געבלומטע טאַפעטן. דאָס העל גרינע מעבל „מאָדערן" איז באַצירט געווען מיט בלומען אין אַ שיינעם סטיל. דער גרויסער שפיגל, וואָס איז אַ ביסל אויסגעבויגן געווען, איז פאַרזעצט געווען אין אַ רעם מיט געשניצטע שלאַנקע ציבעלעס-פלאַנצונגען, וועמענס פאַרמאַכטע קעליכן עס האָבן צוגעגעבן דעם שפיגל-טאָוול אַ פרישקייט פון וואַסער.

אַ ווייסע בערן-פעל איז געלעגן אויסגעשפרייט פאַר דעם שפיגל.

— דאָס ביסטו! אַך, ווי גוט!

מער האָט זי נישט געקאָנט אַרויסרעדן.

זי האָט געזען זיינע בלישטשענדיקע אַפלען און זיינע ברייט-געעפנטע אויגן, וואָס האָבן זי איצט באַגערט, און וואָס מער זי האָט אויף אים געקוקט, אַלץ מער זענען אירע אויגן פאַרצויגן געוואָרן מיט אַ נעפל, וואָס איז אַלץ געדיכטער געוואָרן. דאָס סובּ-

טעלע פייער פון איר בלוט, דער פלאם פון איר שויס, דאס היציקע אטעמען פון אירע ברוסטן, דאס פלאם-פייער פון אירע באקן — דאס אלץ האט זיך צוזאמענגענומען אויף אירע ליפן, און זי האט אפגעפרעסט אויף איר געליבטנס ליפן א פלאמענדיקן קוש, וועלכער האט דייטלעך אויסגעדריקט איר גאנצע ליידנשאפט און איז גלייכצייטיק געווען פריש, ווי א בוים, וואס איז אויסגעבאדן געווארן אין טוי.

— האסטו נאך מיר געבענקט, ראבערט?

— טרעטסטו היינט גאר ארויס אינם קאמעדיע-טעאטער?

— איז האאג א שיינע שטאט?

— יא, געוויס. עס איז א קליין און רויק שטעטל. עס איז שיין מיט אירע רויטע, גרויע און געלע הייזער, וואס זענען באהאנגען מיט גרינע לאדנס און באשטעלט מיט בלומען-טעפ אין די פענסטער.

— וואס-זשע האסטו דארט געטון?

— קיין שום אינטערעסאנטעס... איך האב דארט שפאצירט ארום דער וויוועך.

— האסטו דיך כאטש נישט ארומגעשלעפט מיט קיין פרויען?

— אבער ניין... אך, ווי שיין דו ביסט! ביסטו שוין איצט געזונט?

— יא, יא, געזונט?

— ראבערט, — האט זי א זאג געטון מיט א געבעט-שטימע — איך האב דיך ליב! — פארלאז מיך נישט. ווען דו זאלסט מיך פארלאזן, וואלט איך שוין קיינעם נישט געהאט, און וואס וואלט אזוי ארום פון מיר געווארן? גלייב מיר, אז איך קאן נישט לעבן אן ליבע.

ער האט איר אפגעענטפערט שטארק, שוין אפשר א ביסל צו שארף, אז ער האט זי נאך צופיל ליב, און אז ער קלערט באר שטענדיק וועגן איר.

— איך ווער אזש משוגע דערפון.

זיין איצטיקע שארף רעדן האט זי שטארק אנטציקט און פיל

מער באַרויקט, ווי די שבועות און הבטחות. זי האָט אַ שמייכל געטון און אָנגעהויבן זיך אויסטון.

— ווען טרעטסטו אַרויס אינם קאָמעדיע־טעאַטער?

— דעם חודש.

זי האָט אויפגעעפנט איר בייטל און צוזאַמען מיט איר פּודער־שעכטעלע אַרויסגענומען פון דאָרט איר ראָלע און זי דערלאַנגט ראָבערטן. דאָס באַשריבענע פּאַפּיר האָט דערוועקט אין איר אַן אומגעהייערע אַנטציקונג. עס האָט געהאַט אויף זיך דעם עמבלעם פונם קאָמעדיע־טעאַטער און דערלעבן די דאַטע פון זיין גרינדונג.

— זעסט, איך טרעט אַרויס אין דער ראָלע פון אַגניעשקאַ אין „די פרויען־שולע".

— אַ שיינע ראָלע?

— אוודאי איז זי שיין!

און אויסטוענדיק זיך, האָט זי אָנגעהויבן שעפּטשען די סטראָפן, וואָס זענען איר אַרויפגעקומען אויף די ליפּן.

„איך האָב געזאָלט ווערן פאַרוואונדן, פרעג איך פאַרוואונדערט?

„יאָ, דו האָסט פאַרוואונדעט, צו שטאַרק האָסטו פאַרוואונדעט, געליבטע,

„דעם הער, וואָס האָסט געכטן געזען, ווען ביסט געזעסן אויפן באַלקאָן.

— איך פרעג: וואָס האָט אייגנטלעך געקאָנט זיין די סיבה פון דעם גליק?

„אפשר האָב איך נישט ווילנדיק אויף אים פאַלן געלאָזט עפּעס?

— זעסט, ראָבערט, איך בין נישט אָפּגעצערט געוואָרן...

„— ניין, האָט זי געזאָגט, דיינע אויגן האָבן אַרויסגערופן די ליידן,

„און דאָס גאַנצע שלעכטס נעמט זיך פון דיינע בליקן.

— איך בין אַ ביסל גרעבער געוואָרן, דאַכט זיך, אמת?

„אַ גאָט! האָב איך אַ געשריי געטון, דו נעמסט מיך אַדורך־
מיט שרעק?
„צי האָב איך אַזאַ שלעכטס אין די אויגן, וואָס איך קאָן
אַזוי פיל שאָדן ברענגען?

ראָבערט האָט זיך צוגעהערט צו די סטראָפן מיט פאַרגע־
ניגן. ער איז אפשר נישט געווען געבילדעטער און אָנגעלעזענער
אין דער עלטער, קלאַסישער פראַנצויזישער ליטעראַטור, ווי די
גאַנצע יוגנט פון זיין צייט, ער האָט אָבער פאַרמאָגט אין זיך אַן
אויסגעאַרבעטן אַרטיסטישן געשמאַק און אַ לעבהאַפטע פאַראינטע־
רעסירונג, און ער האָט ליב געהאַט מאַליערן, ווי אַלע פראַנצויזן,
און דערצו נאָך האָט ער אים געפילט און פאַרשטאַנען.

— דאָס איז זייער וואונדערבאַר! — האָט ער אַ זאָג גע־
טון — און איצט קום אַהער!

מיט אַ באַוועגונג, וועלכע איז פול געווען מיט רויקן פראַכט
האָט זי אַראָפּגעצויגן פון זיך דאָס העמדל. אָבער דער איינגע־
בוירענער אַקטיאָרישער חוש און דער ווילן, אַז ער זאָל נאָך מער
חשק קריגן צו איר, האָבן זי געהייסן אָנהייבן אַגניעשקאַס דער־
ציילונג:

„איך בין מיר געזעסן און גענייט אויפן באַלקאָן.
„האָב איך דערזען, אַז עס גייט דאָרט אויף יענער זייט
„אַ זייער שיינער הער, וועלכער האָט זיך מיט מיין בליק...

ער האָט זי צוגערופן און צו זיך צוגעצויגן. זי האָט זיך
אים אַרויסגעגליטשט פון אונטער דער האַנט, און צוקומענדיק צום
שפּיגל, האָט זי זיך אָפּגעשטעלט און ווייטער דעקלאַמירט:
„באַגעגנט. מיט אַ טיפן נייג באַגריסט ער מיך.

זי האָט איינגעבויגן אירע קניען, פריער ווייניק, נאָכדעם
מער, דעם לינקן פוס האָט זי אַרויסגערוקט פאָרויס, און אַרונ־
טערוואַרפנדיק דעם אויסגעגלייכטן רעכטן פוס אַהינטער, האָט זי
זיך טיף פאַרנייגט.

„איך, וועלנדיק אים ווייזן, אַז די וועלטלעכע מנהגים
זענען מיר נישט פרעמד,

„האָב איך אים גלייך אָפּגעענטפערט מיט אַקעגנזייטיקן
נייג.

ער האָט זי אָנגעהויבן צורופן צו זיך שטאַרקער, זי אָבער
האָט זיך פאַר אים פאַרנייגט צום צווייטן מאָל און האָט אַזוי ווייַ-
טער פאַרגעשטעלט, נישט אַדורכלאָזנדיק אַפילו קיין איין נייג,
וואָס איז אָנגעוויזן דורכן טעקסט:

„דאַן זע איך, אַז ער איילט מיט אַ צווייטן נייג,
„שיק איך אים באַלד פונדערווייטנס אויך אַ הכנעהדיקן
נייג;
„און ווען ער נייגט זיך ווידער, צום דריטן מאָל,
„באַקומט ער פון מיר אויך אַ נייג אומגעזוימט צום דריטן
מאָל.

זי האָט געשפּילט גאַנץ ערנסט און זאָרגפעלטיק איר ראָלע.
אירע פּאָזעס, וועלכע זענען מינוטנווייז נישט גאַנץ בולט געווען,
ווייל עס האָט איר דאָך צום אונטערשטרייכן די פאַרשידענע
עפעקטן געפעלט אַ קלייד, זענען פונדעסטוועגן שיין און אינטע-
רעסאַנט געווען. זיי האָבן גאַנץ דייטלעך געוויזן, אַז אין דעם
יונגן קערפּער, אונטער דער ווייכער איבערציונג, געפינען זיך
האַרטע מוסקולן, וועלכע רופן ביי יעדער באַוועגונג אַרויס די
האַרמאָניע, וואָס איז ביי געוויסע באַדינגונגען פאַר דעם אויג
נישט צוגעגלייך.

צופּאַסנדיק איר באַקעטקייט צו דער אָנשטענדיקייט פון די
פּאָזעס און צו דער אומשולדיקייט פונם אויסדרוק האָט זי איצט
געשאַפן אַ מייסטער-ווערק, אַן אַלעגאָריע פון דער אומשולד
אין דעם סטיל פון „אַלעגריין" אָדער „קלאָדיאָן".

אין מויל פון דער לעבעדיקער לאַלקע האָבן איצט אָפּגע-
קלונגען די סטראָפן מיט וואונדערבאַרער ריינקייט. זייענדיק פון
איר דעקלאַמירן אַנטציקט, האָט זי ראָבערט, נישט קוקנדיק אויף
זיין שטאַרקער ליידנשאַפט, געלאָזט ענדיקן. אַ מערסטן האָט אים
געוויילט דאָס, וואָס אַזאַ עפנטלעכע זאַך — אַ טעאַטער-סצענע —
האָט זיך אים איצט פאָרגעשטעלט אַזוי געהיימניספול.

אָבסערווירנדיק די צערעמאָניעלע באַוועגונגען פון דעם יונגען

מײדל, האָט ער געפילט אַ פילאָזאָפישע צופרידנקײט, ערקונדיקנ־
דיק זיך איצט אויף וואָס פאַר אַן אופן מען באַקומט אַן אויס־
צײכנונג אין דער העכערער געזעלשאַפט.

„ער גײט, מײדט אויס, קערט זיך אום, און שטעלט זיך
װידער אָפּ,

„און יעדעס מאָל גיט ער זיך װידער פאַר מיר אַ נויג.

„איך אָבער, נישט אַראָפּלאָזנדיק פון אים קײן אויג אפילו
אויף אײן מינוט,

„בין איך מיט קײן אײן בויג נישט געבליבן הינטערשטעליק.

זי האָט אין שפּיגל באַוואונדערט די קוים אַנטוויקלטע
וואָרצלען פון אירע ברוסטן, איר בויגעוודיקע טאַליע, די אַ ביסל
מאָגערע, אָבער קײלעכדיקע אָרעמס, אירע שלאַנקע פיס, אירע
גלענצנדע קניען, און זעענדיק, ווי די אַלע זאַכן נעמען אויך אָנ־
טײל אינעם שפּילן, איז זי אַ ביסל אויפגערײצט געוואָרן און זיך
אַ ביסל אָנגעצונדן; די בעקלעך אירע זענען לײכט ראָזע געוואָרן.

„אַזוי, אַז װען נישט די פינסטערניש, וואָס איז צוגעפאַלן
צוגלײך מיט דער נאַכט,

„וואָלט איך זיכער געװען שטענדיק אַזוי אויפן באַלקאָן
געשטאַנען.

„וויל איך האָב נישט געוואָלט אַוועקגײן די ערשטע,
און דערלאָזן דערצו,

„אַז איך זאָל מיך װײניקער חײזן פון אים...

— נו, איצט קום שוין אַהער — האָט ער גערופן פון בעט
אַרויס, וואו ער האָט זיך מיט אומגעדולד אויסגעצויגן.

— און איך, מײנסטו, האָב דיך נישט ליב! — האָט זי צע־
רײצט הויך אַ זאָג געטון און האָט זיך אינגאַנצן פאַרדרײטלט.

זי האָט זיך לעבן אים אויסגעצויגן, אַ בויגעוודיקע זיך אים
איבערגעגעבן און דעם קאָפּ אַהינטערגעוואָרפן. אונטערן האַלדז
פון זײנע קושן האָט זי אירע אויגן אונטערגעגעבן, די אויגן, וואָס
זענען באַשאָטנט געװען מיט די לאַנגע ברעמען, און אויך איר
ברײט געעפנט מויל...

פלוצלינג האָט זי זיך אַ כאַפּ אויף געטון, און אַ רע פאַר־

שטאַרטע אויגן זענען פול געוואָרן מיט אַן אומבאַשרייבלעכער שרעק. פון איר האַלז האָט זיך אַרויסגעריסן אַ כאָרכלענדיק געשריי און באַלד דערנאָך אַ לאַנג דויערנדער טרויעריקער קוויטש, וואָס האָט אויסגעזען, ווי דער אָפּקלאַנג פון אַן אָרגל. אויסדרייענדיק דעם קאָפּ, האָט זי מיטן פינגער געוויזן אויפן ווייסן פוטער, וואָס איז געלעגן אונטערן בעט:

— דאָרט! דאָרט ליגט ער מיט אַן אַדורכגעשאָסענעם קאָפּ...

ער קוקט אויף מיר אַזוי לאַכט, און דאָס בלוט רינט אים פון די מויל-ווינקעלעך.

אירע ברייט-געעפנטע אויגן האָבן שרעקלעך אויסגעזען מיט זייערע ווייסלען, און איר קערפּער האָט זיך אויסגעבויגן, ווי אַ פייל-און בויגן, און ווען זי איז צום באַוואוסטזיין געקומען, איז זי אַנידערגעפאַלן, ווי אַ טויטע.

ראָבערט האָט איר באַנעצט די שלעפן מיט קאַלט וואַסער און זי צוריק צום באַוואוסטזיין געבראַכט. מיט אַ קינדערישער שטימע האָט זי זיך פאַר אים געקלאָגט, אַז זי פילט זיך איצט איבגאַנצן צוזאַמענגעבראָכן און אַלע גלידער טוען איר וויי. פּילנדיק ווי די הענט ברענען איר, האָט זי אַ קוק געטון אויף זיי און דערזען, אַז זיי זענען אַ ביסל פאַרוואונדעט און עס רינט פון זיי בלוט.

— דאָס האָבן זיך די נעגל אַזוי איינגעגעסן אין די הענט — האָט זי אַ זאָג געטון — גיב נאָר אַ קוק, וויפיל בלוט איך האָב אויף די נעגל.

זי האָט אים געדאַנקט פאַר זיין באַמיען זיך אַרום איר און האָט אים ליבלעך איבערגעבעטן, וואָס זי האָט אים פאַרשאַפט אַזאַ אומאָנגענעמלעכקייט.

— נישט אויף דעם ביסטו אַהערגעקימען, אמת?

זי האָט זיך באַמיט צו לאַכן און האָט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן.

— עס איז דאָ שיין.

איר בליק האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפן פּאַפּיר מיט דער

ראַלע, וואָס איז געלעגן אויפן נאַכט-שענקעלע און האָט אַ זיפץ געטון:

— וואָס קומט מיר אַרויס דערפון, וואָס איך בין אַ גרויסע אַרטיסטין, אַז איך בין נישט גליקלעך.

לאַנגזאַם האָט זי איבערגעחזרט וואָרט ביי וואָרט אַלץ, וואָס שעוואַליער האָט איר געזאָגט, ווען זי האָט אים פון זיך אָפּגעשטויסן.

דערנאָך, אויפהייבנדיק דעם נאָך-שווערן קאָפּ פונם קושן, אויף וועלכן עס איז געבליבן אַ גרויסע איינטיפונג, אַ צייכן פון איר ליגן, האָט זי געוועגדט אירע טרויעריקע אויגן צום געליבטן און מיט יאוש אַ זאָג געטון:

— מיר האָבן זיך זייער ליב געהאַט! אַלץ איז שוין געענדיקט! מיר וועלן שוין קיינמאָל נישט געהערן צו זיך... קיינמאָל נישט! ער וויל נישט.

סוף.